# 10 יאָר
# סאָציאַליסטישע אַרבעט

ארויסגעגעבן פון דעם
אידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד

## לכבוד זיין צען יאָריגן יובילעאום

**1931 — — 1921**


פאַרלאַג „וועקער"
175 EAST BROADWAY, NEW YORK




# אינהאַלט:

# אַ קורצע הקדמה

דאָס סאָציאַליסטישע זאַמלבוך, וואָס מיר דערלאַנגען די לעזער צו אונזער יובילעאום — איז אַ שטיקל סך־הכל צו דער טעטיגקייט פון אונזערע ערשטע צען יאָר. אַ יובילעאום איז ניט בלויז אַ יום־טוב, ס׳איז אויך אַ חשבון הנפש. מיר ווילן זען, וואו מיר האַלטן אין דער וועלט, אונזער כוח און אונזער שוואַכקייט, וואָס מיר האָבן אָפּגעטאָן און וואָס מיר קאָנען און מוזן טאָן ווייטער. אַ סך־הכל פון אונזערע ערשטע צען יאָר איז באַזונדערס נויטיג צוליב דעם, ווייל דאָס זיינען געווען שווערע, קריטישע יאָרן, יאָרן פון אינערלאַכן און אויסערלאַכן קאַמף, ווען אין געפאַר איז געשטאַנען אפילו די עקזיסטענץ פון אונזער אָרגאַניזאַציע, ווי פון יעדער אָרגאַניזאַציע, וועלכע שטייט פעסט אויפ׳ן באָדן פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע און האָט ניט אָפּגענויגט ניט אויף רעכטס — אין זומפּ פון נאַציאָנאַליזם, ניט אויף לינקס — אין קאָמוניסטישן זומפּ. אין די פאַרגאַנגענע צען יאָר האָבן זיך די אומשטענדן און באַדינגונגען אָפט און גיך געביטן און מ׳האָט נאָכאַנאַנד געדאַרפט זיך אָריענטירן, שטיין אויף דער וואַך, כדי זיך ניט פאַרלירן, כדי זיך ניט אויסגליטשן.

די אונטערשטע שורה פון אַזעלכע צען יאָר איז באַזונדערס אינטערעסאַנט און באַזונדערס וויכטיג. אָבער דאָ איז ניט ווייניגער, און נאָך מער, ווי אַן אַנדער סך־הכל, נויטיג צו געבן אַן איבערבליק ניט בלויז איבער דער דירעקטער אַרבעט פון אונזער אייגענער אָרגאַניזאַציע. עס איז נויטיג אַן איבערבליק איבער דער אַנטוויקלונג פון די אומשטענדן און באַדינגונגען, אין וועלכע מיר האָבן אונזער אַרבעט געטאָן, אויך אַן איבערבליק איבער די אָרגאַניזאַציעס, וועלכע זיינען געשטאַנען און שטייען נאָענט צו אונז, האָבן געאַרבעט מיט אונז האַנט אין האַנט, און מיר האָבן געהאַט איינע אויף די אַנדערע אַ געגנזייטיגן איינפלוס.

צוזאַמען מיט אַרטיקלען איבער אַלע זייטן פון אונזער אייגענער דירעקטער אַרבעט האָבן מיר דאָ דעריבער אויך געגעבן אַרטיקלען איבער דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, צו וועלכער מיר געהערן, איבער דעם סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל, אַן וועלכן מיר זיינען אַנגעשלאָסן, איבער דעם אַרבעטער רינג, מיט וועלכן מיר אַרבעטן אין ענגסטן קאָנטאַקט, איבער דער אידישער סאָציאַליסטישער קולטור אַרבעט, וואָס דער אַרבייטער רינג און דער פאַרבאַנד האָבן געטאָן און טוען. מיר האָבן אויך געגעבן איבערזיכטן איבער דער פּאָליטישער און עקאָנאָמישער לאַגע אין די פאַראייניגטע שטאַטן, אין פאַרשידענע לענדער, איבער דער רעכטלאָזיגקייט פון אידן אין פּוילן, — אַלץ זאַכן, וואָס האָבן געהאַט אַ גרעסערן אָדער קלענערן

איינפלוס אויף אונזער אייגענער ארבעט. מיר האָבן אויך געגעבן אָפּשאַצונגען פון דעם קאָמוניזם אין סאָוועט־רוסלאַנד און אין אַמעריקע — וואָרום אָן אַ געניטן באַגריף פון אונזער אינערלאַכן שונא אין דער ארבעטער־באַוועגונג איז אוממעגלאַך צו פארשטיין אונזער אייגענע טעטיגקייט אין קאַמף.

אין אונזער זאַמלבוך גייען אריין גרעסערע און קלענערע ארטיקלען. אָבער מיר גלויבן, אַז זיי אַלע זיינען אינטערעסאַנט און ווערטפול. די נעמען פון די שרייבער ריידן פאַר זיך אַליין. די שרייבער, וועלכע מיר האָבן געפונען פאַר נויטיג איינצולאַדן אין אונזער זאַמלבוך, האָבן מיר געגעבן פולע פרייהייט אַרויסצוזאָגן זייערע מיינונגען. דאָס הייסט ניט, אַז מיר זיינען מסכים מיט אַלץ, וואָס זיי זאָגן און ווי זיי זאָגן, נאָר דאָס זיינען אַלץ מענשן מיט געזונטע פּלייצעס און זיי קאָנען אַליין טראָגן פאַראַנטוואָרטלאַכקייט פאַר זייערע מיינונגען.

אויסער די אינהאַלטסרייכע איבערזיכטן און אַרטיקלען וועלן אונזערע לעזער געפינען אין דעם זאַמלבוך אַ שטאַרקע פּאָעמע פון א. ליעסין און אַ גייסטרייכן פעליעטאָן פון דוד איינהאָרן.

דערמיט גיבן מיר איבער דעם זאַמלבוך „צען יאָר סאָציאַליסטישע ארבעט" אין אייערע הענט. לייענט און משפּט.

די רעדאַקציע.

א. ליעסין:

# מיין ליד

אין שלאָפלאָזע נעכט פלעגט זי קומען
צו מיר אין איר ליבן גינאָד.
פון וואַנען זי האָט זיך גענומען —
דאָס איז שוין פאַרבליבן איר סוד.
זי פלעגט אין פאַרטאָגן אין שטילע
מיט ציטער מיט צאַרטן אַריין —
אַ פליסטער פון עפּעס אַ תפילה,
אַ שימער פון עפּעס אַ שיין.
און אויפלויכטן פלעגן מיר אויגן
מיט ווייכן, פאַרטרווילאַכן ליכט;
אַ האַנט אויף מיין קאָפּ פלעגט זיך לייגן
און קילן דעם פלאַם פון געזיכט.
פלעגט ווייס אַזוי ווערן אין צימער
און גרינג פון איר וואונדער־באַריר,
ווען ווייס פלעגן געבן אַ שימער
צוויי פליגלען פון הינטן ביי איר.
און פול מיט מעלאָדישקייט גוטער,
פלעגט האַרציג זיך הערן איר קול,
אַזוי ווי דער קול פון מיין מוטער
ביים טייטש־חומש שבת אַמאָל:

„איך קום ניט צו דיר פון גאָטס־וואָרט אַ באַשטראַלטע,
אַזוי ווי מיין שוועסטער פלעגט קומען אַמאָל —
פאַרהייליגט פון צייטן פון גרויסע, פון אַלטע,
מיט בליצן און דונערן־אָפּקלאַנג אין קול.

„איך קום ניט, ווי זי, פון אַ זוניגער הויכקייט,
אין הימל אין בלויסטן זיך שפּיגלענדיג ריין;
איך האָב ניט פון היגלען פון גרינע די ווייכקייט,
פון פעלזן־בערג שטאָלצע — דעם ווילסט־ווילדן חן.

„איך קום צו דיר, קינד מיין, פון גלות׳ן שטומע,
פון געטאָס פאַרפאַקטע, פאַרהאַקטע אין קלעם;
איך האָב נאָר די חנ׳ען פון תחינות פון פרומע,
איך האָב נאָר די שיינקייט פון קדוש השם.

„און טראָג איך אין זיך ניט די בליצן, וואָס בלענדן,
דעם פלאַמיגן זון־וואָרט, וואָס וואונדער באַווייזט,
טאָ האָב איך דעם שימער פון שטערן־לעגענדן,
די ליבע לבנה־באַלויכטונג פון גייסט.

„פון וואָרמס, פון מיינץ און פון שפייער,
דורך פּראָג און לובלין, ביז אָדעס,
האָט אַלץ זיך געצויגן איין פייער,
האָט אַלץ זיך געצויגן איין נס.
האָט שטענדיג דער בלוט־פיינד געהויערט,
געלויערטפיל־אויגיג דער טויט —
אָט דאָרט האָב איך, וויסט און פאַרטרויערט,
די עלטערן דיינע באַגלייט.
איך בין מיט זיי הונדערטער יאָרן
געגאַנגען דורך יעדער געפאַר,
און איינגעזאַפּט האָב איך דעם צאָרן,
און אַיינגעזאַפּט האָב איך דעם צער.
און אויסגעשמידט האָב איך דורך דורות
דעם וואונדער פון ווילן און ווי,
צו לעבן פאַר הייליגע תורות
און שטאַרבן מיט פעסטקייט פאַר זיי.
און אויב נאָר די קדושה די ריינע
שיינט אָפּ פון ענויים און פּיין,
טאָ בין איך דיר, קינד מיין, די איינע,
טאָ בין איך די הייליגסטע דיין.

„און האָט ניט גאָטס־כבוד געטאָן פאַר מיר וועהען,
קיין זעאונג פון נביא אין מיר ניט געגליט, —
דערפאַר איז מיר פרעמד אויך די זינד־גלוט פון כהן,
וואָס האָט זיך אין שאַנד פאַר'ן בעל געקניט.

„און אויב מיר איז פרעמד די אַנטציקונג פון זיגער,
וואָס האָט די געשיכטע מיט שטראַלן געוועבט,
טאָ פרעמד איז מיר אויך די אכזריות פון קריגער,
וואָס האָט אויף פאַרבלוטיגטע שווערדן געלעבט.

„איך האָב ניט געהאַט די טיטאַנען, וואָס גלאַנצן,
ווי איינזאַמע שניי־בערג, אין הימל אַריין;
געווען איז שוין אָבער די אומה אין גאַנצן
געלייטערט אין אומגליק, געהייליגט אין פּיין.

„און אויפגעמען פלעג איך די בלומן און טרערן,
און אויפנעמען פלעג איך דעם ווייטאָג־געשריי,
און הייליגער ווערן, וואָס מער איך פלעג הערן
פון שטאַרבנדע קדושים דעם לעצטן אוי־וויי.

„איך האָב שוין צום קינד אין די וויגן
פון תורה געזונגען אַ ליד;
דערנאָך האָט געקלונגען דער נגון
אַ לעבן־לאַנג אים אין געמיט.
איך פלעג זיך אין הערצער צעשטראַלן
ביים אַלשיך פון זאָגער אין שול;
ביים מגיד אין וואָרט פלעג איך שאַלן
מיט גבורה מיט זאַפטיגער פול.
איך האָב מיט געבעטן מיט הייסע
די אידישע מוטערס באַגלייט;
מאַרטירערינס שטילע און גרויסע
אין הייליגקייט האָב איך געגרייט.
איך האָב מיט דער צאינה וראינה
דורך פינסטערסטן נויט זיי געפירט,
און ליבלאך די העלדן־טאַטע יענע,
וואָס הייסט ביי זיי לעבן, געציירט.
און איינגעהיט איז פאַר דער אומה
געבליבן אַן אוצר אין מיר:
די פאָלקס־זעל — אַ פרישע, אַ פרומע,
אַן אוצר אָן ערך און שיעור.

„און ווייטער, מיין קינד, צי די לערע פון דורות,
אַפילו ווען אויך אין פאַרענדערטן שיין —
צו לעבן און שטאַרבן פאַר הייליגע תורות,
אַ האַרטנעקיג פאָלק פון מאַרטירער צו זיין.

„און זוכסטו מיט שיינקייט די געטאָס באַהעלן,
טאָ וויים, אַז קיין שיינקייט איז ניט אַזוי שיין,
ווי אָפטמאָל די שיינקייט פון מענשלאַכע זעלן,
ווי שטענדיג די שיינקייט פון פאָלקס־זעל אַליין.

„און זוך זי אין מיר, אָט די שיינקייט די שטילע,
און שרעק זיך ניט טאָמער־ווען ווער איך פאַרגיין:
וועט אייביג דען לעבן די אומה אַפילו?
וועט אייביג דען לעבן דאָס לעבן אַליין?

„און כל זמן איך בין דיר, מיין קינד, אַזוי טייער,
און כל זמן מיר זיינען צוזאַמען נאָך דאָ,
און כל זמן עס ברענט אין דיין בלוט נאָך דאָס פייער,
ניט לאָז זי פאַרביי, די באַגייסטערטע שעה."

זי פלעגט אַזוי ריידן. און ווערן
פלעגט אַלץ פון אַ ליבשאפט באַהעלט;
איך פלעג אין דעם רוף אירן הערן
דעם רופענדן צער פון דער וועלט.
פלעגט דאַן אין באַגינען אין שטילן
געהויבענעם עפּעס געשען,
און דורכגעלויכט פלעג איך זיך פילן
און וואונדער פאַרהוילענע זען.
און לויטער, אין דורכלויכט אין ווייסן,
פלעגט אויפגיין פאַר איר מיין געזאַנג;
דאָס צייטיגע וואָרט פלעגט זיך רייסן
און פאַלן, אַ קלאַנג נאָך אַ קלאַנג.
און אויסברעכן פלעגן מיר טרערן
פון ליבענדער, שאַפנדער פרייד,
און ווייענדיג פלעג איך איר שווערן
אַ רינג צו פאַרבלייבן אין קייט —
צו ציען אַלץ ווייטער דורך דורות
דעם וואונדער פון ווילן און וויי,
צו לעבן פאַר הייליגע תורות
און שטאַרבן מיט פעסטקייט פאַר זיי.

ג. כאַנין:

# די גרינדונג פון אידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד

די יאָרן 1919, 1920 און 1921 זיינען געווען זייער שווערע פאַר דער סאָ־ציאַליסטישער פאַרטיי פון אמעריקע. די רוסישע און דייטשישע רעוואָלוציעס האָבן אריינגעבראכט אַ רעוואָלוציאָנערע שטימונג צווישן דער גרויסער מיטגלידער־שאַפט פון דער פאַרטיי. די פּאָליטישע און סאָציאַלע ענדערונגען, וואס זיינען פאָרגעקומען אין איראָפּאַ, זיינען פון מאַנכע פאַרטיי פירער, און מיט זיי אויך אַ גרויסע צאָל פון דער מיטגלידערשאַפט, אויסגעטייטשט אז די וועלט שטייט אויף דעם שוועל פון אַ סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע. דער לינקער פליגל אין דער פאַר־טיי האָט געדענקט, אז אין דער גרויסער וועלט־איבערקערעניש דאַרף די סאָציאַליס־טישע פאַרטיי שפּילן אַ גרויסע ראָלע. דעמאָלט האָט זיך ניט געהאַנדלט וועגן דעם, אז די סאָציאַליסטישע פאַרטיי זאָל ווערן קאָמוניסטיש, נאָר אז זי זאָל זיך אָנשליסן אין דעם דריטן אינטערנאַציאָנאַל אָן וועלכע עס איז באַדינגונגען. ארום דער פראַגע פון רוסלאַנד און דעם דריטן אינטערנאַציאָנאַל האָט זיך דאַן גע־שפּאָלטן די סאָציאַליסטישע פאַרטיי פון אמעריקע.

אין די רייען פון דער סאָציאַליסטישער פאַרטיי זיינען דעמאָלט ניט געווען קיין געגנער פון דעם קאָמוניסטישן סיסטעם אין רוסלאַנד. כמעט אַלע זיינען געווען גרייט אונטערצוואוואַרפן זיך דער גייסטיגער פירערשאַפט פון דריטן אינ־טערנאַציאָנאַל. וואָלט דער דריטער אינטערנאַציאָנאַל דעמאָלט ניט ארויסגעשטעלט די פאָדערונג, אז פון דער פאַרטיי־טעטיגקייט זאָלן באַזייטיגט ווערן די פאַרטיי־פירער מיט מאָרים הילקוויט'ן אין דער שפּיץ, וואָלט די סאָציאַליסטישע פאַרטיי זיך זיכער אָנגעשלאָסן אָן דעם דריטן אינטערנאַציאָנאַל. וואָרים אפילו מאָרים הילקוויט איז געווען פאַר אָנשליסן זיך, אָבער מיט געוויסע „רעזערוויישאָנס".

די פאַרטיי האָט אין יענער צייט פאַרמאָגט איבער הונדערט טויזנט מיטגלידער. זי איז געווען זייער איינפלוסרייך. צו איר וואָרט האָבן זיך צוגעהערט די ארבע־טער מאַסן און די אינטעליגענץ. ביי דער קאָנווענשאָן אין שיקאַגאָ, אין 1919, איז די פאַרטיי געשפּאָלטן געוואָרן. ארום 70 טויזנט מיטגלידער זיינען פון איר אוועק. נאָך דער קאָנווענשאָן איז די פאַרטיי געוואָרן אַלץ שוואַכער און שוואַ־כער. זי איז אין אַ קורצער צייט ארום געשטאַנען אויפ'ן שוועל פון צוזאַמענ־ברעכן. אמת, אז עס האָבן אויך געווירקט אַנדערע אורזאַכן. מיט עטלאַכע יאָר פריער איז פון דער פאַרטיי אוועק אַ גרויסע גרופּע פון דער פירנדער אמעריקאַנער אינטעליגענץ, ווי טש. עדוואַרד ראַסעל, ענגליש וואָלינג, ספּאַרגאָ, סלאָבאָדין, בענ־סאָן און אַנדערע.

די אידישע סאָציאַליסטישע פעדעראַציע, וועלכע איז געווען דער אידיש־שפּרעכענדער טייל פון דער פאַרטיי, איז אויך שטאַרק אפּגעשוואַכט געוואָרן פון

דער שפּאַלטונג אין דער פּאַרטיי. אין 1919, ביי דער באָסטאָנער קאָנווענשאָן, האָט זיך אויך געשפּאָלטן די אידישע סאָציאַליסטישע פעדעראַציע.

אויב אין דער פּאַרטיי האָט אין יענער צייט געהערשט א פּראָ־סאָוועטישע שטימונג, א ווילן אָנצושליסן זיך אָן דעם דריטן אינטערנאַציאָנאַל, איז די שטי־מונג ביי די פירער פון דער אידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע געווען א גאַנץ אַנדערע. י. ב. סאַלוצקי, יודיטש, זאַלצמאַן, זיינען געווען אויסגעשפּראָכענע געגנער פון רוסלאַנד און פון דריטן אינטערנאַציאָנאַל. זייער געגנערשאַפט איז ניט געווען אַזאַ פאַרביסענע ווי די געגנערשאַפט פון מ. אָלגין און פּ. נאָוויק. די לעצטע צוויי האָבן אין זייער געגנערשאַפט צום באָלשעוויזם ניט געהאַט קיין גרע־ניץ. מ. אָלגין האָט אינ'ם קאָמוניזם און אין סאָוועט רוסלאַנד געזען אַל־דאָס־בייז. ער איז געווען גרייט צו גלויבן יעדן דאָקומענט, וואָס די געהיימע רעגירונגס־דעפּאַרט־מענטן און גלאַט אַזוי טונקעלע פּערזענלאַכקייטן האָבן פאַרעפענטלאַכט געגן סאָוועט־רוסלאַנד. פּ. נאָוואַק פלעגט אַלע טעג ברייינגען נייע, שווידערלאַכע זאַכן, וואָס די „סאָוועטישע מערדער„ זיינען באַגאַנגען געגן דעם רוסישען פאָלק.

נאָך דער שפּאַלטונג האָט די פעדעראַציע אָנגעפאַנגען גיין מיט ריזיגע שריט באַרג אַראָפּ. פון א מיטגלידערשאַפט פון 5,000 אין 1917, איז געוואָרן עטלאַכע הונ־דערט אין אָנפאַנג 1921. די פירער פון דער פעדעראַציע האָבן זיך גענומען שטאַרק פאַרטראַכטן וועגן דעם שיקזאַל פון דער פעדעראַציע. נאָך א רייע באַראַטונגען און קאָנפערענצן האָט מען באַשלאָסן, אַז שולדיג אין דעם שרעקלאַכן צושטאַנד פון דער פעדעראַציע, איז די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי פון אַמעריקע און מען האָט באַ־שלאָסן, כדי צו ראַטעווען זיך, אַרויס פון דער פּאַרטיי און פירן א זעלבסטשטענ־דיגע פּאָליטישע טעטיגקייט.

כדי דורכצפירן דעם באַשלוס האָט מען גערופן א קאָנווענשאָן אין סעפּטעמ־בער 1921 און די קאָנווענשאָן האָט געדאַרפט באַשליסן אַרויסצוגיין פון דער סאָציאַ־ליסטישער פּאַרטיי און אויך אויסאַרבעטן א פּלאַן פון א זעלבסטשטענדיגער, אומ־אָפּהענגיגער אידיש־סאָציאַליסטישער באַוועגונג דאָ אין לאַנד, ביז בעסערע צייטן וועלן קומען און עס וועט מעגלאַך ווערן צו בויען אַן אַלגעמיינע סאָציאַליסטישע באַוועגונג דאָ אין לאַנד. איך וויל נאָך אַמאָל באַטאָנען, אַ ז די פ י ר ע ר פ ו ן ד ע ר א י ד י ש ע ר ס אָ צ י אַ ל י ס ט י ש ע ר פ ע ד ע ר אַ צ י ע ז י י נ ע ן ג ע ו ו ע ן ו ו י י ט א י ן י ע נ ע ר צ י י ט פ ו ן ק אָ־מ ו נ י ז ם ו ו י ע ס א י ז ו ו י י ט מ ז ר ח פ ו ן מ ע ר ב.

צו דער פעדעראַציע קאָנווענשאָן זיינען געקומען 81 דעלעגאַטן, ו ו ע ל כ ע ה אָ ב ן פ אַ ר ט ר אָ ט ן 2 9 6 מ י ט ג ל י ד ע ר מ י ט ב ר ע נ־ט ש ע ס א י ב ע ר'ן ג אַ נ צ ן ל אַ נ ד. פון די צאָל מיטגלידער קאָן מען פאַרשטיין, וואָס פאַר א חורבן עס איז געוואָרן פון דער דערפאָלגרייכער אידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע.

ביי דער קאָנווענשאָן זיינען אויך געווען פאַרטראָטן פראַטוירנאַל דעלעגאַטן. פון די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטן דורך מאַקס פּיין, פון „פאָרווערטס״

אסאָסיאיישאָן—אַלעקסאנדער קאהן, פון פוילישן „בונד״—וולאַדימיר מעדעם, און פון אַרבעטער רינג—י. באַסקין.

די דעלעגאַטן צו דער קאָנוועגשאָן זיינען געקומען מיט אָפּגעמאַכטע מיי־נונגען. די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיוו פון דער פעדעראַציע האָט פאַר דער קאָנוועגשאָן באַזוכט אַלע בראַנטשעס, און איבעראַל איז די פראַגע וועגן אָפּרייסן זיך פון דער פאַרטיי שטאַרק דיסקוטירט געוואָרן. ווען די דעלעגאַטן זיינען אין די בראַנטשעס דערוויילט געוואָרן, האָבן זיי שוין אויך געקראָגן דעם מאַנדאַט, ווי אַזוי אין אָט דער פראַגע צו האַנדלען.

דעם ערשטן טאָג פון דער קאָנוועגשאָן האָט מען אינגאַנצן אַוועקגעגעבן פאַר דעם באַריכט פון דער קרעדענשל קאָמיטע. אַבדזשעקשאָנס זיינען געפלויגן פון אַלע זייטן. ווען די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיוו פון דער פעדעראַציע וואָלט אין פאָראויס ניט געמאַנעוורירט צו האָבן אַ מערהייט ביי דער קאָנוועגשאָן, וואָלט זי אפשר קיין מערהייט ניט געהאַט, און ווען זי וואָלט אַ מערהייט יאָ געהאַט, וואָלט דאָס געווען אַ מערהייט פון איינעם אָדער פון צוויי. די קאָנוועגשאָן האָט געגעבן שטימרעכט זעקס דעלעגאַטן פון אַן „איפּסל״ בראַנטש אין פּיטסבורג, וואָס איז ניט געווען אָנ־געשלאָסן אָן דער פעדעראַציע. זי האָט געגעבן שטימרעכט צו אַ פּרויען בראַנטש אין מילוואָקי, וועלכער האָט פּאַקטיש ניט עקזיסטירט, און אַז. וו. מיט די אַלע מאַניעוורעס האָט זיך די קאָנוועגשאָן צוטיילט אויף 48 דעלעגאַטן פאַר ארויסגיין פון דער פאַרטיי און 33 געגן.

דער צווייטער טאָג פון דער קאָנוועגשאָן איז אָפּגעגעבן געוואָרן צו דיסקוטירן די פראַגע: בלייבן אָדער אַרויס פון דער פאַרטיי? צוליב וואָס האָט מען די פראַגע דיסקוטירט, ווען ביידע צדדים האָבן פריער געוואוסט, אַז קיינער וועט אויף זיין צד קיינעם ניט איבערגעווינען? ביידע צדדים האָבן מורא געהאַט פאַר דעם באַשלוס. פאַר די 10—12 יאָר, וואָס די פעדעראַציע האָט געאַרבעט, האָט זיך איר איינגעגעבן צו פאַראייניגן אין ניו יאָרק און איבער׳ן לאַנד אַ סאָציאַליסטישע משפּחה, וועלכע האָט געקראָגן אַ סאָציאַליסטישע דערציאונג אין דער אַלטער היים, אין „בונד״. דאָס איז געווען אַ משפּחה אַ אידעאַליסטישע, אַ משפּחה, וועלכע האָט געלעבט, געטראַכט און געאָטעמט סאָציאַליסטיש. עס האָט זיך צווישן זיי אויסגע־אַרבעט אַ געפיל פון ליבע און דרך־ארץ פון איינעם צום צווייטן. י. ב. סאַלוצקי איז געווען דער הויפּט פירער פון דער פעדעראַציע. ער איז אַ מענש מיט אַ שטאַרקן כאַראַקטער, ער האָט אַלע מאָל געוואָלט ארויפצווינגען זיין מיינונג אויף אַלעמען, און אַזאַ מענשן האָט מען אין אַן אָרגאַניזאַציע ניט ליב. מען דולדעט אים, ייייל מען האָט מורא פאַר אים. אָבער י. ב. סאַלוצקי איז געווען אַן אויסנאַם פון דע י כלל. פאַר אים האָט קיינער קיין מורא ניט געהאַט, אָבער מען האָט פאַר אים געהאַט אַ סך דרך־ארץ און ליבע. די פעדעראַציע מיטגלידערשאַפט האָט אין אים אָפּגעשאַצט זיין אינטעליגענץ, פיאיגקייט און איבערגעבנהייט. די 48 און די 33 האָבן געפילט, אַז אין דעם מאָמענט ווען מען באַשליסט אַרויסגיין פון דער פאַרטיי, וועט די פעדעראַציע משפּחה צושפּאָלטן ווערן אויף צוויי פיינטלאַכע לאַגערן און איצט־נאָענטע, איבערגעגעבענע פריינט און גענאָסן וועלן זיך שפּעטער פאַרוואַנדלען אין ביטערע געגנער און שונאים. דערפאַר האָט מען געצויגן די דיסקוסיע, דערפאַר האָט

מען געטאָן אַלץ, אַז דער שווערער מאָמענט פון פאַנאַנדערשיידן זיך זאָל קומען וואָס שפּעטער.

ווען מען האָט געשטימט די פראַגע, איז איבער'ן זאָל אַ הייליגער ציטער דורכגעגאַנגען. עס איז אָנגענומען, אַז ווען איין צד געווינט ביי אַ קאָנווענשאָן, אַפּלאָדירן שטאַרק די געווינער. דאָ איז אַנדערש געווען. ווען דער טשערמאַן האָט דערקלערט די רעזולטאַטן פון ראָל־קאָל, איז די דערקלערונג אויפגענומען געוואָרן שטיל, אָן אַפּלאָדיסמענטן. די מינדערהייט באַשליסט, אַז איך זאָל אין זייער נאָמען מאַכן אַ דערקלערונג. איך בעט ביים טשערמאַן דאָס וואָרט. אין זאַל הערשט אַ טויטע שטילקייט. איך דערקלער, אַז מיר, די דריי און דרייסיג, פאַרלאָזן די קאָנווענשאָן, אַז מאָרגן וועלן מיר זיך באַגעגענען ווי ביטערע פּאָליטישע געגנער. מיר טוען דאָס מיט פאַרדרוס, מיט ווייטאָג, מיר קאָנען זיך אָבער ניט העלפן, מיר זיינען פ א ר אונזער פּאַרטיי, מיר טוען אונזער פליכט.

די געזעגענונגס ווערטער רופן אַרויס טרערן ביי אַלעמען. מיר האָבן גלייך גענומען אַ צווייטן זאַל אין „פאָרווערטס" בילדינג און מיר האָבן געעפנט די גרינדונגס קאָנווענשאָן פון אידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד. אויפ'ן האַרצן איז ניט געווען פריילאַך. צווישן די 33 דעלעגאַטן זיינען געווען אַ סך וויכטיגע טוער פון גאַנצן לאַנד, עס זיינען אויך געווען עטאַלכע אַזעלכע, וואָס וואָלטן געבליבן מיט דער פעדעראַציע, ווען זיי וואָלטן ניט געווען מאַטעריעל פאַרבונדן מיט דעם „פאָרווערטס". מיט די 48 זיינען אָבער פאַרבליבן די וויכטיגע טוער פון דער פעדעראַציע. צווישן זיי איז געבליבן דער אידיש־סאָציאַליסטישער לעקטשורער, רעדנער און שרייבער. סאָלוצקי, צביון, אָלגין, משה כץ, ראָגאָף. ווער איז מיט אונז פון דער סאָציאַליסטישער אידישער אינטעליגענץ? קיינער ניט. אונזער גרינדונגס קאָנווענשאָן האָט אָנגעהאַלטן אַ טאָג. מיר האָבן דערוויילט אַ נאַציאָנאַלע עקזעקוטיוו, אַרויסגעלאָזן אַ מאַניפעסט צו די אידישע אַרבעטער, אַ פּאָר רעדעס, באַגריסונגען, און מיט דעם האָט זיך געענדיגט אונזער קאָנווענשאָן. צוזאַמען מיט די 33 דעלעגאַטן זיינען אויך פון דער קאָנווענשאָן אַוועק די פּראָטוירנאַל דעלעגאַטן. י. באַסקין פון אַרבעטער רינג, אַלעקסאַנדער קאהן פון „פאָרווערטס" און מאַקס פּיין פון די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטן. זיי זיינען אַלע אַוועק צו אונזער גרינדונגס קאָנווענשאָן. גענאָסע וולאַדימיר מעדעם, דער פּראָטוירנאַל דעלעגאַט פון פּוילישן „בונד", איז פאַרבליבן ביי דער פעדעראַציע'ס קאָנווענשאָן. אָבער ער האָט דערקלערט, אַז ער איז נעגן דעם באַשלוס פון דער מערהייט, נאָר ער בלייבט מיט זיי, וויל ער איז דעלעגירט געוואָרן פון „בונד" און ער וויל אויף זיך אַליין ניט נעמען די פאַראַנטוואָרטלאַכקייט אַוועקצוגיין פון דער קאָנווענשאָן.

## די ערשטע זיצונג פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו פון דעם אידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד.

אויף מאָרגן נאָך דער גרינדונגס קאָנווענשאָן איז צוזאַמענגערופן געוואָרן די ערשטע זיצונג פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו פון אידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד. צו דער זיצונג זיינען אויך געלאַדן געוואָרן אַ פּאָר געסט. איך געדענק ניט גענוי די נעמען פון די איינגעלאַדענע. עס זיינען פאַר דער עקזעקוטיוו געשטאַנען

דריי זייער וויכטיגע פראגן : 1) דער נאָמען פון דער אָרגאַניזאַציע, 2) זאָל מען אַרויסגעבן אַ וועכנטלאַכע צייטונג, 3) צו גרינדן ברענטשעס איבער'ן לאַנד און אין ניו יאָרק, אויך פעסטצושטעלן ווי גרויס איז די מיטגלידערשאַפט וואָס איז מיט אונז פאַרבליבן. די ערשטע פראַגע איז לייכט ערליידיגט געוואָרן. אַזוי ווי די פעדעראַציע איז געבליבן ביי איר נאָמען „אידישע סאָציאַליסטישע פעדעראַציע", האָבן מיר באַשלאָסן זיך צו רופן „דער פאַרבאַנד פון אידישע סאָציאַליסטישע ברענטשעס פון דער סאָציאַליסטישער פאַרטיי", אין קורצן : „דער אידישער סאָציאַליסטישער פאַרבאַנד". אַ סך שווערער איז געווען צו ערליידיגן די פראַגע וועגן אַ וועכנטלאַכער צייטונג. עס איז געווען אַ מיינונג, אַז מיר זאָלן קיין וועכנטלאַכע צייטונג ניט אַרויסגעבן. מיר זאָלן אונזער גאַנצע אויפקלערונגס אַרבעט טאָן דורכ'ן „פאָרווערטס". די אָנהייגער פון אַרויסגעבן אַן אייגענע וועכנטלאַכע צייטונג האָבן מורא געהאַט, אַז מיר האָבן ניט קיין סאָציאַליסטישע שרייבער מיט וועמען אַ צייטונג אַרויסגעבן. די גאַנצע סאָציאַליסטישע שרייבער־אינטעליגענץ איז געבליבן מיט דער פעדעראַציע ; די עטלאַכע סאָציאַליסטישע שרייבער, וועלכע זיינען געבליבן מיט דער פאַרטיי, האָבן אונז אויסגעמידן, ווי זיי וואָלטן נאָך פאַר זיך אַליין ניט באַשטימט מיט וועמען זיי זיינען. נאָך אַ לייגגערער דיסקוסיע איז באַשלאָסן געוואָרן יע אַ וועכנטלאַכע צייטונג אַרויסצוגעבן. דער נאָמען פון דער צייטונג זאָל זיין „דער וועקער". מיר האָבן גלייך באַשטימט צייטווייליג צוויי מענשן, וועלכע זאָלן זיין די „וועקער" רעדאַקטערע, דאָס זיינען די גענאָסן ה. לאַנג און ב. באַטווויניק.

די ערשטע זעקס מאָנאַטן פון אונזער עקזיסטענץ האָט דער „פאַרבאַנד" און דער „וועקער" זיך באַשעפטיגט מיט דעם קאמף געגן דער אָפּגעשפּאָלטענער פעדעראַציע.

אַזוי ווי קיין גרויסע פרינציפּיעלע מיינונגס־פאַרשיידנהייטן זיינען צווישן אונז און זיי ניט געווען, האָט דער גאַנצער קאמף געטראָגן אַ פּערזענלאַכן כאַראַקטער.

די פעדעראַציע האָט נאָך אין יענער צייט ניט געטראַכט וועגן פאַראייניגן זיך מיט דער קאָמוניסטישער פאַרטיי. פ. נאָוואַק און אָלגין האָבן זיך געהאַלטן אין איין שווערן, אַז זיי זיינען ניט געוואָרן און וועלן ניט ווערן קיין קאָמוניסטן. די פעדעראַציע האָט געגעבן אַ פרייען אויסדרוק צו זייער געגנערשאַפט צום „פאָרווערטס", צו די פירער פון די אידישע יוניאָנס און צו דער סאָציאַליסטישער פאַרטיי. דער פאַרבאַנד האָט אַלע דריי אויבנדערמאָנטע באַוועגונגען פאַרטיידיגט. יעצט מעג מען זיין אָביעקטיוו, ווייל דאָס וואָס האָט פאַסירט, איז שוין געשיכטע. אונזער קאמף מיט דער פעדעראַציע, סיי ביי פאַרזאַמלונגען, סיי דורכ'ן „וועקער", איז ניט געווען קיין ציוויליזירטער. אמת, אַז אויך זיי, אין זייער „נייער וועלט", זיינען ניט אַלע מאָל געווען איבערקלייבעריש אין די מיטלען, ווי אַזוי אונז צו באַקעמפן, אָבער מיר האָבן זיי איבערגעשטיגן. דאָס האָט דערנידערט אונזער נאָמען. מיר זיינען טיילווייז פאַר'מיוס'ט געוואָרן אפילו אין די אויגן פון אונזערע נאָענטע פריינט. שוין מער ווי ניין יאָר זיינען אַריבער פון יענער צייט, און אַ סך קענען נאָך אונז יעצט ניט מחול זיין פאַר די ערשטע זינד.

ווען די עקזעקוטיווע האָט גענומען ציילן די מיטגלידערשאפט, וואס איז געבליבן מיט אונז, איז ניט געווען וואָס צו ציילן. די גאַנצע פעדעראַציע האָט פארמאָגט, ווען די קאָנווענשאָן איז אָפּגעהאלטן געווארן, 296 מיטגלידער.

זאָל זיין, אז מיט אונז איז אפילו אוועק א העלפט פון דער מיטגלידערשאפט, האָבן מיר געהאט 148 מיטגלידער.

## אָרגאַניזאציאָנס קאַמפּיין.

די נאַציאָנאלע עקזעקוטיוו פון אידישן סאָציאליסטישן פארבאנד האָט באַשלאָסן ביי איר ערשטער זיצונג, אז עמיצער מוז באזוכן דאָס לאנד און אָפּהאלטן פארזאמלונגען און אויך טאָן אָרגאַניזאציאָנס ארבעט. אָבער עס איז ניט געווען וועמען צו שיקן. קיינער פון די מיטגלידער האָט ניט געקאָנט פארלאָזן ניו־יארק אויף אַ לענגערער צייט. פון צייט צו צייט פלעגן זיך די גענאָסן י. וויינ־בערג, ב. באָטוויניק און ה. לאנג צופאָרן אין א שטאָט פאר אַ פארזאמלונג, אָבער מער ווי א טאָג אדער צוויי האָבן זיי אין דער שטאָט ניט געקאָנט זיין און מיט דער פארזאמלונג האָט זיך די גאנצע ארבעט פארענדיגט.

די אָפּיס קאָמיטע האָט דאָן באשלאָסן איך זאָל אוועקפאָרן אויף אַ פּאָר וואָכן אין ניו ענגלאנד צו אָרגאניזירן ברענטשעס אין אלע שטעט, וואו עס איז נאָר מעגלאָך אזוינע צו אָרגאניזירן. ווען איך בין געקומען אין ניו ענג־לאנד, האָב איך אין יעדער שטאָט באגעגנט א חורבן. אלץ וואס איז געווען, איז פארניכטעט געווארן. די גרעסטע צאָל מענשן, וואָס איז אמאָל געווען אק־טיוו אין דער פעדעראציע, איז פון דער אַרבעט אוועק, און ווילן איצט צו דער ארבעט צוריק ניט קומען. מיר איז אויסגעקומען אין יעדער איינציגער שטאָט פון ניו ענגלאנד צו פארברענגען א לענגערע צייט, מאנכע שטעט צו באזוכן צוויי מאָל און מיר האָט זיך איינגעגעבן, מיט דער הילף פון א רייע איינצלנע גענאָסן, איינצושטעלן די ארבעט אין ברידזשפּאָרט, ניו הייווען, ספּרינגפיעלד, פּראָווידענס, וואוסטער, באָסטאָן, בראָקטאָן.

אין יעדער שטאָט, אין וועלכער איך בין געקומען האָב איך באגעגנט פאר־טרעטער פון דער אָפּגעשפּאָלטענער אידיש־סאָציאליסטישער פעדעראציע, אומע־טום עפּענטלאכע צוזאמענשטויסן איבער דיזעלבע פראגן, וועלכע זיינען דיסקו־טירט געווארן ביי דער שפּאַלטונגס־קאָנווענשאָן פון דער פעדעראציע. אָבער איצט האָבן זיך ארום די פראגן געשאפן מער גאַל, מער ביטערקייט. מען האָט זיך שוין באגעגנט אויפ'ן שלאכטפעלד ווי שונאים, ווי ביטערע געגנער, און אין אַ גאנץ קורצער צייט איז פארשוואונדן געווארן די אמאָליגע פריינדשאפט, די אמאָליגע משפחה'דיגקייט. ווען איך בין געקומען צוריק אין ניו יארק, און האָב באריכטעט די רעזולטאטן פון מיין באזוך אין ניו ענגלאנד, איז די נאַ־ציאָנאלע עקזעקוטיווע געווען פון די רעזולטאטן זייער און זייער צופרידן.

מיין באזוך אין ניו ענגלאנד האָט נאָך מער ארויסגעבראכט די נויטיגקייט פון באזוכן דאָס לאנד. אָבער וועמען צו שיקן איבער'ן לאנד איז נאָך אלץ ניט געווען.

## געגאָסע אב. קאַהאַן באַזוכט א גאַנצע רייע שטעט.

ווען די שפּאַלטונגס קאָנווענשאָן איז פאָרגעקומען איז געגאָסע קאַהאַן, דער רעדאַקטאָר פון „פאָרווערטס", געווען אויף א רייזע אין איירא‍ָפּע. ער איז גע־קומען צוריק קיין אמעריקע מיט אונגעפער א וואָך נאָכדעם, ווען די שפּאַלטונג איז פאָרגעקומען. ווען מען האָט אים איבערגעגעבן דעם באַשלוס פון „פאָר־ווערטס" אַסאָסיאיישאָן, אז די מיטאַרבעטער פון „פאָרווערטס", וועלכע זיינען געגאַנגען מיט דער פעדעראַציע און זיינען אַרויס פון דער פּאַרטיי, וועלן ווייטער ניט קאָנען אַרבעטן אין „פאָרווערטס", איז ער מיט דעם באַשלוס מסכים געווען און האָט אונז אַלעמען פאַרזיכערט, אז ער וועט טאָן אַלצדניג אין זיין מעג־לאַכקייט אונז צו העלפן אויפבויען צוריק א שטאַרקע אידישע אָפּטיילונג פון דער סאָציאַליסטישע פּאַרטיי.

אָבער צוליב דעם וואָס געגאָסע קאַהאַן איז א לענגערע צייט ניט געווען אין אמעריקע, און אויך צוליב דעם וואָס פון „פאָרווערטס" זיינען אַוועקגעגאַנגען זיבן שרייבער, און זייערע פּלעצער האָבן געדאַרפט אין רעדאַקציע אויסגעפילט ווערן פון אַנדערע, האָט געגאָסע קאַהאַן אין אָנפאַנג ניט געקאָנט אָפּגעבן קיין סך צייט פאַר עפנטלאַכע אַרויסטרעטונגען. אַזוי שנעל אָבער ווי אין „פאָרווערטס" רעדאַקציע האָט זיך די אַרבעט איינגעשטעלט, האָט געגאָסע קאַהאַן פאַר אונז באַזוכט די פאָלגנדע שטעט: פילאַדעלפיע, פּאַסייק, ניו הייוון, ספּרינגפעלד, וואוסטער, באָסטאָן, פּיטסבורג, קליוולאַנד, דעטרויט, שיקאַגאָ און א גאַנצע רייע קלענערע שטעט. געגאָסע אב. קאַהאַנ'ס פאַרזאַמלונגען זיינען איבעראַל געווען אן ערפאָלג, האָבן אַרויסגערופן גרויס אינטערעס אין די אידישע ראַדיקאַלע און אַרבעטער קרייזן.

דער באַזוך פון געגאָסע קאַהאַן אין די שטעט האָט פיל אויפגעטאָן פאַר דער אָרגאַניזירונג פון ברענטשעס פון פאַרבאַנד אין די שטעט וואו קיין ברענטשעס זיינען נאָך ניט געווען און פאַרשטאַרקן די ברענטשעס אין יענע שטעט, וואו ברענטשעס האָבן עקזיסטירט.

## געגאָסע בן ציון מיימאָן.

אין זעלבן ווינטער, אין דעם מאָנאַט מאַרטש, האָבן מיר אַראַנזשירט א טור מיט געגאָסע בן ציון מיימאָן, דעם וואַשינגטאָנער קאָרעספּאָנדענט פון „פאָרווערטס", וועלכער האָט באַזוכט אמעריקע פון אַטלאַנטיק ביז פּאַסיפיק. ער האָט באַזוכט עטלאַכע און דרייסיג שטעט. זיינע הויפּט טעמעס זיינען געווען וועגן דער אמערי־קאַנער פּאָליטיק און וועגן דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, און אַזוי ווי ער איז ניט לאַנג צוריק געקומען פון איירא‍ָפּע, האָט ער אויך גערעדט וועגן זיינע איינדרוקן איבער איירא‍ָפּע. זיינע לעקציעס זיינען איבעראַל געווען א גרויסער ערפאָלג. ער האָט דעם פאַרבאַנד פּאָפּולער געמאַכט אין די שטעט, וועלכע ער האָט באַזוכט. זיינע אַרויסטרעטונגען האָבן אונז געגעבן פּרעסטיזש און עס איז אָן צווייפל, אז זיין באַזוך איז געווען א וויכטיגער ציגל אין דעם צוקונפטיגן בנין פון דעם אידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד.

## אַ טור פון גענאָסע א. גאַלאַצקי.

ווינטען 1922—23 האָט די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיוו פון אידישן סאָציאַליס־טישן פאַרבאַנד אַראַנזשירט אַ טור מיט גענאָסע גאַלאַצקי איבער אַלע שטעט פון די פאַראייניגטע שטאַטן און קאַנאַדע, וואו עס האָט זיך נאָר געפונען אַ ברענטש פון אידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד אָדער אַ ברענטש פון אַרבעטער רינג. גענאָסע גאַלאַצקי איז געווען אויסער ניו יאָרק איבער פיר מאָנאַטן. ער האָט ניט נאָר גע־לייענט לעקציעס, גערעדט אויף גרויסע פאַרזאַמלונגען, ער האָט זיך אויך אַזועק־געשטעלט פאַר זיין אויפגאַבע אין יעדער שטאָט וואו עס איז נאָר מעגלאַך צו אָרגאַ־ניזירן אַ ברענטש אָדער אַ גרופּע פון דעם אידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד. האָבן פון אַ גאַנצער רייע שטעט איבער'ן לאַנד באַקומען בריף פון דאַנקבאַרקייט פאַר גענאָסע גאַלאַצקי'ס באַזוכן.

גענאָסע גאַלאַצקי האָט געהאַט דריי זייער וויכטיגע פונקציעס: ער איז געווען אָרגאַנייזער, לעקטאָר און מאַסן־רעדנער. ער האָט באַזוכט איבער זעכציג שטעט פון די פאַראייניגטע שטאַטן און קאַנאַדע און נאָך זיין באַזוך האָבן מיר געפילט, אַז די פאַרבינדונגען פון ניו יאָרק מיט'ן לאַנד זיינען פעסטע, אַז אונזער אָרגאַ־ניזאַציע האָט געקראָגן בלוט און פלייש, אַז אונזער מיטגלידערשאַפט איז דריי מאָל אַזוי די גרויס ווי זי איז געווען דאַן ווען די פעדעראַציע איז געשפּאָלטן געוואָרן.

## דער ערשטער טור פון גענאָסע ר. אַבראַמאָוויטש.

איך האָב אין אָנפאַנג פון מיין אַרטיקל געזאָגט, אַז די שפּאַלטונג אין דער אידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע איז ניט פאָרגעקומען איבער דער פראַגע פון רוסלאַנד און דריטן אינטערנאַציאָנאַל. אין יענער צייט איז אין די רייען פון דער פעדעראַציע קיין מיינונגס פאַרשידנהייטן איבער די דאָזיגע פראַגן ניט געווען. אַ גאַנצע רייע פון די פירנדע פערזאָנען אין דער שפּאַלטונג זיינען געווען שטאַרקע נעגענער פון דעם קאָמוניסטישן עקספּערימענט אין רוסלאַנד, אַזוי גוט ווי פון דער קאָמוניסטישער באַוועגונג אויסער רוסלאַנד, און ספּעציעל אין אַמעריקע. אָבער אין אַ קורצער צייט אַרום נאָך דער שפּאַלטונג האָט די פעדעראַציע גענומען קאָקעטירן צו דער אונטערערדישער קאָמוניסטישער באַוועגונג אין אַמעריקע און מען האָט אָנגעהויבן פירן פאַרהאַנדלונגען וועגן גרינדן אַ לעגאַלע קאָמוניסטישע פּאַרטיי מיט'ן נאָמען „וואָירקערס פּאַרטיי". אין דער פאַראייניגטער פּאַרטיי האָט, נאַטירלאַך, סאָוועט־רוסלאַנד און דער דריטער אינטערנאַציאָנאַל פאַרנומען אַן אָנגעזעענעם פּלאַץ. איבעראַל וואו עס זיינען נאָר געקומען אונזערע רעדנער, זיינען זיי געווען געצוואונגען צו באַרירן די פראַגע וועגן רוסלאַנד און די פראַגע וועגן קאָמוניזם.

אונזער וועכנטלאַכער אָרגאַן „דער וועקער" האָט געמוזט איצט אָפּגעבן אַ סך פּלאַץ פאַר רוסלאַנד און פאַר דער קאָמוניסטישער באַוועגונג אין אַמעריקע און פון דער גאַנצער וועלט. די קאָמוניסטן, פאַראייניגט מיט דער פעדעראַציע אַרום זייער טעגלאַכער צייטונג „פרייהייט", האָבן אָנגעפאַנגען צו פירן אַ קאַמף אין די יוניאָנס, אין דעם אַרבעטער רינג, און רוסלאַנד איז געוואָרן די הויפּט אישו. אונזער שטעלונג צו רוסלאַנד איז געווען די זעלבע ווי די שטעלונג פון סאָציאַליסטישן אַרבעטער אינטערנאַציאָנאַל, און ספּעציעל די שטעלונג, וועלכע עס האָט פאַרטראָטן דער אויס־

לענדישער קאָמיטעט פון דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אונטער דער פירער־שאַפט פון די גענאָסן ר. אַבראַמאָוויטש און פ. דאַן.

די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיוו האָט באַשלאָסן אין סעפּטעמבער 1924 ברענגען אהער גענאָסע אַבראַמאָוויטש'ן, וועלכער זאָל מאַכן אַ טור איבער'ן לאַנד. גענאָסע אַבראַמאָוויטש איז געווען זייער גוט באַקאַנט צום אידישן אַרבעטער עולם דורך די אַרטיקלען, וועלכע ער האָט געשריבן אין „פאָרווערטס" וועגן סאָוועט־רוסלאַנד. מיר האָבן געפילט, אַז זיינע לעקציעס און פאַרזאַמלונגען וועלן פאַר אונז אויפקלערן זייער אַ סך זאַכן וועגן דעם קאָמוניזם אין רוסלאַנד און וועגן דער קאָמוניסטישער באַוועגונג אין אייראָפּע. גענאָסע אַבראַמאָוויטש האָט אונזער פאָרשלאַג אָנגענומען און ער איז געקומען פאַר אַ באַזוך אין אַמעריקע. אַזוי שנעל ווי די קאָמוניסטן האָבן זיך דערוואוסט וועגן אַבראַמאָוויטשעס קומען אין אַמעריקע, האָבן זיי אָרגאַ־ניזירט אַלע זייערע כוחות אַבראַמאָוויטש'ן ניט לאָזן עפנטלאַך אַרויסטרעטן. דער צענטראַלער קאָמיטעט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי האָט אַרויסגעשיקט אַ ספּע־ציעלן צירקולאַר צו אַלע זיינע אָפּטיילונגען איבער'ן לאַנד, אַז די קאָמוניסטן זאָלן אָנפאַלן די אַבראַמאָוויטש־מיטינגען, מאַכן ביי זיי סקאַנדאַלן און ניט לאָזן אים רעדן. אַבראַמאָוויטש האָט זיין ערשטן אַרויסטריט געהאַט אין ניו סטאַר קאַסינאָ, צו וועלכן עס זיינען געקומען איבער 3000 מענשן. עס זיינען אויך ביי דעם מיטינג געווען שטאַרק פאַרטראָטן די קאָמוניסטן. און אַזוי שנעל ווי אַבראַמאָוויטש איז פאָר־געשטעלט געוואָרן, האָט זיך אָנגעפאַנגען די קאָמוניסטישע אַבסטרוקציע. דער אידישער סאָציאַליסטישער פאַרבאַנד, אונטער וועמעס אויפזיכט די פאַרזאַמלונגען פאַר אַבראַמאָוויטשן זיינען אָרגאַניזירט געוואָרן, האָט זיך צום סטאַר קאַסינאָ מיטינג זייער שטאַרק צוגעגרייט. מיר האָבן מאָביליזירט אַלע מיטגלידער פון אידישן סאָציאַ־ליסטישן פאַרבאַנד, אַלע אונזערע פריינט פון די יוניאָנס און פון די ברענטשעס פון אַרבעטער רינג און מיר האָבן די קאָמוניסטן ביי דער פאַרזאַמלונג געגעבן אַזאַ ווידערשטאַנד, אַז מיר האָבן זיי איינציגווייז פון זאַל אַרויסגעפירט און דערנאָך די פאַרזאַמלונג אין פולער אָרדנונג דורכגעפירט. די קאָמוניסטן האָבן באַדאַרפט גלייך ביי דער ערשטער פאַרזאַמלונג מיט גענאָסע אַבראַמאָוויטש לערנען, אַז גענאָסע אַבראַ־מאָוויטש וועט זיינע פאַרזאַמלונגען פאָרטזעצן, און אַז קיין קאָמוניסטישער כוח וועט ניט אימשטאַנד זיין אונזערע פאַרזאַמלונגען שטערן. אָבער ניט קוקנדיג אויף דעם, איז יעדע פאַרזאַמלונג אין יעדער שטאָט פון די קאָמוניסטן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שלאַכט־פעלד. גענאָסע אַבראַמאָוויטש האָט דערהאַלטן אַנאָנימע בריף, ער זאָל בעסער פון אַמעריקע וואָס שנעלער אוועק; ווען ניט, וועט מען אים אָפּ־ראַמען פון וועג. אין לאָס אַנדזשעלעס האָט גענאָסע אַבראַמאָוויטש דערהאַלטן אַ בריף, אַז אויב ער וועט אויפטרעטן אויף דער פאַרזאַמלונג, ריזיקירט ער מיט זיין לעבן.

גענאָסע אַבראַמאָוויטש האָט דאָ אין לאַנד אָפּגעהאַלטן איבער 65 פאַרזאַמלונגען. וואָס שטאַרקער עס איז געווען די שטערונג פון די קאָמוניסטן, אַלץ מער האָט מען זיך אינטערעסירט מיט דעם וואָס גענאָסע אַבראַמאָוויטש האָט צו זאָגן. דער באַזוך פון גענאָסע אַבראַמאָוויטש האָט געווירקט אויף די סאָציאַליסטן, וועלכע האָבן אויך געהאַט גרויס סימפּאַטיע צום קאָמוניסטישן עקספּערימענט אין רוסלאַנד, אַז זיי

זאָלן מער ניכטער אָנהויבן קוקן אויף אַלץ, וואָס עס ווערט אין רוסלאַנד געטאָן און אויף אַלץ וואָס די קאָמוניסטן טוען אין איראָפּע און אַמעריקע מיט דער הילף פון מאָסקווע.

די אויפקלערונגס אַרבעט, וואָס גענאָסע אַבראַמאָוויטש האָט דאָ געטאָן, איז געווען פון גרויס וויכטיגקייט סײַ פאַר די מיטגלידער פון אידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד און סײַ פאַר דער ברייטער אַרבעטערשאַפט. גענאָסע אַבראַמאָוויטש האָט דאָ אויך געשאַפן אַרום 15,000 דאָלער פאַר דעם „סאָציאַליסטישן וועסטניק". נאַטירלאַך, גייט פון דער סומע אַרונטער סײַ פאַר זיינע אויסגאַבן און סײַ דער חלק וואָס דער פאַרבאַנד האָט באַקומען פאַר דעם „וועקער".

אָט וואָס ער שרייבט צו אונז אַלעמען גענאָסע ר. אַבראַמאָוויטש פאַר זיין אָפּ־פאָרן פון אַמעריקע:

„מיינע טייערע פריינט!

אַן אויפגערעגטער געפיל פון טיפער דאַנקבאַרקייט צווינגט מיר צו ווענדן זיך צו אייך מיט אַ לעצטן אָפּשיידס־וואָרט בעפאָר מיין אָפּפאָרן צוריק אין איראָפּע.

די 25,000 אידישע אַרבעטער, אינטעליגענטן, סאָציאַליסטן, אַנאַרכיסטן און סתם ראַדיקאַלע און פּראָגרעסיווע בירגער, וואָס זיינען דורכגעגאַנגען מיינע פאַרזאַמלונגען אין אַמעריקע און קאַנאַדע, האָבן אַרויסגעוויזן אַזוי פיל פאַרשטענדניש פאַר מיין מיסיע, אַזוי פיל סימפּאַטיע און מיטגעפיל מיט דער לאַגע פון די סאָציאַליסטן אין רוסלאַנד, אַזוי פיל צאָרן און אַנטריסטונג געגן די איצטיגע הערשער פון רוסלאַנד, וואָס פאַרשוועכן דורך זייערע ווילדע אַכזריות דעם נאָמען און די ערע פון סאָציאַליזם אין רוסלאַנד און צושטערן די אַרבעטער באַוועגונג אין דער גאַנצער וועלט, אַז מיינע ווערטער זיינען צו שוואַך, כדי אויס־צודריקן מיינע אמת׳ע געפילן.

די מעכטיגע מאָראַלישע אונטערשטיצונג, וועלכע איר האָט דורך דעם אונז דאָ געגעבן, וועט פאַרשטאַרקן דעם מוט פון אונזערע גענאָסן און פון אַלע סאָציאַליסטישע אַרבעטער אין רוסלאַנד. זי וועט ברייגען טרייסט, זי וועט דערקוויקן די האַרץ פון די טויזנטער און טויזנטער סאָציאַליסטן וואָס ווערן געפּייניגט אין די די באָלשעוויסטישע טורמעס אין סאָלאָוואַקי און סוזדאל אין די פינסטערע ווינקלען פון סיביר און טורקעסטאַן.

די געלט־מיטלען, וועלכע איר האָט מיר געגעבן אויף די פאַרזאַמלונגען און באַנקעטן פאַר אונזער טעטיגקייט, וועט געבן אונזער פאַרטיי די מעגלאַכקייט צו פאַרשטאַרקן אונזער סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע און אַגיטאַציע, צו פאַרבעסערן די לאַגע פון אונזערע מאַרטירער.

איר האָט אין פולן מאָס ערפילט אייער פליכט פון סאָלידאַריטעט, גענאָסן!

דער אידישער סאָציאַליסטישער פאַרבאַנד און זיינע ברענטשעס איבער׳ן גאַנצן לאַנד, דער „פאָרווערטס", די סאָציאַליסטישע פאַרטיי פון אַמעריקע, צענדליגע ברענטשעס פון אַרבעטער רינג, כמעט אַלע אידישע יוניאָנס, פאַרשיידענע סאָציאַליסטישע און ראַדיקאַלע ציטונגען און איינצלנע גענאָסן און פריינט — זיי אַלע האָבן מיר דורך ענערגישער אַרבעט געהאָלפן דורכפירן מיין מיסיע. זיי אַלע האָבן מיך אונטערשטיצט אין מיין פאַרטיידיגונגס קאַמף פאַר דאָס פרייע וואָרט געגן די שמוציגע און כוליגאַנישע אָנפאַלן פון די היגע ברעכער פון דער אַרבעטער באַוועגונג.

אָבער דער קאַמף פאַר סאָציאַליזם און דעמאָקראַטיע אין רוסלאַנד איז אַ לאַנגער און אַ שווערער קאַמף. ער פאָדערט פיל קרבנות, פיל געדולד און פיל מוט. אייער אונטער־שטיצונג טאָר ניט אויפהערן אין דעם מאָמענט וואָס איך פאָר אָפּ. איר מוזט פאָרטזעצן אייער אַרבעט.

שטיצט אונז אין אונזער קאַמף, וואָס איז אויך אייער קאַמף. דער זיג פון סאָציאַליזם, פרייהייט און יושר איז זיכער.

מיט דעם וואַרימסטן גרוס און דאַנק אייער ר. אַבראַמאָוויטש.

דיזער בריף איז א לעבעדיגער דאָקומענט, מיט וואָס פאַר א וואַרימע געפילן גענאָסע אבראמאָוויטש איז אָפּגעפאָרן פון אמעריקע פאַר דער אַרבעט, וואָס מיר האָבן דאָ פאַר אים און פאַר זיין פּאַרטיי געטאָן.

די זעלבע געפילן און דאנקבאַרקייט האָבן מיר געהאַט צו אים פאַר דער גרויסער וויכטיגער אַרבעט וואָס ער האָט געטאָן פאַר אונז און פאַר דער גאַנצער סאָציאַליסטישער און אַרבעטער באַוועגונג.

## דער באַזוך פון גענאָסע דוד איינהאָרן.

סוף 1924 איז פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע פון דעם אידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד געבראַכט געוואָרן אַהער אין אַמעריקע דער אידישער פּאָעט און סאָציאַליסטישער זשורנאַליסט דוד איינהאָרן, מיט דער פאַרשטענדניש, אַז ער זאָל באַזוכן דאָס גאַנצע לאַנד און האַלטן לעקציעס אין יעדער איינציגער שטאָט פון אַמעריקע וואו עס זיינען דאָ ברענטשעס פון אידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד און ברענטשעס פון אַרבעטער רינג.

גענאָסע דוד איינהאָרן האָט באַזוכט עטלאַכע און פערציג שטעט פון אַמעריקע און קאַנאַדע און ער האָט געהאַלטן עטלאַכע און זעכציג לעקציעס און אויפטרעטונגען אויף פאַרזאַמלונגען. זיין באַזוך האָט אַרויסגערופן גרויס אינטערעס אומעטום. אין אַ פּאָר שטעט האָבן די קאָמוניסטן פּרובירט טאָן די זעלבע זאַך וואָס זיי האָבן געטאָן צו גענאָסע אבראמאָוויטשעס מיטינגען, ד. ה. זיי אַרונטעררייסן, אָבער דאָס האָט זיך זיי ניט איינגעגעבן.

דער באַזוך פון גענאָסע דוד איינהאָרן אין אַמעריקע איז געווען פאַר דעם אידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד און פאַר זיינע ברענטשעס פון גרויס וויכטיגקייט. די אויפקלערונגס אַרבעט, וואָס גענאָסע דוד איינהאָרן האָט דאָ אין לאַנד געטאָן איבער פאַרשיידענע פראַגן פון דער אידישער און אייראָפּייאישער אַרבעטער און סאָציאַליסטישער באַוועגונג, האָט געבראַכט גרויס נוצן פאַר דער אַרבעט פון דעם אידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד.

## גענאָסע א. ליטוואַק קומט קיין אַמעריקע.

אין ענדע 1925 איז אויף דער איינלאַדונג פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע פון אידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד געקומען אַהער דער אָנגעזעענער אידיש-סאָציאַליסטישער זשורנאַליסט און לעקטאָר א. ליטוואַק. גלייך ווי ער איז געקומען האָט די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיווע פון אידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד פאַר אים אַראַנזשירט אַ לעקטשור טור איבער אַמעריקע און קאַנאַדע. דער טור האָט אָנגעהאַלטן אַ פּיר מאָנאַטן און ווען עס וואָלטן זיך ניט אָנגעפאַנגען די זומער מאָנאַטן, וואָלט דער טור זיכער נאָך פאַרטגעזעצט געוואָרן, ווייל עס זיינען געבליבן אַ סך שטעט וואו מען האָט פאַרלאַנגט, אַז גענאָסע ליטוואַק זאָל קומען, אָבער ער האָט קיין צייט ניט געהאַט.

גענאָסע ליטוואַק האָט באַזוכט אַרום פופציג שטעט, אָפּגעהאַלטן דעם ערשטן ווינטער אַרום 75 לעקציעס און פאַרזאַמלונגען. גענאָסע ליטוואַק איז אין אַמעריקע

פארבליבן, האָט באזוכט נאָך אַ פּאָר מאָל דאָס לאנד אין די אינטערעסן פון אידישן סאָציאַליסטישן פארבאנד און איז אויך איצט אַ וויכטיגער טוער און מיטארבעטער אין אונזער פארטיי.

## גענאָסע העגריק ערליך.

אין 1927 האָבן מיר דערהאַלטן אַ בריף פון צענטראַלן קאָמיטעט פון „בונד" אין פוילן, אין וועלכן זיי האָבן אונז פאָרגעשלאָגן, אַז גענאָסע העגריק ערליך זאָל דעלעגירט ווערן אהער פון צענטראַלן קאָמיטעט צו זאמלען געלט פאר דער „פאָלקס-צייטונג" און אויך דורכפירן אַ לעקציע טור. זיי האָבן אונז פאָרגעשלאָגן אַ געוויסן פּלאַן, וועלכער זאָל געמיינשאפטלאך דורכגעפירט ווערן אין די אינטערעסן סאי פון „בונד" אין פוילן און סאי פון אידישן סאָציאַליסטישן פארבאנד. גענאָסע ערליך האָט אויך באזוכט דאָס לאנד פון אַטלאנטיק ביז פּאסיפיק און אין יעדער שטאָט געהאט אַ פארזאמלונג, געזאמלט געלט ביי ספּעציעלע באנקעטן, וועלכע זיינען אין יעדער שטאָט פאר אים אראנזשירט געוואָרן, און אַזוי איז געזאמלט געוואָרן די סומע פון ארום 15 טויזנט דאָלער.

גענאָסע ערליכ'ס טור אין אַמעריקע איז ניט נאָר געווען אַ פינאנציעלער ערפאָלג, נאָר אויך אַ מאָראַלער. ער האָט איבעראַל איבערגעלאָזן אַ וואונדערבארן איינדרוק. ער האָט מענשן באגייסטערט סאי מיט זיין רעדן און סאי מיט זיין פערזענלאכקייט.

## גענאָסע וויקטאָר אַלטער.

אין 1929 איז פון צענטראַלן קאָמיטעט פון „בונד" דעלעגירט געוואָרן קיין אַמעריקע, מיט דער צושטימונג פון אידישן סאָציאַליסטישן פארבאנד, גענאָסע וויקטאָר אַלטער. גענאָסע אַלטער האָט געהאט אַ באגרענעצטע צייט דאָ אין לאנד צו פארבלייבן. מיר האָבן גענאָסע אַלטער'ס טור ניט געקאָנט אַזוי אויסשפּרייטן ווי די טורס פון די אויבן דערמאָנטע אייראָפּייאישע באזוכער. דאָך האָט גענאָסע אַלטער באזוכט ארום דרייסיג שטעט, איבעראַל געהאַלטן פארזאמלונגען, לעקציעס און אויך געשאפן די סומע פון ארום צען טויזנט דאָלער.

## גענאָסע נח'ס טור.

אין דעצעמבער 1930 איז דעלעגירט געוואָרן אהער פון צענטראַלן קאָמיטעט פון „בונד" גענאָסע נח. צוליב דעם ווייל אין יענער צייט איז געשאפן געוואָרן אַן אַנטי-בונדישע שטימונג אין געוויסע קרייזן, צוליב דעם ווייל דער ציוניזם איז אין אונזערע רייען געוואָרן אַ וויכטיגער שטרייט-פּוּנקט, האָבן מיר געבעטן דעם צענ-טראַלן קאָמיטעט פון „בונד" קיינעם אהער ניט דעלעגירן, ווייל מיר האָבן מורא געהאט, אַז צוליב דעם וואָס עס וועט קומען אַ פארטרעטער פון „בונד", וועלן אין אונזערע קרייזן די באַציאונגען איבער דער פראַגע פון „בונד" נאָך מער פארשטארקט ווערן. אָבער דער „בונד" האָט אונז געענטפערט, אַז זייער פינאנציעלע לאגע איז אַזאַ שווערע, אַז זיי זיינען געצוואונגען אונטער אַלע אומשטענדן קומען אהער און אַפּעלירן צו זייערע פריינט און בונדיסטן פאר שטיצע פאר דער „פאָלקסצייטונג".

נאָך דעם ווי מיר האָבן דערהאַלטן די צווייטע מעלדונג פון „בונד", האָט די

נאַציאָנאַלע עקזעקוטיוו באַשלאָסן, אַז מיר זאָלן זען העלפן גענאָסע נח'ן אין זיין מיסיע און אַז אַלץ זאָל געטאָן ווערן כדי זיין באַזוך זאָל זיין ערפאָלגרייך.

גענאָסע נח איז ניט קיין לעקטשורער און ניט קיין רעדנער, און מיר האָבן מורא געהאַט, אַז מיר וועלן דאַרפן אַוועקגעבן צופיל כוחות אויף צו מאַכן זיין טור דאָ אין לאַנד פאַר אַן ערפאָלג. צו אונזער אַלעמענס איבערראַשונג האָט גענאָס נח אויף זיין שטילן, באַשיידענעם וועג באַזוכט דאָס לאַנד, אַדרעסירט פאַרזאַמלונגען און האָט געזאַמלט דאָ די סומע פון אַרום 18 טויזנט דאָלער.

די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיוו פון אידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד האָט אויף דעם פאַרלאַנג פון ספּעציעלן בונדישן קאָמיטעט מיך טיילווייז באַפרייט פון דער אַרבעט פון פאַרבאַנד און איך, צוזאַמען מיט דעם געהילף פון דעם אָפיס, האָבן די גאַנצע אַרבעט פאַר גענאָסע נח'ן דאָ דורכגעפירט.

מיר האָבן ביז איצט אויסגערעכנט אַלע די, וועלכע זיינען געקומען פון אויסלאַנד פאַר לעקציעס און פאַר זאַמלונגען דאָ אין אַמעריקע אונטער דער אויפזיכט פון אידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד. מיר ווילן דאָ זאָגן, אַז גענאָסע ר. אַבראַמאָוויטש איז אין 1929 דאָ געווען אַ צווייטן מאָל, האָט אויך באַזוכט דאָס גאַנצע לאַנד, די קאָמוניסטן האָבן אים דאָס מאָל קיינע שטערונגען ניט געמאַכט אויסער די פאַר־זאַמלונגען, לעקציעס און דעבאַטן וועלכע ער האָט דאָ דורכגעפירט. צוויי אַזוינע דעבאַטן זיינען פאָרגעקומען איבער דער פראַגע פון ציוניזם מיט דר. שמריה לעווין, איינע אין ניו יאָרק און איינע אין פילאַדעלפיע. די צווייטע דעבאַטע האָט ער געהאַט מיט דר. זשיטלאָווסקי איבער דער פראַגע: „דער אינטערנאַציאָנאַל און סאָוועט־רוסלאַנד".

די סומע געלט, וואָס גענאָסע אַבראַמאָוויטש האָט געשאַפן דעם צווייטן מאָל, איז געווען איבער צוועלף טויזנט דאָלער.

## אַלעקסאַנדער קערענסקי.

ווינטער, 1927, איז געקומען אַהער פאַר אַ באַזוך דער געוועזענער פּריים־מיניסטער פון רוסלאַנד, אַלעקסאַנדער קערענסקי. ער איז געווען דאָ דער גאַסט פון דער היגער גרופּע סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן. די היגע גרופּע האָט זיך געווענדעט מיט אַ פאָרשלאַג צו דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו פון אידישן סאָציאַליסטישן פאַר־באַנד, אַז מיר זאָלן געמיינשאַפטלאַך אַראַנזשירן דעם קבלת פּנים פאַר קערענסקי'ן. מיר האָבן דעם קבלת פּנים אַראַנזשירט אין סענטשורי טעאַטער, וואָס נעמט אַריין איבער דריי טויזנט מענשן, און הונדערטער מענשן האָבן געדאַרפט גיין צוריק, ווייל זיי האָבן ניט געהאַט די מעגליכקייט אַריינצוגיין. די פאַרזאַמלונג איז געווען אַ גראַנדיעזע, אַ פייערלאַכע. מיט דער אויסנאַם פון דעם קליינעם אינצידענט, וואו אַ פאַרטרעטערין פון דער רעאַקציאָנערער רוסישער קאָלאָניע האָט געמאַכט אַ פאַר־זוך צו שטערן דעם מיטינג, איז דערנאָך דער מיטינג דורכגעגאַנגען שיין און באַ־גייסטערט. דער צווייטער מיטינג איז אַראַנזשירט געוואָרן מיט קערענסקי'ן אין מעקאַ טעמפּל.

אין פאַרלויף פון די צען יאָר האָבן מיר געהאַט געסט פון אידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד די וויכטיגסטע אידישע סאָציאַליסטישע שרייבער און רעדנער. מיר קאָנען

איצט מיט גרויס פרייד זאָגן, אַז דער באַזוך פון יעדן איינציגן האָט אַריינגעבראַכט לעבן און באַגייסטערונג אין די רייען פון דער גאַנצער אידישער אַרבעטער באַוועגונג. ווען די געסט האָבן געזעהן פאַר די ברענטשעס פון אַרבעטער רינג, אידישן סאָציאַ־ליסטישן פאַרבאַנד, פאַר יוניאָנס, האָבן די צוהערער אַלע מאָל פאַר זיך געזען די פאַרקערפּערונג פון אידעאַליזם, טרייהייט און אָפּפערוויליגקייט פאַר דער אידייע פון סאָציאַליזם. זיי האָבן פאַר זיך געזען מענשן, וועלכע ווידמען זייער גאַנצן לעבן, זייער ענערגיע, זייער מאַרך צו דער אַרבעטער באַוועגונג, צו אירע נויטן און באַ־דערפנישן, צו איר צער און פרייד, ערפאָלג און נידערלאַגע. און די באַזוכן פון אַלע אויבן־דערמאָנטע מענשן האָבן אונז אין אונזער גרויסער און וויכטיגער אַרבעט אַ סך געהאָלפן.

## אָרגאַניזאַציאָנס טורס.

דער ערשטער אָרגאַניזאַציאָנס טור איז פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו אַראַנ־זשירט געוואָרן מיט גענאָסע סאַנדלערן פון ריוויר, מאַס. דער צווייטער טור — מיט אב. וואַליצקין, און קלענערע טורס זיינען געמאַכט געוואָרן פון די גענאָסן העמלין, ב. לעוויטאַן, רעגנסבערג און אַנדערע. אין די שפּעטערדיגע יאָרן האָט די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיוו פון אידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד אָנגעשטעלט אַלס שטענדיגן נאַציאָנאַלן אָרגאַנייזער, גענאָסע ש. לעוויטאַס.

גענאָסע לעוויטאַס האָט שוין עטלאַכע מאָל באַזוכט דאָס לאַנד פון אַטלאַנטיק ביז פּאַסיפיק. עס איז שווער אויסצורעכענען די צאָל פאַרזאַמלונגען וואָס ער האָט אַדרעסירט, און די צאָל מענשן, מיט וועלכע ער האָט זיך באַגעגנט אין די אינטערעסן פון אידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד. זיין אויפגאַבע איז אויך שטענדיג געווען צו פאַרגרעסערן די צאָל „וועקער"-סובסקרייבער און אויך האַלטן גוטשטייענד די סובסקרייבער וועלכע מיר האָבן.

## די פייערונג פון צען יאָר אידישע אַגיטאַציאָנס ביוראָ.

אין דעם יאָר 1931 איז געוואָרן 25 יאָר זינט עס האָט זיך אָפיציעל געגרינדעט די אידישע אַגיטאַציאָנס ביוראָ. אויסער דעם, וואָס לכבוד דעם 25 יאָריגן יובילייאום האָבן מיר אַרויסגעגעבן אַ ספּעציעלן נומער „וועקער", האָבן מיר אויך אַראַנזשירט פייערונגען אין צוואַנציג שטעט פון אַמעריקע.

דער שרייבער פון דעם דאָזיגן באַריכט איז אַרויסגעשיקט געוואָרן פון דער נאַציאָנאַלע רעקזעקוטיוו די פאַרזאַמלונגען צו אַדרעסירן. מיט דער אויסנאַם פון אַ פּאָר שטעט זיינען אַלע פאַרזאַמלונגען געווען אַן ערפאָלג.

## פאַרזאַמלונגען וועגן רוסלאַנד.

ווען איך האָב מיט דריי יאָר צוריק באַזוכט רוסלאַנד, איז קומענדיג צוריק קיין אַמעריקע, האָט די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיוו פון אידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד באַשלאָסן צו אַראַנזשירן איבער'ן גאַנצן לאַנד פאַרזאַמלונגען, אַז איך זאָל איבער־געבן מיינע איינדרוקן פון סאָוועט־רוסלאַנד. איך האָב דאַמאָלסט באַזוכט צוואַנציג שטעט און צוליב דעם אינטערעס, וואָס די אידישע אַרבעטער האָבן צו רוסלאַנד,

זיינען די פארזאמלונגען איבעראל געווען זייער גוט באזוכט. לויט דעם חשבון זיינען די פארזאמלונגען באזוכט געוואָרן פון איבער צען טויזנט מענשן.

## אונזער פארלאג.

דער פארלאג „וועקער" איז געוואָרן א וויכטיגע אָפּטיילונג פון דעם אידישן סאָציאליסטישן פארבאנד. מיר האָבן אין פארלויף פון צען יאָר ארויסגעגעבן די פאָלגנדע ביכער: לעוו דייטש — „פופציג יאָר רעוואָלוציאָנערע באוועגונג אין רוסלאנד", מאָרי סהילקוויט — „מארקס און לענין", ב. וויינשטיין — „פערציג יאָר אידישע ארבעטער באוועגונג", א. ראָזבורי — „די געשיכטע פון דער ענגלישער ארבעטער באוועגונג", י. אדלער — 2 בענדער לידער, ה. לאנג — „אויף אמעריקאנער וועגן", ד. שוב — „ביאָגראפיע פון לענין", נ. כאנין — „סאָוועט-רוסלאנד", פינף בענדער געשיכטע פון די פאראייניגטע שטאטן פון ה. ראָגאָף, צוויי אלמאנאכן — פאר די יאָרן 1926 און 1927, א באנד אויסערוויילטע שריפטן פון יודזשין וו. דעבס, צוזאמענגעשטעלט פון חיים קאנטאָראָוויטש. א ספּעציעלן אינטערעס האָט ארויסגערופן די דריי בענדער פון ווערא פיגנער'ס מעמוארען, וועלכע זיינען איבערזעצט געוואָרן פון רוסיש פון מ. אשעראָוויטש. די דריי בענדער זיינען געדרוקט געוואָרן אין פינף טויזנט עקזעמפּליארן און זיינען פארקויפט געוואָרן ביז דעם לעצטן עקזעמפּליאר. א גרויסן חלק אין דעם ערפאָלג פון ווערא פיגנער'ס ביכער האָט גענאָסע א. גאלאצקי, וועלכער האָט אין פאראויס פאראינטערעסירט ארום 1500 מענשן, אז זיי זאָלן באצאָלן אין פאָראויס פאר א סעט, און דאָס האָט מעגלאך געמאכט די ערשיינונג פון אזא גרויסער און וויכטיגער פארלאג-אונטערנעמונג.

אונזער פארלאג האָט אויך ארויסגעגעבן קלענערע בראָשורן, דזשיימס אָ'ניעל — „סאָציאליסטישע באוועגונג אין אמעריקע", עדוארד בערנשטיין — „דער עיקר פון מארקסיזם", רעמזי מעקדאָנאלד — „פארוואָס איך בין געוואָרן א סאָציאליסט", ב. פייגענבוים — „א סאָציאליסט טאָר ניט דאווענען ביחידות", ה. ראָגאָף — „דער קאָנגרעס פון די פאראייניגטע שטאטן", ח. קאנטאָראָוויטש — „אויפ'ן וועג צום סאָציאליזם", א. ליטוואק — „פארוואָס יעדער ארבעטער דארף זיין א סאָציאליסט". ל. פאָגלמאן — די ביגראפיע פון פ. אקסעלראָד.

אויסער די ביכער און די בראָשורן, וועלכע מיר האָבן ארויסגעגעבן אין טויזנטער עקזעמפּליארן, האָבן מיר אויך פארשפרייט ביכער פון אנדערע פארלאגן אין די צענדליגער טויזנטער. אונזער פארלאג האָט אויך איבערגענומען די פיר בענדער פון דזשעק לאָנדאָן, יצחק אייזיק הורוויטש — „אמעריקאנער דעמאָקראטיע", פיר בענדער פון דער וויסנשאפטלאכער ביבליאָטעק, 15 בענדער פון י. ג. מאָפּאסאן, צוויי בענדער פון דר. גינזבורג — „אידישע דענקער און פּאָעטן", ב. באָטוויניק — א באנד ערציילונגען, אידיש-העברייאישער ווערטערבוך פון יהואָש און ספיוואק.

## דער אידישער סאָציאליסטישער פארבאנד און די סאָציאליסטישע פארטיי פון אמעריקע.

אונזערע ברענטשעס אין יעדער שטאָט זיינען א טייל פון די שטאָטישע קאָמיטעטן פון דער אלגעמיינער סאָציאליסטישער פארטיי. אין ניו יאָרק און איבערן

גאנצן לאנד טוען אונזערע ברענטשעס געמיינשאפטלאך די סאציאליסטישע ארבעט מיט די פארטיי ברענטשעס. עס זיינען דא א גאנצע רייע שטעט איבערן לאנד וואו קיין פארטיי לאקאלן זיינען אינגאנצן ניטא, אדער פונקציאנירן זייער שוואך. דארטן זיינען די ברענטשעס פון אידישן סאציאליסטישן פארבאנד די טוער און טרעגער פון סאציאליזם.

ווען גענאסע נארמאן טהאמאס האט, אלס פרעזידענט־קאנדידאט אין 1928, באזוכט דאס לאנד, האט ער באריכטעט, ווען ער איז געקומע[ן] צוריק פון זיין טור, דאס דעם ערפאלג פון זיין טור דארף ער און די פארטיי דאנקבאר זיין די ברענטשעס פון אידישן סאציאליסטישן פארבאנד און די ברענטשעס פון ארב. רינג.

אין א גאנצער רייע שטעט זיינען די ברענטשעס פון אידישן סאציאליסטישן פארבאנד די איינציגע, וועלכע האבן דורך א וועכנטלאכער ביישטייערונג פון זייער מיטגלידערשאפט אויפגעהאלטן א שטענדיגן באצאלטן ארגאניזאטאר צו ארגאניזירן ברענטשעס, ענגליש־שפרעכנדע פון דער סאציאליסטישער פארטיי.

אין צייט פון פרעזידענשעל קאמפעין האט דער אידישער סאציאליסטישער פארבאנד גערופן קאנפערענצן פון פארבאנד און ארבעטער רינג ברענטשעס צו שאפן געלט פאר דעם קאמפעין. אין 1928 האט דער פארבאנד דורך די ברענטשעס פון ארבעטער רינג געשאפן די סומע פון 18,000 דאלער פאר דער פארטיי

ווען גענ. דזשייקאב פענקין האט געגעבן זעקס וואכן פון זיין צייט פאר דער סאציאליסטישער פארטיי און איז ארויסגעפארן פאר א טור איבער'ן לאנד, זיינען עס געווען די ברענטשעס פון אידישן סאציאליסטישן פארבאנד וועלכע האבן זיינען ערפאלגרייכע פארזאמלונגען איבעראל ארגאנזירט.

מיר איז ניט באקאנט אין דער פארטיי קיין אנדער פעדעראציע וועלכע זאל אזוי קאנסטרוקטיוו העלפן דער פארטיי ווי דער אידישער סאציאליסטישער פאר־באנד. און דאך — איז דא אין דער פארטיי א געגנערשאפט צום אידישן סאציא־ליסטישן פארבאנד. פארוואס? נאך מיין מיינונג איז דא איין ענטפער אויף דער פראגע. די ענגליש־שפרעכנדע פארטיי איז אין איר מערהייט א אידישע, ריכטיגער— א אידיש־אסימיליאטארישע. די אידיש־סאציאליסטישע אסימיליאטארן איז די עקזיס־טענץ פון א אידישער סאציאליסטישער ארגאניזאציע ווי א ביין אין האלז. דער פארבאנד דערמאנט זיי אן זייער אידישקייט. זיי, די אידישע סאציאליסטן אסימי־ליאטארן וועלן ניט באקעמפן די פינישע, דייטשישע, איטאליענישע פעדעראציעס, זיי באקעמפן אבער יא דעם אידישן סאציאליסטישן פארבאנד. עס קלינגט פארא־דאקסאל, אבער עס איז אמת, אז צווישן די ניט־אידישע פארטיי־גענאסן איז ניטא און עס איז ניט געווען קיין געגנערשאפט צו אונזער פארבאנד; פארקערט, די ניט־אידישע פארטיי־גענאסן שאצן שטארק אפ די ארבעט פון פארבאנד און פאר־שטייען גאנץ גוט די באזונדערע ראלע וואס אים איז אנגעצייכנט צו שפילן אין דער אלגעמיינער סאציאליסטישער באוועגונג. די גאנצע געגנערשאפט צום פארבאנד איז דעריבער אויסשליסלאך די כאראקטעריסטיק פון אונזערע אסימילירטע אידישע גענאסן.

עס איז ניט גוט צו זיין אין גלות, אבער עס איז נאך שווערער צו זיין אין גלות

ביי אידישע אסימיליאטאָרן. אָבער היות ווי מיר זיינען גרעסערע שוועריגקייטן ביי־נעקומען, וועלן מיר אָט די געגנערשאַפט געווים בייקומען.

## די באַוועגונג פאַר די דעקלאַסירטע אידן אין סאָוויעט־רוסלאַנד.

ווען דער שרייבער פון דיזע צייל איז אין 1928 דעלעגירט געוואָרן פון אידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד אַלס דעלעגאַט צום בונדישן צוזאַמענפאָר אין פּוילן און אויך צום אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן קאָנגרעס אין ברוסעל, האָב איך אויך באַזוכט סאָוועט־רוסלאַנד. קומענדיג צוריק האָב איך איבערגעגעבן דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו מיינע איינדרוקן וועגן דער אידישער לאַגע אין רוסלאַנד. איך האָב זיך ספּעציעל אָפּגעשטעלט וועגן דעם טרויעריגן צושטאַנד פון דעקלאַסירטע אידן, און האָב אויך די לאַגע באַשריבן אין „פאָרווערטס", און דורך דעם איז געשאַפן געוואָרן א שטאַרקע שטימונג צו העלפן די אידן אין רוסלאַנד. די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיווע האָט דעמאָלט באַשלאָסן צו רופן א קאָנפערענץ פון אַלע טיילן פון דער אידישער אַרבעטער באַוועגונג צו באַטראַכטן די וועגן און מיטלען ווי אַזוי צו אָרגאַניזירן א גרויסע הילף־אַקציע פאַר די דעקלאַסירטע אידן. עס איז פון אונזער באַשלוס געשאַפן געוואָרן „דער געצייג קאַמפּעין קאָמיטעט", וועלכער האָט זיך פאַרוואַנדלט אין א גרויסער פאָלקס־באַוועגונג איבער גאַנץ אַמעריקע און קענעדע. דורך דיזער אַקציע זיינען אויפגעבויט געוואָרן א גאַנצע רייע פאַבריקן אין סאָוועט־רוסלאַנד וואו הונדערטער דעקלאַסירטע אידן האָבן געקראָגן באַשעפטיגונג און די „לישענצעס" זיינען דורך זייער באַשעפטיגונג אין די פאַבריקן געוואָרן גלייכבארעכטיגטע פּאָליטישע בירגער. עס איז צו פאַרדאַנקען דער איניציאַטיוו פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע פון אידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד פאַר דער עטאַבלירונג פון דעם געצייג קאַמפּעין קאָמיטעט.

## געשיכטע פון דער אידישער אַרבעטער באַוועגונג.

די מאָדערנע אידישע אַרבעטער באַוועגונג איז שוין איבער פופציג יאָר אַלט. איר געשיכטע איז נאָך ניט געשריבן געוואָרן. דאָ און דאָרט זיינען דאָ באַזונדערע געשיכטעס, ווי: די געשיכטע פון אַרבעטער רינג, פון דער אינטערנעשאָנאַל, פון די קעפּמייקערס, די געשיכטע פון דער אידישער אַרבעטער באַוועגונג, געשריבן פון ה. בורגין, אַרויסגעגעבן פון די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטן, ווי אויך די לעצטע דריי ביכער אַרויסגעגעבן פון ב. וויינשטיין. עס זיינען אויך דאָ אַנדערע שטיקלאַך און ברעקלאַך, אָבער די געשיכטע פון דער אידישער אַרבעטער באַוועגונג אַלס א גאַנצע אין איר גרויסערברייט און טיף איז נאָך ביז איצט ניט געשריבן געוואָרן.

דער אידישער סאָציאַליסטישער פאַרבאַנד האָט זיך געזעצט אין פאַרבינדונג מיט דעם פּוילישן „בונד", מיט דער אויסלענדישער דעלעגאַציע פון רוסישן „בונד", אין דער שפּיץ פון וועלכער עס שטייען די גענ. ר. אַבראַמאָוויטש און יודין־אייזענשטאַט, און מיר האָבן געמיינשאַפטלאַך באַשלאָסן אַרויסצוגעבן א פולע געשיכטע פון דער אידישער אַרבעטער באַוועגונג פון דער גאַנצער וועלט. מיר

האָבן מיט דער הילף פון גענאָסע א. גאַלאַצקי געשאַפן ביז איצט די סומע פון 1,400 דאָלער. די ארבעט איז צייטווייליג אפּגעשטעלט געווארן צוליב מאַנגל אין געלט, אָבער עס וועט נעמען א גאַנץ קורצע צייט און די ארבעט וועט פאַרענדיגט ווערן.

## קעמפּ גן־עדן.

אין 1925 האָט די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיווע פון אידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד באַשלאָסן צו קויפן א זומער קעמפּ צוזאַמען מיט דעם האַרלעמער סאָציאַליסטישן צענטער. צוליב א גאַנצער רייע אורזאַכן, און ספּעציעל צוליב מאַנגל אין געלט, האָבן מיר נאָך ביז איצט דעם קעמפּ ניט אַוועקגעשטעלט אויף דער נויטיגער הויך, אויף וועלכן א קעמפּ פון אידישע אַרבעטער דאַרף שטיין. אין קעמפּ איז ביז איצט אינוועסטעט געוואָרן אַרום 80 טויזנט דאָלער. אין די 80 טויזנט געפינט זיך 10 טויזנט דאָלער פון די פאָנדן פון אידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד. היינט איז דער קעמפּ דאָס אייגנטום פון אידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד און מיר זיינען אויפ'ן קעמפּ שולדיג אַרום 27 טויזנט דאָלער.

## דער אַרבעטער רינג.

אין פאַרלויף פון די צען יאָר זיינען מיר מיט דעם אַרבעטער רינג און אויך דער אַרבעטער רינג מיט אונז, געשטאַנען אין די נאָענטסטע און פריינדלאַכסטע באַציאונגען. עס האָט צווישן אונז אַלע מאָל געהערשט דער געדאַנק, אַז מיר זיינען צווי אויסגעשפּראָכענע סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע האָבן צווי באַזונדערע פונקציעס אין לעבן, דער אַרבעטער רינג אויפ'ן געביט פון זעלבסטהילף און מיר אויפ'ן געביט פון סאָציאַליסטישער אויפקלערונג צווישען די אידישן מאַסן. אָט דער גייסט האָט ניט נאָר געהערשט צווישן די פּאַרוואַלטנדע קאָמיטעס פון אַרבעטער רינג, נאָר האָט זיך אויך איינגעפונדעוועט אין די בּרענטשעס פון אַרבעטער רינג און אין דער ברייטער מיטגלידערשאַפט. ווען די לינקע האָבן געפירט דעם קאַמף אין אַרבעטער רינג, האָט דער פאַרבאַנד געטאָן אַלצדיג דעם אַרבעטער רינג אין דעם קאַמף צו העלפן. אונזערע רעדנער, לעקטשורערס, אָרגאַנייזערס, האָבן אַלע מאָל געהאַט אין זינען, אין ניו יאָרק און איבער'ן לאַנד, צו העלפן דעם אַרבעטער רינג'ס שווערן און ביטערן קאַמף מיט די קאָמוניסטן. דער אַרבעטער רינג איז פון דעם קאַמף אַרויס דער זיגער, זיינען די חבר'שע און פריינטלאַכע באַציאונגען צווישן ביידע אָרגאַניזאַציעס פאַרבליבן, און מיר האָפן, אַז זיי וועלן פאַרבלייבן אויך אין דער צוקונפט.

ביי די אָפּען פאָרומס און ביי די בּרענטש מיטינגען האָט דער אַרבעטער רינג געגעבן אַלע מאָל פריי די פּלאַטפאָרם פאַר דעם אידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד און געטאָן אַלצדינג, אום די ארבעט מאַכן לייכטער און אנגענעם. אין די שווערע מאָמענטן פון אונזער טעטיגקייט, אין מאָמענטן פון צווייפל און אַנטוישונג, איז דער אַרבעטער רינג און אַלע זיינע טוער געווען א טרייסט און א הילף אין אונזער שווערער אונערמידלאַכער אַרבעט.

## „פאָרווערטס" אַסאָסיאיישאָן.

די „פאָרווערטס" אַסאָסיאיישאָן און איר מיטגלידערשאַפט איז אַן אָרגאַניזאַציע פון אידישע סאָציאַליסטן, מיטגלידער אָדער פון אידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד, אָדער פון דער אַלגעמיינער פּאַרטיי. אין זייער אַרבעט און טעטיגקייט ווערן זיי אַלע מאָל געפירט פון דעם סאָציאַליסטישן געדאַנק. די „פאָרווערטס" אַסאָסיאיישאָן האָט אין פאַרלויף פון די צען יאָר געהאָלפן אין אַלע אַרבעטן סאַי פינאַנציעל און סאַי מאָראַליש דעם אידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד אין זיין אַרבעט.

## די יוניאָנס.

וועגן אונזערע באַציאונגען צו די יוניאָנס און די באַציאונגען פון די יוניאָנס צו אונז פאָדערט זיכער אַ גאַנץ באַזונדער אַרטיקל. אָבער מיר זיינען אין דעם מאָמענט ניט גרייט אונטערצופירן דעם סך־הכל. ווען דער קאַמף פון קאָמוניזם האָט גע־הערשט אויף דער אידישער אַרבעטער גאַס, ווען יעדע איינציגע יוניאָן איז געווען אויפ׳ן שוועל פון פאַרכאַפּט ווערן, און מאַנכע זיינען שוין פאַרכאַפּט געוואָרן, פון די קאָמוניסטן, איז דער פאַרבאַנד געוואָרן אַ וויכטיגער פאַקטאָר אין דעם קאַמף מיט די קאָמוניסטן אין יעדער איינציגער אידישער יוניאָן. ביי די פאָריער און אין דער ניו יאָרקער אַמאַלגאַמייטעד, ביי די קלאָוקמאַכער און די מילינערי אַרבעטער, איבעראַל זיינען מיר געווען אַ וויכטיגער פאַקטאָר אין דעם קאַמף געגן די קאָמו־ניסטן. און אין יענער צייט זיינען אונזערע באַציאונגען מיט די יוניאָנס און די יוניאָן טוער געווען די בעסטע און די פריינטלאַכסטע. געענדערט האָט זיך די לאַגע ווען דער קאַמף מיט די קאָמוניסטן איז אין די אידישע יוניאָנס טיילווייז פאַר־ענדיגט געוואָרן. עס האָט זיך דאַן אָנגעפאַנגען אַ גאַנצע רייע מיספאַרשטענדנישן און אונזערע געמיינשאַפטלאַכע באַציאונגען זיינען אין אַ סך פאַלן געוואָרן געגנערישע און אין אַ גאַנצער רייע יוניאָנס ניט גאָר פריינטלאַכע. די באַציאונגען האָבן זיך געענדערט ניט צוליב דעם וויל מיר האָבן געוואָלט אויף אירגענד וועלכן וועג זיך אריינמישן אין די אינערלאַכע פירונגען פון דער יוניאָן, נאָר דערפאַר, ווייל דער קאַמף צווישן לינקס און רעכטס האָט אריינגעבראַכט אַזאַ פאַרשיידנאַרטיגן עלעמענט אין דער פירערשאַפט פון דער יוניאָן, אַז אין אַ סך פאַלן האָט די יוניאָן אויפגעהערט צו עקזיסטירן אַלס אַן אַרבעטער אָרגאַניזאַציע, נאָר אַלס אַ געשעפט, פון וועלכן אַ געוויסע צאָל מענשן מאַכן אַ לעבן. אָט דעם צושטאַנד האָבן מיר גענומען באַ־קעמפן. מיר האָבן געוואָלט אַז די יוניאָנס זאָלן, ווי געווען, בלייבן אַרבעטע־אָרגאַניזאַציעס, וועלכע האָבן אין זינען איין גרויסע און וויכטיגע זאַך — די אינ־טערעסן פון די אַרבעטער אין זייער קאַמף פאַר אַ בעסערן לעבן, פאַר אַ שענערער יוניאָן.

אונזער אָרגאַן, דער „וועקער", האָט פון צייט צו צייט קריטיקירט די האַנד־לונגען פון דער אָדער יענער יוניאָן, פון דעם אָדער יענעם באַאַמטן. אונזערע יוניאָן פירער זיינען ניט געוואוינט אפילו צו פריינטלאַכער קריטיק. איר מעגט קריטיקירן דעם פּרעזידענט פון די פאַראייניגטע שטאַטן, די גרעסטע וויסנשאַפטס מענער, די גרעסטע און פייאיגסטע פּאָליטיקער, אָבער ניט אַ ביזנעס־איידזשענט פון אַ יוניאָן.

עס איז ביי אונז קיין צווייפל ניט, אַז די אידישע יוניאַנס וועלן פריער אדער

שפּעטער צוריקקומען צו יענעם צושטאַנד פון אידעאַליזם, פון אָפּפערוויליגקייט און וועלן זיין דורכגעדרונגען מיט יענעם אַלגעמיינעם סאָציאַליסטישן אידעאַל מיט וועלכן די אידישע אַרבעטער באַוועגונג איז געווען דורכגעדרונגען אַלע מאָל און די אייראָפּעאישע אַרבעטער באַוועגונג איז דורכגעדרונגען היינט. ווען יענע צייט וועט קומען וועלן אונזערע באַציאונגען פון דאָס ניי ווערן פריינדלאַכע און פון די פריינטלאַכע באַציאונגען וועט געניסן די גאַנצע אידישע אַרבעטער באַוועגונג און אויך די סאָציאַליסטישע באַוועגונג אין אַמעריקע.

אין פאַרבינדונג מיט די יוניאַנס איז אונז שווער אויסצורעכענען אַלעס, וואָס מיר האָבן געטאָן פאַר די יוניאַנס אין צייט פון זייער קאַמף געגן די לינקע. מיט איין ביישפּיל ווילן מיר אונזער אַרבעט אילוסטרירן. ווען די קאָמוניסטן האָבן געפירט דעם קאַמף אין דער קלאָוקמאַכער יוניאַן אין 1926, האָבן זיי דעם קאַמף ניט געפירט נאָר אויף דער קלאָוק מאַכער בירזשע. זיי האָבן אויך פּרוּ־בירט שאַפן שטימונג פאַר זייער קאַמף איבער גאַנץ אַמעריקע, צווישן די ברענ־טשעס פון א. ר., צווישן די יוניאָנס. זיי פלעגן פאַר דעם צוועק אַרויסשיקן מענשן איבער'ן גאַנצן לאַנד זאַמלען געלט פאַר דעם קאַמף אין דער קלאָוקמאַכער יוניאָן, און שאַפן אַ שטימונג געגן דער קלאָוק מאַכער יוניאַן. דער פאַרשטאַרבענער געגאָסע זיגמאַן האָט דאַן זיך געווענדעט צו דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע פון אי־דישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד, אַז מיר זאָלן זיי אַרויסהעלפן און אַרויסשיקן מענשן איבער'ן לאַנד ריידן פאַר די קלאָוקמאַכער. מיר האָבן דאַן אַרויסגע־שיקט איבער'ן לאַנד די געגאָסן פ. דעמביצער און ה. קאַנטעראָוויטש. זיי האָבן דורכגערייזט די וויכטיגסטע שטעט פון אַמעריקע, אָפּגעהאַלטן מיטינגען און אויפ־געקלערט דעם עולם וועגן דער העסלאַכער און מיאוס'ער אַרבעט וואָס די קאָ־מוניסטן פירן אין דער קלאָוק מאַכער יוניאָן. מיר האָבן אַרויסגעשיקט צו־שריפטן איבער'ן גאַנצן לאַנד, אַז וואו עס ווערן נאָר געהאַלטן אָפן פאַרומס זאָל מען ריידן וועגן דעם קאַמף וואָס די קלאָוק מאַכער יוניאַן פירט געגן די קאָמו־ניסטן. ווען די קלאָוק מאַכער יוניאַן האָט די קאָמוניסטן פאַרטריבן פון זיך, ווען דער קלאָוק מאַכער האָט אָנגעפאַנגען זיך אויסניכטערן פון דער שיכרות, האָט זיכער דער פאַרבאַנד צו דעם צוגעטראָגן זיין חלק אַרבעט.

## דער ציוניזם און דער אידישער סאָציאַליסטישער פאַרבאַנד.

ביז דער מלחמה איז דער ציוניזם אויף דער אידישער אַרבעטער גאַס ניט געווען אַקטיוו. אין פּאָליטישן לעבן דאָ אין אַמעריקע האָט זיך דער ציוניזם זייער ווייניג באַטייליגט. אַן אויסנאַם זיינען געווען די פּועלי ציון. זיי פלעגן פון צייט צו צייט אַרויסטרעטן אין אידישע דיסטריקטן געגן אַ סאָציאַליסטישן קאַנ־דידאַט, דערפאַר וואָס ער איז געווען געגן ציוניזם. אַזוי שרייבט געגאָסע ראַגאָף אין זיין בוך וועגן מאיר לאָנדאָן: איינמאָל האָט זיך איינגעגעבן די פּועלי ציון מ. לאָנדאָנען דורכצואוואַרפן דערפאַר וואָס ער איז געווען געגן ציוניזם. אָבער דאָס זיינען געווען אויסנאַמען. אַלס אַ כלל האָבן זיך סיי די פּועלי ציון, סיי די אַלגעמיינע ציוניסטן אין דער פּאָליטיק פון לאַנד, אין דעם קאַמף פון די אידישע אַרבעטער פאַר אַ בעסערן לעבן אין גלות ניט באַטייליגט. די פּועלי ציון האָבן געהאַט זייער

פּאַרטיי און זייערע געהלף־אָרגאַניזאַציעס, ווי דער נאַציאָנאַלער אַרבעטער פאַר־באַנד, וועמעס הויפּט צוועק און הויפּט אידעאַל עס איז געווען אַלע מאָל צו בויען אַ אידישע היימלאַנד אין ארץ ישראל. דורך דער רעליף אַרבעט, אין צייט פון מלחמה, האָבן זיי זיך דערנעענטערט צו דער אַרבעט און זיי האָבן דעמאָלט דער־פילט, אַז דערמיט וואָס זיי האָבן אויף זייער זייט געקראָגן אַ פּאָר פירער פון דער אידישער אַרבעטער באַוועגונג, וועלן זיי זייער ציוניזם קאָנען אַרויפצווינגען אויף דער אידישער אַרבעטער באַוועגונג. זיי האָבן געגרינדעט אַ ספּעציעלן געווערק־שאַפטן קאַמפּיין, און אין דער שפּיץ פון דער אָרגאַניזאַציע איז געשטאַנען דער פּאַרשטאָרבענער מאַקס פּיין. און ווי זאָגט מען, מיט דעם עסן קומט דער אַפּעטיט. קריגנדיג אויף זייער זייט די געווערקשאַפטן האָבן זיי אויך גענומען אַר־בעטן אַז דער „פאָרווערטס" זאָל ווערן זייער אָרגאַן.

מיר האָבן אין אָנפאַנג דעם געווערקשאַפטן קאַמפּיין ניט באַקעמפּט. אונז האָט ניט געאַרט וואָס די פּועלי ציוניסטן שאַפן דאָ הונדערטער טויזנטער דאָלאַר דורך די געווערקשאַפטן, סיי פאַר דער עקאָנאָמישער און פּאָליטישער אַרבעט פון ארץ ישראל, סיי פאַר דעם וועלט־פאַרבאַנד פון די פּועלי ציון. מיר האָבן גע־טראַכט, אויב אין אַמעריקע זיינען דאָ אידן ביי וועלכע מען קאָן נעמען געלט פאַר ארץ ישראל, זאָל דאָס די אַרבעטער פון ארץ ישראל וואויל באַקומען. און ווען דער געווערקשאַפטן קאַמפּיין וואָלט אין זיין אויפגאַבע געווען נאָר אַ רעליף אָר־גאַניזאַציע, וואָלטן מיר וואַרשיינלאַך קיינמאָל צו קיין צוזאַמענשטויס מיט דעם גע־ווערקשאַפטן קאַמפּיין ניט געקומען, אָבוואָל מיר האָבן זיך קיינמאָל אין דער אַרבעט ניט באַטייליגט און האָבן קיינעם קיינמאָל ניט ערמוטיגט זיך צו באַטייליגן. האָבן אָבער די פּועלי ציון דעם געווערקשאַפטן קאַמפּיין פאַרוואַנדלט אין אַ פּאָליטישער אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט אונטער דעם מאַנטל פון רעליף געוואָלט אַלעמען איינ־שפּאַנען אין ציוניסטישן וואָגן. און אָט געגן דעם האָבן מיר אָנגעפאַנגען אַ קאַמף.

דער קאַמף האָט אונז געגעבן אַ געוויסע צאָל געגנער און שונאים אין אונזערע אייגענע רייען. אין דער אידישער אַרבעטער באַוועגונג איז מען קיינמאָל ניט גע־וואוינט געווען צו שטעלן זיך געגן דעם אָדער יענעם פירער, ווען ער האָט די באַוועגונג ערגעץ געוואָלט פירן. און אַזוי ווי די פּועלי ציוניסטן האָט זיך איינ־געגעבן צו קריגן אויף זייער זייט וויכטיגע פּערזענלאַכקייטן, האָבן זיי געדענקט, אַז די פּערזענלאַכקייטן וועלן „דעליווערן" די גאַנצע באַוועגונג צו זייער דינסט.

מיר האָבן פריער געזאָגט, אַז אָט דער קאַמף איז געווען אַ שווערער, אָבער דאָך קאָן מען מיט פרייד זאָגן, אַז די וויכטיגע צוויי אָרגאַניזאַציעס, וועלכע זיי־נען אין זייער גייסט סאָציאַליסטיש, האָבן זיך ניט געלאָזן פאַרפירן פון דעם ציוניסטישן שטראָם. מיר מיינען דעם אַרבעטער רינג און די „פאָרווערטס" אַסאָ־סיאיישאָן. זיכער איז נאָך דער קאַמף ניט פאַרענדיגט. די עטלאַכע פּערזאָנען, איצט שוין ניט אויס ליבע צום ציוניזם נאָר אויס פאַרביטערטקייט געגן אונז, האָבן אָנגעפאַנגען צו מאַנעווורירן אַז די פּועלי ציון זאָלן אַריינגיין אין דער סאָ־ציאַליסטישער פּאַרטיי כדי צו קריגן אַ סאָציאַליסטישע קרעדענשל פאַר זייער ציוניס־טישן אידעאַל. מיר גלויבן אַז אויך די מאַנעוורע וועט זיך זיי ניט איינגעבן.

## „דער וועקער".

דער „וועקער" איז דער אָרגאַן פון אידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד, געגרינדעט געוואָרן אין דער זעלבער צייט, אין דער זעלבער וואָך וואָס דער פאַרבאַנד.

שווער זיינען געווען זיינע וועגן. מיר האָבן די ערשטע צייט ניט געקאָנט קריגן קיין שטענדיגן פאַראַנטוואָרטלאַכן רעדאַקטאָר. האָט ער געמוזט ארויסגעגעבן און רעדאַקטירט ווערן פון אַ גרופּע געניאָסן־זשורנאַליסטן וואָס זיינען געווען פאַרנומען מיט אנדערע ארבעט און האָבן זייער גאַנצע צייט דעם „וועקער" ניט געקאָנט געבן. דערפאַר איז דער צוזאַמענשטעל, די ערשטע צייט, געווען אַ צופעליגער. די צופעליג־קייט האָט אָפט מאָל פאַראורזאַכט טעות'ן. אָבער אין אַלע צייטן איז דער „וועקער" געווען אַ וויכטיגע ווערקצייג, אַ וויכטיגער וואָפן אין קאַמף פון פאַרבאַנד.

די צירקולאַציע פון „וועקער" איז אַלע מאָל געווען ניט קיין גרויסע — פון 4 ביז 5 טויזנט. געלעזן איז ער אָבער געוואָרן פון די פירנדיגע כחות אין די יוניאָנס און ברענטשעס פון ארבעטער רינג, און פון דער מיטגלידערשאַפט פון אידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד.

דער „וועקער" איז געווען און איז אויך יעצט אַ קעמפּענדער כח אין דער אידישער און ארבעטער בעוועגונג.

דער „וועקער" האָט באַלויכטן אַ סך פראַגן פון דער אידישער און אַמעריקאַנער ארבעטער באַוועגונג און פון דער ארבעטער באַוועגונג פון דער גאַנצער וועלט.

דער „וועקער" האָט אָנגעפאַנגען ארויסצוגיין אין אַ צייט ווען אויף דער אידישער ארבעטער גאַס האָט איבער פראַגן פון רוסלאַנד, פון קאָמוניזם געהערשט אַ צושוואונגמענקייט, ווען די פירער פון אידישע יוניאָנס, שרייבער פון סאָציאַליס־טישע אויסגאַבן, פירער פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי האָבן סימפּאַטיזירט מיט סאָוועט־רוסלאַנד און אויף אַן אינדירעקטן אופן געהאָלפן דעם קאָמוניזם. זיי האָבן געהאָלפן שאַפן אַ שטאַרקן פּראָ־סאָוועטישן, פּראָ־קאָמוניסטישן סענטימענט צווישן דער גרויסער אידישער פאָלקס מאַסע דאָ אין לאַנד.

די פּאָר געציילטע אידישע סאָציאַליסטישע זשורנאַליסטן וועלכע זיינען געשטאַ־נען ארום דעם „וועקער" האָבן זיך פאַרנומען צו ענדערן די שטימונג, אריינטראָגן קלאָרקייט, עפענען די אויגן פון אַ סך פירער און פון דער גרויסער מאַסע וועגן דעם וואָס עס קומט פאָר אין רוסלאַנד. אָנצייגן אויף דעם גרויסן אומגליק וואָס דער באָלשעוויסטישער עקספּערימענט ברענגט דעם רוסישן פאָלק, דעם חורבן וואָס דער קאָמוניזם ברענגט אויף דער ארבעטער באַוועגונג אין אַמעריקע און אין דער גאַנצער וועלט. די ארבעט איז געווען ניט קיין לייכטע, ניט קיין דאַנקבאַרע. די ארבעט איז אָבער געטאָן געוואָרן מיט דער גרעסטער איינגעשפּאַרטקייט מיט דער פולסטער איבערצייגונג, אז מיר זיינען גערעכט אין אונזער סאָציאַליסטישער אויפפאַסונג.

פאַר די צען יאָר איז דער „וועקער" רעדאַקטירט געוואָרן פון אַ קאָלעגיום און פון איינצלנע רעדאַקטאָרן. דער קאָלעגיום איז אין די ערשטע יאָרן באַשטאַנען פון די געניאָסן: ה. לאַנג, ב. באָטווויניק, מארק כינאָי, ב. וולאַדעק, מיט ד. קאַפּלאַן אַלס

רעדאקציאָנס סעקרעטאר. שפּעטער איז געווארן דער רעדאקטאָר ד. שוב, נאָך אים — חיים קאָנטאָראָוויטש. איצט ווערט דער „וועקער" רעדאקטירט פון גען. א. ליטוואק.

דער „וועקער" האָט אין זיין צען יאָריגער עקזיסטענץ געהאט שווערע און ביטערע צייטן. פאר זיין עקזיסטענץ האָבן מיר זיך געראנגלט מיט נויט און אָרימקייט.

## שלום-וואָרט.

ווען מיר כאַפּן א קוק אויף די פארגאנגענע צען יאר פילן מיר זיך שטאָלץ מיט דער ארבעט, וועלכע מיר האָבן אויפגעטאָן. ניט אלע מאָל איז די ארבעט געווען אן אנגענעמע. דער אידישער סאָציאליסטישער פארבאנד האָט אויף זיינע וועגן פון ארבעט אָפטמאָל זייער א סך דערנער באגעגנט. א סך האָבן אונז באטראכט פאר אן אָרגאַניזאציע וועלכע איז נאָר געגרינדעט געווארן צו באקעמפן די קאָמוניסטן, און אזוי גיך ווי די קאָמוניסטן וועלן פארטריבן ווערן, וועלן זיי אויך פון אונז זיך לייכט קאָנען באפרייען. אָבער די געזונטערע עלעמענטן אין פארבאנד האָבן קיינמאָל וועגן פארבאנד ניט געטראכט ווי וועגן א צייטווייליגער אָרגאַניזאציע. מיר זיינען געגרינדעט געווארן אלס אן אָרגאַניזאציע פון אידי־שע סאָציאליסטן און כל זמן עס וועט לעבן א אידישע ארבעטער באַוועגונג, כל זמן עס וועט לעבן א אידישע ארבעטער מאסע, וועט אויך לעבן דער אידישער סאָציאליסטישער פארבאנד און פריידיגן, פארשפרייטן און איינפלאנצן דעם סאָ־ציאליסטישן אידעאל צווישן די אידישע ארבעטער דאָ אין לאנד.

א. ליטוואַק:

# אונזער שטעלונג צו די אידישע נאַציאָנאַלע פראַגן

### 1.

מיט צען יאָר צוריק, בעת דער אידישער סאָציאַליסטישער פּאַרבאַנד איז געגרינדעט געוואָרן, האָט נאָך די באַלפור דעקלאַראַציע געשיינט מיט אַלע פאַרבן פון רעגנבויגן, געשיינט און געצויגן, ווי אַן אַלטע האָפענונג, וואָס האָלט ביים פאַרווירקלאַכט ווערן. פון איין זייט די בלוטיגסטע פּאָגראָמען אין אוקראַיִנע און ווייס־רוסלאַנד, די אייביגע אידנפראַגע אין איר גאַנצער שרעקלאַכער שאַרפקייט; פון דער אַנדער זייט אַ אידישע מלוכה, וועלכע בויט זיך און וועט זיך באַלד אויסבויען — דער נאָענטער אמת'ער ענטפער. דער ציוניזם האָט דעמאָלט דערגרייכט דעם העכסטן שטאַפּל פון זיין פּאָפּולאַריטעט, ער איז געוואָרן אַ מאָדע. באַקאַנטע אידישע פּאָעטן און נאָוועליסטן, וואָס מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער האָבן זיי געשוואָרן דעם קאָמוניזם, האָבן זיך אין יענער צייט געאיילט פאַרשרייבן ביי די פּועלי ציון. רייזען, ליוויק, אפילו משה נאַדיר און נאָך און נאָך... אידישע אַרבעטער־טוער, זשורנאַליסטן־וואָרטפירער, וועלכע זיינען ביז יענער צייט געווען ווייט פון יעדן מין ציוניזם, האָבן אָנגעהויבן פאַרכאַפּט ווערן פון דער אַלגעמיינער שטימונג.

און דאָ איז געקומען די שפּאַלטונג אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, דער קאַמף צווישן רעכטס און לינקס. די קאָמוניסטן האָבן אָנגעהויבן פאַרכאַפּן פּאָזיציעס. איין צייט האָט זיך געדוכט, אַז זיי וועלן אַלץ פאַרכאַפּן, אַלץ אַראָפּשווייַנקען. יוניאָן־טוער, אַפילו עלטערע סאָציאַליסטן האָבן זיך דערפילט ענטוישט, אַרויסגעשטויסן. עס איז זיי געוואָרן קאַלט, זיי האָבן געזוכט, וואו זיך אָנצואוואַרימען און זיי האָט אַ צי געטאָן צום ציוניזם, צו די אידישע „אַרבעטער־קאָמונעס" אין פּאַלעסטינע. אַ סך האָט דאָ מיטגעהאָלפן די שרייעדיגע רעקלאַמע, וואָס די פּועלי ציון מאַכן נאָכאַנאַנד פאַר פּאַלעסטינע. פאַראַנען איצט צוויי לענדער אויף דער וועלט, וואו מ'איז די גרעסטע בריות צו באַווייזן דאָס ביסל גוטס דורך די שאַרפסטע פאַרגרעסער־גלעזער און צו באַהאַלטן דאָס שלעכטס אונטער הונדערט דיקע פאָרהאַנגען — דאָס זיינען סאָוועט־רוסלאַנד און פּאַלעסטינע. און די פּועלי־ציון זיינען נאָך גרויסע בריות צו כאַפּן מענשן אויף דער ווענטקע פון כבוד, צו שמירן מיט בוימל דורשטיגע אַמביציעס.

ארום 1925 זיינען געכאַפּט געוואָרן אויף דער מעשה עטלאַכע בערן פון אידישן ראַדיקאַליזם, אַלטע טוער און אויפטוער, וועלכע האָבן ביז דעמאָלט געהאַט פאַר פּאַלעסטינע נאָר אַ סקעפּטישן שמייכל, זיינען מיט אַמאָל געוואָרן פאַרברענטע חסידים פון ציון. דער סאָציאַליזם איז ביי זיי פאַררוקט געוואָרן אין אַ ווינקל, ווי אַן אָפּגעלעבטע זאַך, מיט וועלכער, מ'קאָן זיך אין גאַנצן ניט שיידן,

ווייל מ'האָט מיט דעם אַ לעבן פאַרבראַכט. און נאָך די בערן זיינען אַוועק שעפּסן און ציגן. אַ טייל האָבן זיך אין דער אמת'ן מיט'ן גאַנצן הארצן איבער־געגעבן צו דעם חלום פון פּאַלעסטינע מיט דער פרישקייט פון אַ נייער ליבע, און ווייל דאָס געפיל איז ביי זיי שטאַרקער, ווי די באַקאַנטשאַפט מיט דער זאַך, זיינען זיי אָפט געווען מער ציוניסטיש ווי די אַלטע ציוניסטן אַליין. אַ טייל האָבן פאַרזיכערט, אַז אין דער פאַרווירקלאַכונג פון ציוניזם גלויבן זיי ניט, מער ניט וואָס — עס איז אַ שיינער חלום, אַ ווייך־וואַרימער סענטימענט. אַ טייל ווידער האָבן נאָכגעטאַנצט נאָך דער מאָדע, און עס זיינען אויך געווען אַזעלכע, וואָס זיינען פאַרלאָפן אַפריער, ווייל . . . די בערן האָבן געהייסן ציוניסטיש זיין. און זאָלן זיי דערשמעקן, אַז די בערן האָבן פאַרקערעוועט אויף צוריק, וועלן זיי זיך אויך לאָזן לויפן הענדום פענדום פון ציוניזם... צו דעם העכסטן פּונקט פון נאַציאָנאַליסטישער שכרות איז מען ביי אונז דער־גאַנגען אין יאָר 1929, נאָך די פּאָגראָמען אין פּאַלעסטינע. די סאָציאַליס־טישע פרעסע האָט אין יענע וואָכן געשריען אין איין כאָר מיט די שאָוועניסטישע בירגערלאַכע צייטונגען. זי האָט זיי אַפילו איבערגעשריען. אין אונזער פרעסע האָט זיך דער ציוניזם צולעגט אין דער לענג און אין דער ברייט, ווי אַ באַלעבאָס, און דער סאָציאַליזם איז פאַרשטויסן געוואָרן אין אַ ווינקל, ווי אַ פרעמדער. עס האָט זיך געדוכט, אַז דער נאַציאָנאַליזם וועט אַלץ און אַלעמען פאַרפלייצן.

אָבער די רעאַקציע איז געקומען פריער ווי מ'האָט געקאָנט ערוואַרטן. די זעלביגע פּאָגראָמען אין פּאַלעסטינע, וועלכע האָבן אַזוי פאַרשאַרפט די ציוניס־טישע היסטעריע, האָבן אָנגעהויבן אויסצוניכטערן פון דער ציוניסטישער שכרות. דער ווידערשטאַנד פון די אַראַבער, די פּאָליטיק פון ענגלאַנד, וועלכע דרייט זיך צווישן די אַראַבער און די אידן, רעכנט זיך שטאַרקער מיט די אַראַבער, ווייל זיי זיינען אַ מערהייט אין לאַנד און ווייל די ענגלישע אימפּעריע פאַרמאָגט גרויסע מיליאָנען מאַכמעדאַנער, מיט וועלכע זי וויל ניט און קאָן ניט איינרייסן, די פּאָליטיק פון ענגלאַנד, וועלכע שטעלט זיך איין ציל — זאָלן אידן מיט אַראַבער זיך רייסן און די ממשלה וועט בלייבן ביי ענגלאַנד, דער געצוואונגענער באַשלוס פון די ציוניסטן ניט צו פאָדערן קיין מערהייט אין פּאַלעסטינע, ד. ה. פּאַקטיש אויפגעבן דעם פּאָליטישן ציוניזם — דאָס אַלץ האָט פאַרביטן הייסן גלויבן אויף פינסטערן יאוש אַפילו ביי אַלטע ציוניסטן. אויף די גרים און מיטלויפער האָט עס געווירקט ווי אַן אייז־קאַלטער שטראָם אויף אַ צוהיצטן קאָפּ.

און דער נאַציאָנאַליסטישער אימפּעט פון דער סאָציאַליסטישער פרעסע האָט דאָ אויך געהאַט זיין ווירקונג. אונזערע רענק און פיילער האָבן זיך דערשראָקן. זיי האָבן מיט פאַרדרוס געפרעגט: וואוהין גייען מיר? וואוהין פירט מען אונז? פאַר דעם האָבן מיר געאַרבעט און זיך מקריב געווען צענדליגער יאָרן?... אונ־זערע פריש־געבאַקענע ציוניסטן האָבן איבערגעכאַפּט די מאָס און זייער צו הייי־סער אימפּעט האָט געהאַט אַ פאַרקערטע ווירקונג, האָט ניט געצויגן צום נאַ־ציאָנאַליזם נאָר אָפּגעטריבן פון אים.

אָבער אַ גרויסע ווירקונג האָט דאָ געהאַט אויך דאָס באַוואוסטזיניקע פּרינ־

ציפיעל סאָציאַליסטישע וואָרט. דער פאַרבאַנד איז פון ערשטן טאָג אָן געשטאַנען אויף אַן אַנטי־ציוניסטישן שטאַנדפּונקט, אויפ'ן שטאַנדפּונקט פון בונד. ער האָט פון אָנהויב אָן געהאַלטן, אַז די אידן־פראַגע וועט געלייזט ווערן ניט אין איין אויסגעוויילטן לאַנד, נאָר אין אַלע לענדער, וואו עס לעבן און קעמפן אידישע מאַסן. ער האָט ניט געטיילט די לענדער אויף גלות און ארץ ישראל, אויף פרעמדע לענדער און אַ היים־לאַנד. ער איז געווען איבערצייגט, אַז דורך קאַמף האַנט אין האַנט מיט די איינגעבוירענע מאַסן קאָנען די גלות־לענדער ווערן פאַר אונז היימ־לענדער, און אַז ביי היינטיגע באַדינגונגען איז פאַר אונז פּאַלעסטינע אַ סך מער גלות־לאַנד ווי די פאַראייניגטע שטאַטן פון אַמעריקע. דער פאַרבאַנד האָט גע־האַלטן און ער האַלט, אַז מ'טאָר ניט אָפּציען די אויפמערקזאַמקייט פון די אידישע מאַסן פונ'ם קאַמף אין די לענדער, וואו זיי וואוינען, און אוועקגעבן גאָר די ענערגיע אויף איין לאַנד, וואו עס וואוינט אַ נישטיגער טייל פון אידישן פאָלק. דער פאַרבאַנד האָט דערוויזן, אַז ציוניזם באַדייט פאַרגעסן אָן קלאַסנקאַמף, פאַר־בייטן דעם סאָציאַליזם אויף נאַציאָנאַליזם, זיך פאַרבינדן מיט קלאַסן און גרופּן וועלכע זיינען פיינטלאַך צום אידישן אַרבעטער־קלאַס. קיין אידישע פראַגע דאַרף אונז ניט זיין פרעמד, מיר מוזן קעמפן פאַר פולשטענדיגער גלייכבארעכטיגונג, העלפן בויען אונזער עקאָנאָמישן און קולטורעלן לעבן, אָבער מיר טאָרן זיך ניט פאַרנעמען מיט חלומות, וועלכע ציען אָפּ פון דער געזונטער בוי־אַרבעט.

די ערשטע צייט פון זיין עקזיסטענץ איז דער פאַרבאַנד דער עיקר געווען פאַרנומען מיט'ן קאַמף געגן קאָמוניזם. אָבער ווען די נאַציאָנאַליסטישע כוואַליע האָט אָנגעהויבן פאַרפלייצן אונזער באַוועגונג, האָט דער פאַרבאַנד אָפּגעגעבן אַ סך ענערגיע זי צו באַקעמפן. דער פאַרבאַנד האָט דורך דעם באַקומען אַ סך שונאים פון דרויסן און אין סאָציאַליסטישן לאַגער אינעווייניג. אינעווייניג אפשר די שאַרפסטע שונאים, ווייל קיינער קאָן ניט זיין אַזאַ ביטערער שונא, ווי אַ ברודער־געגנער, אָבער דער פאַרבאַנד האָט זיך פאַר דעם ניט אָפּגעשטעלט. די קאָמוניסטן האָבן אויך געקעמפט געגן ציוניזם און נאַציאָנאַליזם. אָבער זיי האָבן דאָס געטאָן גראָב און אומגעלומפּערט. זיי האָבן געשאָטן זאַלץ אויף די פרישע אידישע וואונדן. זיי האָבן ניט אַזוי איבערצייגט, ווי געמאַכט חוזק. זיי זיינען דערגאַנגען דערצו, אַז אָלגין למשל האָט אַפילו געלייקנט, אַז עס איז פאַראַן אַ אידישער אַרבעטער־קלאַס. פאַראַנען, האָט ער געזאָגט, נאָר אַלגעמיינע אַרביי־טער, וואָס ריידן אידיש... די אידישע אינטערעסן, די אידישע אינסטיטוציעס זיינען פאַר זיי געווען נאָר אויף אַזוי פיל וויכטיג, ווי וויט מ'האָט פון זיי געקאָנט ציען נוצן פאַר'ן קאָמוניזם. דאָס האָט צורייצט, אָפּגעשטויסן. דאָס האָט געהאַט אַ פאַרקערטע ווירקונג, האָט פאַרשטאַרקט דעם נאַציאָנאַליזם.

אויב עמיצער האָט פאַר די לעצטע יאָרן געפירט אַ געזונטן פרינציפּיעלן קאַמף געגן ציוניזם און נאַציאָנאַליזם, איז דאָס געווען נאָר דער אידישער סאָ־ציאַליסטישער פאַרבאַנד, און אין דעם, וואָס די נאַציאָנאַליסטישע כוואַליע איז ביי אונז אַראָפּגעפאַלן, האָט דער פאַרבאַנד אַ גרויסן חלק. דאָס איז אפשר דער־ווייל דער גרעסטער פאַרדינסט פון פאַרבאַנד פאַר'ן סאָציאַליזם. וואָרים יעדער טריט צום ציוניזם איז פאַקטיש אַ טריט פון סאָציאַליזם.

.2

סוף 1925 איז געגרינדעט געווארן דער „געווערקשאפטן־קאמפיין פאר דער אידישער ארבעטערשאפט אין פאלעסטינע". די איניציאטיוו האט געהערט די פועלי ציון און דעם נאציאנאלן ארבעטער־פארבאנד. דעם נאמען האט געגעבן די „פאראייניגטע אידישע געווערקשאפטן". צוגעשטאנען צום קאמפיין זיינען דאס רוב יוניאן־טוער, א געוויסע צאל ברענטשעס און טיילן פון ברענטשעס פון אר־בעטער־רינג, אויך איינצלנע סאציאליסטישע זשורנאליסטן און טוער. דער אר־בעטער רינג בכלל איז אין זיין גרויסער מערהייט געבליבן אן א זייט פון דעם דאזיגן קאמפיין. צווישן די יוניאן טוער, וואס זיינען צום קאמפיין צוגעשטאנען, זיינען געווען עטלאכע אויפריכטיג־באגייסטערטע אנהענגער פון פאלעסטינע. די איבעריגע זיינען אריין אין קאמפיין, ווייל מ'קאן ניט אפשטיין פון אנדערע, ווייל „מהיכי תיתי, וואס איז די נפקא מינה", אדער ווייל מ'איז געוואוינט צו טאנצן אויף אלע חתונות, וואו מ'קאן קריגן אביסל פובליסיטי. די מאסע יוניאן־מיט־גלידער איז געבליבן קאלט צו דעם גאנצן ענין. די צייט איז געווען אין די אידישע טריידס א שלעכטע און די מאסע האט געהאט גענוג אייגענע היגע צרות, פאלעסטינע איז איר אין קאפ ניט געקראכן.

פון אנהויב האט זיך געדוכט, אז די געווערקשאפטן מיט די יוניאן-טוער וועלן געבן דעם קאמפיין עפעס מערער, ווי א נאמען, אז זיי וועלן זיך ארייננווארפן אין דער ארבעט און אויפטאן עפעס ממשות'דיגס. אויסגעלאזן האט זיך ניט אזוי. די געווערקשאפטן מיט די יוניאן־טוער האבן באלד אפגעטראטן אן א זייט פון דער אמת'ער ארבעט. דער קאמפיין ווערט געפירט און ארגאניזירט פון די פועלי ציון. די יוניאן־טוער זיינען געבליבן נאר א צירונג אויף קאנווענשאנס און קאנפערענצן. קיין געלט גיבן די יוניאנס כמעט אויך ניט: אין זייער איצטיגער לאגע האבן זיי פשוט ניט וואס צו געבן. און דאך זיינען די יוניאן־טוער און די געווערקשאפטן זייער און זייער וויכטיג פאר די פועלי ציון. אין א מאמענט פון אפנהערציגקייט זאגן דאס די פועלי ציון אליין: מיר דארפן ניט אייער געלט, מיר קאנען זיך באגיין אן אייער ארבעט, נאר זאל די וועלט (לייען: וואנדערוועלד, בלום, הענדערסאן) וויסן, אז די אידישע ארבעטער זיינען מיט אונז!... און אויף זאמלען געלט צווישן אידן פון א גאנץ יאר, צווישן פשוט'ע מענשן פון פאלק — איז דער שטעמפל פון דער אידישער ארבעטערשאפט געווייס א גוטע סגולה. אויף אזא'ן אופן איז די „געווערקשאפטן" געווארן נאר א גומענער שטעמפל פאר דער פאקטישער ארבעט פון די פועלי ציון.

דער פארבאנד האט זיך פון אנהויב אן ארויסגעזאגט געגן א ספעציעלן „גע־ווערקשאפטן קאמפיין" פאר די ארבעטער פון פאלעסטינע, ער האט געזאגט: מיר זיינען ניט געגן העלפן די אידישע ארבעטער פון פאלעסטינע אין זייערע נויטן. אבער זיי זיינען ביי אונז דורכאויס ניט קיין בני יחידים. זיי זיינען ביי אונז געוויס ניט וויכטיגער פאר די ארבעטער פון רוסלאנד, פוילן, ליטע, לעטלאנד און רומעניען, וועלכע זיינען אין צאל א סך, א סך מאל גרעסער און זיי האבן אויך נויטן. אויסטיילנדיג דעם קאמפיין פאר די ארבעטער פון פאלעסטינע באזונדער,

גיבן מיר זיי צו אַ באַזונדערע באַדייטונג, הייסט עס, אַז זיי זיינען דאָס זעמל־מעל און די אידישע אַרבעטער אין די אַזוי גערופענע גלות־לענדער זיינען די קלייען. דערמיט אַליין שאַפן מיר שוין אַ שטאַרקע שטימונג פאַר'ן ציוניזם, ציען מיר אָפּ אויפמערקזאַמקייט און ענערגיע פון דער נויטיגער אַרבעט פאַר אַנדערע לענדער. דער פאַרבאַנד האָט דאַרום געפאָדערט: זאָל יעדער פאַרטיי אָרגאַניזירן אירע קאַמפּיינס פאַר יענע צילן און אויפגאַבן, וואָס זיינען איר באַזונדערס נאָענט — אָבער אין נאָמען פון דער אידישער אַרבעטערשאַפט קאָן מען אָרגאַניזירן נאָר איין אַלגעמיינעם קאַמפּיין פאַר די אידישע אַרבעטער פון אַלע לענדער, וואו זיי נויטיגן זיך אין ברודער־הילף. די פּרוכט פון אַזאַ אַלגעמיינעם קאַמפּיין זאָלן צוטיילט ווערן צווישן די אידישע אַרבעטער פון פּוילן, רוסלאַנד, פּאַלעסטינע און ד. גל. פּראָפּאָרציאָנעל צו זייער צאָל און זייערע נויטן. דער פאַרבאַנד האָט וועגן דעם אָנגעהויבן פאַרהאַנדלונגען מיט די פּועלי ציון, אָבער דערפון איז גאָר ניט ארויס־געקומען. ביידע צדדים האָבן גערעדט אויף צוויי באַזונדערע שפּראַכן. דאָ איז דאָך געגאַנגען ניט אום טאַקטיק און פּראַקטיק. ביי די פּועלי ציון איז דאָ געווען וויכטיג זייער ציוניסטישע וועלט־אַנשויאונג, פּונקט ווי ביי אונז אונזער סאָציאַליס־טישע וועלט־אַנשויאונג.

אין אונזער אייגענעם לאַגער האָט אונזער שטעלונג צום געווערקשאַפטן־קאַמפּיין געשאַפן בייז בלוט. אַ טייל פון די ציוניסטיש־געשטימטע אידיש־שפּרעכנדע סאָציאַ־ליסטן זיינען דערפאַר געוואָרן דעם פאַרבאַנד שונאים און זיי זוכן אים צו פאַרניכטן. אין דעם פאַרבאַנד גופא זיינען אויך געווען אָנהענגער פון געווערקשאַפטן־קאַמפּיין. אָבער דאָס רוב פון זיי האָבן זיך אונטערגעגעבן דעם באַשלוס פון דער מערהייט. נאָר איינציגע געציילטע האָבן זיך ניט אונטערגעגעבן, זיי שטייען היינט אויך מער אָדער ווייניגער מיט דעם געווערקשאַפטן־קאַמפּיין און בלייבנדיג פאָרמעל מיט־גלידער פון פאַרבאַנד שטייען זיי פאַקטיש ווייט פון זיין סאָציאַליסטישער אַרבעט.

.3

בעת אין סאָוועט־רוסלאַנד האָט זיך אָנגעהויבן די אידישע קאָלאָניזאַציע, האָט זיך דער פאַרבאַנד באַצויגן צו דעם פּאָזיטיוו, און ער האָט געהאַלטן, אַז מיר דאַרפן די דאָזיגע אונטערנעמונג שטיצן. אָבער בעת די היגע קאָמוניסטן האָבן דאָ באַשאַפן כלומרשט אַן אומפּאַרטייאישע און אין דער אמת'ן אַ קאָמוניסטישע קלייזל, דעם „איקאָר", האָט זיך דער פאַרבאַנד קאַטעגאָריש ארויסגעזאָגט געגן דעם. מיר האָבן געפונען, אַז די גרעסטע סומען פאַר דער אידישער קאָלאָניזאַציע אין רוסלאַנד שאַפט דאָ דער אַגראָ־דזשאָינט. וואו דער „איקאָר" שאַפט צענדליגער טויזנטער, שאַפט דער דזשאָינט מיליאָנען. די הוצאות פון אָרגאַניזירן די זאַמ־לונגען זיינען ביים דזשאָינט מינימאַלע, ביים איקאָר זיינען זיי זייער הויכע. אַז די געלט, וואָס דער דזשאָינט זאַמלט, גייט אַוועק נאָר פאַר קאָלאָניזאַציע און ניט פאַר קיין אַנדער זאַך — אין דעם מעגן אים די געלט־געבער געוויס געטרויען, וואָרים ער אַרבעט לויט אַן אָפּמאַך מיט דער סאָוועטן־רעגירונג, אונטער איר קאָנ־טראָל; און אויב די סאָוועטן־רעגירונג געטרויט דעם דזשאָינט, מעגן מיר אים אודאי געטרויען.

ווייטער, דער אַגראָ־דזשאָינט קאָן האָבן וועלכן ניט איז — זאָל זיין אַ קליינעם איינפלוס אויף דער סאָוועטן־רעגירונג בנוגע דער אידישער קאָלאָניזאַציע: סאָוועט־רוסלאַנד נויטיגט זיך אין די עטלאַכע מיליאָן דאָלארס, וואָס דער אַגראָ־דזשאָינט ברענגט אריין אין רוסלאַנד: זי גיט זיי טאַקע אוים פאַר די אידישע קאָלאָניעס, אָבער אין לאַנד קומען דערוויילע אריין דאָלארס. און די סאָוועטן־רעגירונג קניפּט דערוויילע אָן באַציאונגען מיט׳ן אידיש גרויס־קאַפּיטאַל, זי זוכט צו ווערן ביי אים פּאָפּולער — אַ סגולה צו קרעדיט. דער „איקאָר" ווערט געפירט פון קאָמוניסטן, וועל־כע קאָנען בלויז פּאָלגן דער סאָוועטן־רעגירונג, קיין איינפלוס אויף איר קאָנען זיי ניט האָבן. און דאָס וויכטיגסטע: די קאָמוניסטן נוצן אוים דעם כלומר׳שט אומפּאַרטיי־אישן „איקאָר" פאַר קאָמוניסטישער פּראָפּאַגאַנדע. די ארומפּאָרער, וואָס באַקומען געהאַלט פון „איקאָר", זיינען פּאַקטיש אַגיטאַטאָרן פאַר׳ן קאָמוניזם. די פּאַרזאַמלונ־גען פון „איקאָר" ווערן אויסגענוצט צו וואַרפן שמוץ אויפ׳ן ארב. רינג, אויף אונ־זערע יוניאָנס, אויף דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, צו זאַמלען געלט פאַר דער „פריי־הייט", פאַר׳ן „דעילי וואָירקער", פאַר אַלערליי קאָמוניסטישע צדקה־פּושקעס. זאָלן מיר סאָציאַליסטן זיי העלפן אין דעם? ווער עס וויל שטיצן די אידישע קאָלאָ־ניזאַציע אין רוסלאַנד, זאָל דאָס טאָן דורך דעם דזשאָינט. דעם „איקאָר" וועלן מיר איבערלאָזן פאַר די קאָמוניסטן.

מיר מוזן דאָ פאַרצייכענען, אַז אויף דעם זעלביגן שטאַנדפּונקט האָבן זיך געשטעלט די אידישע יוניאָנס און די לאָיאַלע ברענטשעס (די דעהדריקנדע מערהייט) פון אַרבעטער־רינג. אין „איקאָר" האָבן אַנטייל גענומען נאָר די לינקע פּועלי ציון און לינק־געשטימטע אומפּאַרטייאישע, וועלכע האָבן זיך געלאָזן נאַרן, אַז דאָס איז אָן אומפּאַרטייאישע אָרגאַניזאַציע. גאָר גיך האָבן זיי זיך ארומגעזען, אַז זיי זיינען דאָ נאָר אַ געצייג אין די הענט פון די קאָמוניסטן, וועלכע האָבן פּאַקטיש די גאַנצע דעה אין „איקאָר". אַפריער די לינקע פּועלי ציון, דערנאָך דאָס רוב אויפריכטיגע אומפּאַרטייאישע זיינען פון „איקאָר" ארויס; אַנדערע האָט מען געמאַכט ארויסצוגיין. איצטער איז דער „איקאָר" דורכאוים אַ קאָמוניסטישע מאַכערייקע; די פּאָר נאַאיווע אומפּאַרטייאישע, וואָס זיינען נאָך דאָרטן פאַרבליבן, זיינען אַליין קאָמוניסטיש געשטימט און זיי גייען געהאָרכזאַם אין שפּאַן. אין דער צייט פון קאַמף מיט די אָפּגעשפּאָלטענע האָבן די קאָמוניסטן אין זייער „פרייהייט" אָפן ארויסגעזאָגט, אַז די נשמה פון „איקאָר" איז קאָמוניזם, און אויב ער זאָל ניט זיין אונטער קאָמוניסטישער אָנפירונג, וועט ער גאָר ניט זיין.

ביי דעם ברייטן אַרבעטער עולם האָט זיך ביסלאַכווייז אויסגעבילדעט אַ מיינונג, אַז העלפן די אידישע מאַסן אין רוסלאַנד — דאָס איז די זאַך פון די אידישע קאָמוניסטן; און ווער עס איז געגן קאָמוניזם דאַרף זיך מיט די נויטן פון די אידישע מאַסן אין רוסלאַנד ניט אינטערעסירן. דאָס איז געווען אַ פאַלשע, אַ שעדלאַכע מיינונג, וועלכע האָט געגאָסן וואַסער אויף די רעדער פון די אידישע קאָמוניסטן. מיר האָבן שוין געזען, אַז דער פאַרבאַנד, דער אַרבעטער־רינג און די אידישע יוניאָנס זיינען געווען פאַר דער אידישער קאָלאָניזאַציע אין רוסלאַנד, נאָר זיי האָבן איר געוואָלט שטיצן ניט דורכ׳ן „איקאָר" נאָר דורכ׳ן דזשאָינט.

און אַז עס איז אומגעהויער אויסגעוואַקסן די נויט צווישן די דעקלאַסירטע

אידן אין רוסלאַנד, וועלכע זיינען געשטאַנען פאַר דער סכנה פון אויסשטאַרבן, איז אין 1929 אין אַמעריקע אָרגאַניזירט געוואָרן דער געצייג־קאַמפּיין פאַר די דעקלאַסירטע אידן אין רוסלאַנד. אַלע דעקלאַסירטע קאָנען קיין ערד־אַרבעטער ניט ווערן. פּריוואַטער קליינהאַנדל איז אין רוסלאַנד פאַרבאָטן. קיין מלוכה־שטעלעס זיינען געווים פאַר די דעקלאַסירטע אידן ניט אָנגעגרייט. בפרט אז צוליב זייער אייגענער ניט־פּראָלעטאַרישע פאַרגאַנגענהייט אָדער צוליב דעם וואָס זייערע עלטערן האָבן געהערט צו דער גרעסערער אָדער קלענערער בורזשואַזיע, האָבן די דעקלאַסירטע ניט געהאַט ניט קיין פּאָליטישע, ניט קיין בירגערלאַכע רעכט און מ׳האָט זיי ניט צועלאָזט ניט אין אַ יוניאָן, ניט אין אַ קאָאָפּעראַטיוו. עס איז געבליבן איין וועג פון הילף — פאַרזאָרגן די דעקלאַסירטע מיט געצייג, מיט איינפאַכע מאַשינען, מיט אַזעלכע סאָרטן רוי־שטאָף, וועלכע עס איז איצטער אין רוסלאַנד שווער צו קריגן, מאַכן פאַר זיי קאָאָפּעראַטיווע פאַבריקן און אויף אַזאַ אופן פאַרוואַנדלען זיי אין אַ פּראָדוקטיוון אַרבעטס עלעמענט, וואָס אַרבעט אויס פּראָדוקטן, אין וועלכע די דערפאַר נויטיגן זיך איצטער באַזונדערס שטאַרק. שפּעטער האָט דער פאָלקס־געצייג קאַמפּיין באַשלאָסן צו פאַרברייטערן זיין טעטיגקייט און אָנהויבן אַרבעטן אויך פאַר פּוילן. דאָך דאָס הויפּט־פעלד פון זיין אַרבעט איז געבליבן סאָוועט־רוסלאַנד.

אינטערעסאַנט איז, וואָס די סאָוועטן־רעגירונג האָט איינגעוויליגט אויף דער הילפס־אַרבעט פון דעם פאָלקס־געצייג קאַמפּיין און זי מאַכט איר קיין שום שטערונגען ניט; און די היגע אידישע קאָמוניסטן האָבן געמאַכט קולות, אַז דער פאָלקס־געצייג קאַמפּיין זאַמלט געלט פאַר דער קאָנטר־רעוואָלוציע, אַז ער איז אויסן אונטערצוגראָבן דעם פונדאַמענט פון דער סאָציאַליסטישער רעפּובליק... אָבער די דאָזיגע נאַרישע רכילות האָט ניט געהאַט קיין שום ווירקונג ניט אויף דער סאָוועטן־רעגירונג דאָרטן, ניט אויף די געלט־געבער דאָ.

ניט דאָ איז דאָס אָרט אָפּצושאַצן די וויכטיגע אַרבעט, וואָס דער פאָלקס־געצייג־קאַמפּיין האָט פאַר די לעצטע צוויי יאָר אויפגעטאָן. איך וויל דאָ נאָר זאָגן, אַז די איניציאַטיוו צו גרינדן אַזאַ אָרגאַניזאַציע איז אַרויס פון טוער פון אידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד און אין דער אַרבעט פאַר׳ן פאָלקס־געצייג קאַמפּיין אין ניו יאָרק און אויף די ערטער האָבן די מיטגלידער און טוער פון פאַרבאַנד אַ גרויסן חלק.

## 4.

דער אידישער סאָציאַליסטישער פאַרבאַנד איז גלייך ווייט ווי פון אַסימילאַציע, אַזוי פון נאַציאָנאַליזם. מיר ווילן ניט, אַז דאָס אידישע פאָלק זאָל אויפהערן צו עקזיסטירן, זיין שפּראַך זאָל אונטערגיין, זיין קולטור זאָל אָפּגעהאַקט ווערן. מיר ווילן אָבער אויך ניט, אַז די אידישקייט זאָל בלייבן אַ רעליגיעז־טראַדיציאָנעלע. מיר ווילן אַ נייע אידישקייט, אַ וועלטלאַכע, דורכגעדרונגען מיט די באַפרייענדע אידייען פון דער נייער מענשהייט. ניט גאָט׳ס אידן ווילן מיר זיין, נאָר מענשלאַכע אידן, געווענדט מיט׳ן פּנים צו דער צוקונפט.

דעריבער שטייט דער פאַרבאַנד פאַר די אידיש־סאָציאַליסטישע שולן פון אַר־בעטער רינג, און די טוער פון פאַרבאַנד זיינען דאָס רוב אויך אקטיווע טוער אין און ארום די שולן. און דאָ קומט ווידער אויס צו פירן אַ קאַמף אויף צוויי פראָנטן: 1) געגן די אַסימילאַטאָרן, וועלכע באַציען זיך צו אונזערע שולן פיינטלאַך, וועלכע האַלטן, אַז וואָס גיכער מיר וועלן פּטור ווערן פון דער אידישער שפּראַך און פון דער אידישער מאַסן־קולטור, אַלץ בעסער. זיי נישטערן און זוכן אין לעבן סימנים, אַז די אידישע שפּראַך גייט אונטער און ווען זיי דוכט זיך, אַז זיי האָבן אַזעלכע סימנים געפונען, טאַנצן זיי פאַר שמחה און שרייען מיט אַ בייזער הנאה, ווי באַ־נומענע: אהאַ! עס גייט אונטער! עס גייט אונטער! מערקווירדיג איז, וואָס די דאָזיגע געגנער, וועלכע באַקעמפן אַזוי ביטער די אידיש־סאָציאַליסטישע שול, באַ־קעמפן גאָר ניט די תלמוד־תורה. פאַרקערט, זיי האָבן נאָך פאַר איר אָפּט אַ ווייך וואָרים וואָרט. 2) אָנהענגער, וועלכע זיינען אָפּט שעדלאַכער פאַר געגנער; אָנהענג־גער, וועלכע שטרעבן דערצו און אַרבעטן דערויף, אַז פון דער פאָרמול „אידיש־סאָצ. שול" זאָל „דאָס „אידיש" ווערן געשוואַכן און דאָס „סאָציאַליסטישע" זאָל אָפּגע־דאַרט ווערן, וועלכע ווילן אריינברענגען אין אונזער שול דעם גאַנצן שימל פון דער תלמוד־תורה. דער קאַמף אויפ'ן ערשטן פראָנט פירט זיך די לעצטע פאַר יאָר אָפן און רוישיג. דער קאַמף אויפ'ן צווייטן פראָנט איז אַ שטילער. די אָנהענגער־געג־נער גראָבן פון אינעווייניג און זיי ווילן גאָר ניט ליידן, אַז מען ברענגט זייער אונטער־גראָבונגס־אַרבעט ארויס אין דער עפנטלאַכקייט. אָבער דער דאָזיגער קאַמף מוז און וועט ווערן אַלץ שטאַרקער. דער אַרבעטער־רינג איז ניט קיין חברה סומך נופלים און הלוית המת און זיין שול טאָר ניט ווערן קיין תלמוד־תורה. פאַרקערט, מיט איר גאַנצן וועזן איז זי און מוז זיין אַ קאַמף געגן דער תלמוד־תורה, געגן דער אידישקייט פון די כלי־קודש.

דעם זעלביגן קאַמף אויף צוויי פראָנטן קומט אונז אויס צו פירן אויך ביים פאַרשפּרייטן דאָס אידיש בוך, אין אונזער באַציאונג צום אידישן טעאַטער. קיין שונד ווערט ניט גע'כשר'ט דורך דעם, וואָס עס איז געשריבן אָדער געשפּילט אין אידיש. אַזוי מיט אַלע צווייגן פון דער אידישער מאַסן־קולטור. די אידישע שפּראַך גייט אריין, ווי אַ פונקט אין אונזער סאָציאַליסטישער וועלט־אָנשויאונג, אַליין פאַר זיך איז זי ביי אונז קיין וועלט־אָנשויאונג ניט, און אונז איז דערווידער, ווען עס געפינען זיך אידישיסטן, וועלכע האָבן אַ וואָרים געפיל צו דעם גערער רבין מיט זיינע חסידים — ווייל יענע ריידן אידיש...

דאָס, וואָס מיר שטייען פאַר דער אידישער שפּראַך און פאַר דער אידישער מאַסן־קולטור קאָן בשום אופן ניט פאַרווישן די בולט'ע שטריכן פון אונזער סאָ־ציאַליסטישן פּנים; קיין צושוואומענעם פּנים פון כלל ישראל ווילן מיר ניט און וועלן ניט אָננעמען. דאָס, וואָס מ'רופט „אמת'ע אידישקייט" איז שוואַרץ, אין בעסטן פאַל איז עס גרוי. אונזער אידישקייט איז ניט קיין גרויע, זי איז אַ רויטע.

דזשיימס אָ'ניעל:

# וועגן די „ליבעראַלן" און האַלבע באָלשעוויקעס אין דער ס. פּ.

מען בעט מיך שרייבן וועגן דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין די פאַראייניגטע שטאַטן אין די פאַרגאַנגענע צען יאָר. איך נעם גערן אָן די איילאַנדונג, ווייל אין די לעצטע צען יאָר האָט זיך אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי געמערקט אַ וועגדונג, וואָס איז ניט נאָר אויסערגעוויינלאַך, נאָר געפערלאַך. אויב דאָס זאָל ווערן די הערשנדע ריכטונג אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, וועט די פּאַרטיי אויפהערן צו זיין אַ סאָציאַליסטישע. זי וועט נאָר אויסדריקן די צילן פון אַלערליי רעפאָרמערס, וועלכע פאַרטרעטן די מיטל־קלאַס אָפּאָזיציע אין דער פּאָליטיק פון קאַפּיטאַליסטישע פּאַרטייען.

אין די זעלביגע צען יאָר איז פאָרגעקומען אַ מערקווירדיגע ענדערונג אין דער קאָמוניסטישער באַוועגונג. ווי אומזיניג עס איז ניט געווען די קאָמוניסטישע באַוועגונג אין אַמעריקע אין די ערשטע יאָרן, איז די באַוועגנדע קראַפט אין איר געווען אַן ערלאַכער פאַנאַטיזם. אין די לעצטע יאָרן איז זי געוואָרן אַ „רעקעט", וואָס זאַמלט צונויף כוליגאַנעס. איר הויפּט ציל איז צו זאַמלען דורך פאַרשיידענע „אומשולדיגע" קלובן געלט, אום מיט דעם אויסצוצאָלן די געהאַלטן פון קאָמוניסטישע טשינאָווניקעס. ווי ווילדע, וואַרפן זיך די קאָמוניסטן אַרויף אויף יעדן וויכטיגן קאַמף, באַשאַפן אַן אָרגאַניזאַציע אונטער אַ פאַרשטעלטן נאָמען און זאַמלען געלט, און דאָס געלט ווערט ביי זיי פאַרשוואונדן. די אַמעריקאַנער קאָמוניסטישע באַוועגונג ליידט פון דער ערגסטער קראַנקהייט אין אַמעריקאַנער קאַפּיטאַליזם, פון „רעקעטירינג". זי איז צעשפּאָלטן אין פיר פראַקציעס, וואָס פירן צווישן זיך אַ קאַמף, און דער ברודער־קאַמף פרעסט אויף די גאַנצע באַוועגונג.

די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי ליידט פון גאָר אַן אַנדער צרה. אירע פּראָבלעמען און ריכטונגען שטאַמען פון דער פינסטערער נאָך־מלחמה צייט, ווען אַרבעטער זיינען געווען גלייכגילטיג צו סאָציאַליסטישער אַגיטאַציע. אונזער פּאַרטיי איז געפאַלן אין מיטגלידערשאַפט, אין גייסט און אין דער צאָל שטימען. דאָס זעלביגע איז געשען מיט יעדן טייל פון דער אַמעריקאַנער אַרבעטער באַוועגונג, צי ער איז געווען „רעכט", צי „לינק". קוקט דורך די רעקאָרדס פון דער פּאַרמער־לעיבאָר פּאַרטי, פון דער אַמעריקען פעדערישאָן אָוו לעיבאָר, פון דער סאָשעליסט לעיבאָר פּאַרטי, פון דער „אי־דאָבליו־דאַבליו", פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי און פון די אַלע קאָמוניסטישע גרופּן, און איר וועט באַלד זען, ווי די „פּראָספּעריטי" פון נאָך דער מלחמה און די גלייכגילטיגקייט פון די אַרבעטער צו ראַדיקאַלע אידייען האָבן גלייך געווירקט אויף די אַלע באַוועגונגען.

דער יאוש פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי האָט אָנגעהאַלטן יאָרן לאַנג, ווייל עס איז קלאָר געוואָרן, אַז מיר מאַכן ניט קיין פאָרטשריט מיט אונזער באַ־

וועגונג. אלס רעזולטאט פון אזא מין פעסימיזם, האבן פראמינענטע מיטגלידער באשלאסן צו אפעלירן ניט צום ארבעטער־קלאס, נאר צו „ליבעראלן", „פראגרעסיווע" און „סתם בירגער". עס איז געשאפן געווארן א „רעכטער פליגל", וואס באשטייט מערסטנס פון נייע מיטגלידער, וואס זיינען צוגעצויגן געווארן דורך דעם נייעם אפיל צו ליבעראלן, און איינציגע אלטע מיטגלידער, וואס האבן זיך מיאש געווען, האבן פארלארן יעדע האפנונג ווען עס איז צו צוקומען צום ארבעטער־קלאס. אין דער שטאט ניו יארק האט די נייע פאליסי געפירט דערצו, אז מען האט אנגעווענט אלע קרעפטן אויפ'ן קאמף געגן דער קארופציע פון טעמעני און מען האט דאס צו שטארק אונטערגעשטראכן אין דער פארטיי פלאטפארמע און פארנאכלעסיגט אנ־דערע וויכטיגע פונקטן.

די נייע פאליסי אין דער פארטיי האט געפירט דערצו, אז אין דער פארטיי זיינען אריינגעקומען גלחים, סטודענטן פון טעאלאגיע, סתם סטודענטן און בכלל מענשן, וואס ארבעטן ניט פאר א לוין. אין דער פארטיי האט זיך גענומען שטארק אנזען אן אויבערשטע גרופע מענשן, וואס אן ארבעטער־קלאס פארטיי קאן ניט לייכט אסימילירן. און די נייע מענשן אין דער פארטיי האבן זיך גענומען פירן גאר ניט ווי ארבעטער, וואס טרעטן אריין אין דער פארטיי. צוליב זייער קאלעדזש בילדונג האבן זיי גענומען קוקן אויף זיך, ווי אויף פארטיגע סאציאליסטן, וואס קאנען מער גארניט לערנען.

צוליב דעם האבן אין דער פארטיי גענומען אריינשטראמען צעשוואומענע באגריפן און אידייען, וואס נעמען זיך ניט פון ארבעטער־לעבן, נאר וואס שטאמען פון די קרייזן פון די בורזשואזע קאלעדזשעס. די נייע גרופע האט גוטגעהייסן דעם אפיל צו די „ליבעראלן" און צו „סתם בירגער". אזא אפיל איז דאך ניט „דאג־מאטיש", ער האט ניט אין זיך די „שמאלקייט" פון קלאסן־קאמף. מיר דארפן האבן אן „אמעריקאנעם סאציאליזם".

אבער זייענדיג אפארטוניסטיש, האבן די נייע „ליבעראלע" פארטיי מיטגלידער געזוכט א „ראדיקאליזם" אין אן אנדער ריכטונג, און יענער ראדיקאליזם איז אין גרונט גענומען אויך א „ליבעראלע" אידייע. זיי האבן דעם ראדיקאליזם געפונען אין רוסלאנד און אין דעם פינף־יאר פלאן. די אמעריקאנער ליבעראלן פארערן סטאלינען, און גלייכצייטיג שטיצן זיי סמיט'ן אָדער הואווער'ן אין אמעריקע. אין דער פארטיי זיינען די נייע מיטגלידער געווען שטארק געגן יעדער קריטיק פון דעם פינף־יאר פלאן. עס זיינען פאראן אין דער פארטיי אפילו אזעלכע, וואס האלטן, אז די פארטיי דארף אננעמען די שטעלונג צו סאוועט־רוסלאנד, וואס מיר געפינען ביי די אמעריקאנער „ליבעראלן".

די נייע שטעלונג צו רוסלאנד איז געווארן קלאר נאך דער פארטיי קאנווענשאן אין יאר 1928. ביי יענער קאנווענשאן האט מען ווידער איינשטימיג גוטגעהייסן די פאליסי וועגן רוסלאנד, וואס די פארטיי האט אנגעהאלטן יארן־לאנג. צווישן די, וואס האבן געשטימט פאר איר, זיינען אויך געווען אזעלכע, וואס האבן שפעטער אנגענומען די „ליבעראלע" פאליסי וועגן רוסלאנד. צו יענער צייט האבן די נייע

גרופּעס געגומען אַריינקומען אין דער פּאַרטיי, און אין אַ יאָר אָדער צוויי אַרום האָט זיך די נייע „ליבעראַלע" ריכטונג וועגן רוסלאַנד געלאָזט שטאַרק פילן אין דער פּאַרטיי.

צוויי ביישפּילן זיינען באַזונדערס אינטערעסאַנט. איינמאָל לעצטן פעברואַר האָב איך באַקומען אַזאַ מין אַרטיקל פון אַ נייעם פּאַרטיי מיטגליד. דערביי האָט ער מיר געשריבן, אַז זיין מיינונג „ווערט אַלץ פּאָפּולערער צווישן די ליבעראַלן אין לאַנד". אין אַ מאָנאַט אַרום האָט ער אָפּגעדרוקט אַ לאַנגן בריף אין דער „ניו יאָרק טאַימס", וואו ער האָט געלויבט גאָווערנאָר רוזוועלט און האָט זיך געפרייט, וואָס די פּראָגרעסיווע סענאַטאָרן אין וואַשינגטאָן קלייבן זיך אויסצואַרבעטן אַ פּראָגראַם, „דאָס בעסטע פּראָגראַם, וואָס איך האָב געזען אין פאַרלויף פון מאָנאַטן". אַ צווייטער, וואָס איז געווען אין דער פּאַרטיי יאָרן־לאַנג, האָט מיר צוגעשיקט אַ בריף פון אַ „ליבעראַל", וואָס האָט גוטגעהייסן זיין קוק אויף רוסלאַנד. ער האָט אויך געשריבן אין „ניו לידער", אַז אונזער שטעלונג צו רוסלאַנד „מאַכט גרעסער דעם ריס צווישן סאָציאַליסטן און וויכטיגע גרופּן ליבעראַלן".

עס איז קלאָר, אַז מענשן מיט אַזעלכע אַנזיכטן האָבן ניט דעם שטאַנדפּונקט פון דעם אַרבעטער־קלאַס, וואָס איז דער פונדאַמענט פון אַן עכטער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. ליבעראַליזם איז אַ מיטל־קלאַס פילאָסאָפיע. אויב ליבעראַליזם דאַרף באַשטימען אייער שטעלונג צו רוסלאַנד און צו באָלשעוויזם, טאָ לאָמיר שוין בעטן די ליבעראַלן, אַז זיי זאָלן אויך באַשטימען אונזער שטעלונג צו די יוניאָנס, צו פּאָליטישער טעטיגקייט און צו יעדער אַרבעט אונזערער.

נאָך איינער פון די נייע „ליבעראַלע" מיטגלידער אונזערע האָט געשריבן אין „ניו לידער" און האָט נאַאיוו פאַרטיידיגט דעם באָלשעוויסטישן טעראָר, ווייל ער איז ניט ערגער פון דעם טעראָר, וואָס גייט אָן אין די קאַפּיטאַליסטישע פאַראייניגטע שטאַטן. און ער האָט דערביי געבראַכט ביישפּילן פון ברוטאַלע מעשים אין אַמעריקע. ווי פּאַרקערט, ווי צעפּלאָנטערט עס איז דער שכל ביי אַזעלכע מיטגלידער, וואָס פאַר אַ צעמישטקייט עס מוז הערשן אין זייערע מוחות, אויב זיי באַרעכטיגן דעם טעראָר פון אַ כלומרשטער אַרבעטער רעגירונג, ווייל יענער טעראָר איז ניט אַ האָר אַנדערש פון דעם טעראָר פון קאַפּיטאַליסטישן קלאַס און זיינע אַגענטן!

שפּעטער האָבן די אַלע מאָדנע מיינונגען געפונען אַן אויסדרוק אין דעם וואָס מען רופט די „מיליטאַנט" גרופּע. אייניגע פון אירע מיטגלידער האָבן מיט דער צייט עפּעס געלערנט וועגן דעם פּאָליטישן אָפּאָרטוניזם אין דער פּאַרטיי און האָבן אים גענומען קריטיקירן. איך האָב דעם אָפּאָרטוניזם קריטיקירט אין די יערלאַכע באַריכטן צו דער „ניו לידער אַסאָסיאיישאָן" זינט דעם יאָר 1926, און דאָס זעלביגע האָבן געטאָן אַנדערע אַלטע סאָציאַליסטן, אָבער די „מיליטאַנטס" האָבן דאָס ערשט איצט אַנטדעקט. פון דער אַנדער זייט האָט די גרופּע אויסגעקליבן פאַר איר פירער אַ מענשן, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיט דער פּובליסיטי אַרבעט פון דער פּאַרטיי, אַ פּובליסיטי, וואָס איז דורכאויס מיטל־קלאַס ליבעראַל.

אַ קורצע צייט פאַר דער לעצטער סיטי קאָנווענשאָן פון דער פּאַרטיי פאָריגן פעברואַר, האָט יענער פירער אין אַן אַרטיקל אין „ניו לידער" קריטיקירט די פּאַרטיי,

ווייל זי האָט ניט פּראָטעסטירט געגן דעם, וואָס פּרעזידענט הואָווער האָט גוט־געהייסן די פאַראייניגונג פון די אייזנבאַנען פון דער איסט אין פיר סיסטעמען. ער האָט ערקלערט, אַז עס איז געווען אַ צייט, ווען די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי „וואָלט געמאַכט וועגן דעם אַ גרויסן טומל". און ווייטער האָט ער צוגעגעבן, אַז „אַן אייזנבאַן איז ניט דער זעלבער מין פּריוואַט אייגנטום, ווי פאַבריקן", ווייל אין דער אייזנבאַן איז „די געלעזשאַפט פאַראינטערעסירט".

דאָ האָבן מיר ווידער דעם מיטלקלאַס „ליבעראַליזם". פּרעזידענט רוזוועלט האָט אין יאָר 1907 גענומען די זעלביגע שטעלונג צו דער „טענעסי קאָול ענד איראָן קאָמפּאַני", וואָס הואָווער האָט גענומען היינטיגס יאָר, און דאָך האָט דאָס די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי איגנאָרירט אין איר פּלאַטפאָרם און רעזאָלוציעס אין יאָר 1908. קליינע קאַפּיטאַליסטן און די, וואָס שיקן פּראָבט, זיינען שטאַרק פאַר־אינטערעסירט אין אַזעלכע פאַראייניגונגען, אָבער דער אַרבעטער־קלאַס ווערט עקס־פּלואַטירט סיי ווי סיי, צי קליינע קאַפּיטאַליסטן ליידן שאָדן פון דער פאַראייניגונג, צי ניט.

נאָכמער, עס איז פאַראַן אַ באַשטימטער אונטערשייד צווישן דעם סאָציאַליס־טישן קוק אויף זאַכן און דעם מיטלקלאַס „ליבעראַליזם". דער אונטערשייד באַ־שטייט אין דעם, וואָס די סאָציאַליסטן זאָגן, אַז אין אונזערע גרויסע אינדוסטריעלע פּלענטס איז די געזעלשאַפט פּונקט אַזוי פאַראינטערעסירט, ווי אין די אייזנבאַנען. זיי זיינען אין תוך געזעלשאַפטלאַך און דאַרפן ווערן געזעלשאַפטלאַכער אייגנטום. קיין איינער פון די „מיליטאַנטן" ביי דער סיטי קאָנווענשאָן לעצטן פעברואַר איז ניט אַרויסגעטראָטן געגן אַזאַ מין מיטל־קלאַס שטעלונג פון זייערע פירער, כאָטש איך האָב דעמאָלט וועגן דעם געהאַט אַ קורצע באַמערקונג.

עס איז נאַטירלאַך, אַז אָט דער מיטלקלאַס „ליבעראַליזם" זאָל האָבן דעם קוק אויף רוסלאַנד און אויפ'ן פינף־יאָר פּלאַן, וואָס די ליבעראַלן האָבן. צי דאָס עקאָ־נאָמישע פּראָגראַם פון סאָוועט־רוסלאַנד וועט ווען עס איז זיין דערפאָלגרייך, ווייס איך ניט, אָבער זיי זאָגן, אַז זיי ווייסן. איין זאַך איז זיכער. דער „ליבעראַלער" שטאַנדפּונקט וועט ניט וואַרפן קיין שום ליכט אויפ'ן סאָוועט־רוסישן פּראָגראַם, אָבער אַ סאָציאַליסטישער קוק אויף דעם איז זייער וויכטיג, באַזונדערס אין אונזער צייט פון צומישטע באַגריפן. מיר זיינען פאַר דעם, אַז מען זאָל אַנערקענען סאָוועט־רוסלאַנד, אַז מען זאָל פירן מיט רוסלאַנד אַ האַנדל. מיר זיינען געגן דעם, אַז פרעמדע מלוכות זאָלן זיך אַריינמישן מיט באַוואָפנטער מאַכט אין רוסלאַנד, און מיר האַלטן פאַר נויטיג אַ סאָציאַליסטישע אומפּאַרטייאישע פאָרשונג פון דעם פינף־יאָר פּלאַן, ווי ער ווערט אַנטוויקלט.

דער „ליבעראַליזם" האָט אָנגענומען אַן אַנדער פאָרם, ווען עס איז אָרגאַניזירט געוואָרן די „ליג פאָר אינדעפּענדענט פּאָליטיקל עקשאָן", וועלכע האָט זיך לעצטן יאַנואַר געווענדט צו סענאַטאָר נאָריס, אַז ער זאָל איבערנעמען די פירערשאַפט פון אַ נייער פּאַרטיי. אַ צאָל סאָציאַליסטן האָבן זיך אין דער אָרגאַניזאַציע באַ־טייליגט, און האָוואַרד וויליאַמס, איר סעקרעטער, האָט אין מינעסאָטאַ אַפּעלירט

צו קליינע קאפיטאליסטן און פאבריקאנטן, אז זיי זאָלן צושטיין צו דער אָרגאַניזאַציע, ווייל זייער פּראָספּעריטי ענגט אָפּ פון דעם וואוילזיין פון די ארבעטער!

איך האָב ביי דער סיטי קאָנווענשאָן אריינגעבראכט אַ רעזאָלוציע געגן דער ווענדונג צו אַ „פּראָגרעסיוון" פירער, אַז ער זאָל ווערן דער פירער פון אַ דריטער פּארטיי. אָבער אַ פּראָמינענטער „ליבעראַלער" סאָציאַליסט האָט פארעפנטלאכט אַ סטייטמענט, אַז נאָרים'עם געזונט, עלטער און זיין גלויבן אין אומפּארטייאישע פּאָליטיק וועלן אים ניט לאָזן „אָנפירן דעם מין באוועגונג, וואָס מיר ווילן האָבן". פון דעם איז געדרונגען, אַז ווען נאָרים וואָלט אויפגעגעבן זיין אומפּארטייאישע פּאָליטיק, וואָלטן מיר אפשר געוואָלט, אַז ער זאָל אָנפירן די באוועגונג פון אַ דריטער פּארטיי. און אַזוי זעען מיר אַלע ווייַלע אָנדייטונגען, אַז מען וואָלט זיך געדאַרפט דערנענטערן צו די פּראָגרעסיווע רעפּובליקאַנער.

קאָמיש איז, וואָס די „מיליטאַנטן" האָבן געמאַכט אַן אנטדעקונג, אַז די פּארטיי ווערט צו שטארק באאיינפלוסט פון אַלטע מיטגלידער. אָט דער געדאַנק שטאַמט אויך פון דער „ליבעראַלער" אויסטייטשונג פון דעם פרידנס־אָפּמאַך, וואָס איז אויסגעארבעט געוואָרן פון בורזשואַזע שטאַטסלייט אין פּאַריז.

די „ליבעראַלע" צייטשריפטן זיינען געווען אומצופרידן מיט'ן פרידן און מיט די „אַלטע לייט", וואָס האָבן דעם פרידן אויסגעארבעט. עס איז אויסגעקומען, אַז אויב די זיגרייכע מלוכות וואָלטן קיין פּאַריז געשיקט יונגע שטאַטסלייט, וואָלט אַלצדינג געווען גאָר אַנדערטש. מען האָט דעם פרידן געאורטיילט לויט דעם עלטער פון די מענשן, וואָס האָבן אים אויסגעארבעט!

די „מיליטאַנטן" און זייערע פירער האָבן אָנגענומען אַזאַ מין קינדישע שטעלונג צו דער סאָציאַליסטישער פּארטיי, דאָס זיי האָבן דעם אָפּאָרטוניזם פארשטארקט, ווענדיג אים באַקעמפן.

אָבער גענוג איינצלנע ביישפּילן. איך האָב באַקומען בריוו פון אַלע עקן פון לאַנד, וואָס ווייזן, אַז עס האָבן זיך ווידער באוויזן אַלע אַמאָ־ליגע קינדערשע קראַנקהייטן פון די ערשטע צייטן פון דער סאָציאַליסטישער באוועגונג. דאָ האָבן מיר „ליבעראַליזם", פּאָליטישן אָפּאָרטוניזם, אימפּאָסיביליזם, לעיבאָריזם, כמעט־סאָציאַליזם, אַ נייעם מין פּאָפּוליזם, סענטימענטאַלן באַלשעוויזם און פּאַסיפיזם. איינער פון די אַלטע פּארטיי־מיטגלידער, וואָס איז איצט אַ „מילי־טאַנט", ערקלערט, אַז גאַנדי איז דער גרעסטער רעוואָלוציאָנער אויף דער וועלט! אונזערע עסטרייכער און בעלגישע גענאָסן, וואָס שטייען באוואפנט געגן פאַשיזם, זיינען, הייסט עס, אַ פארעלטערטע ערשיינונג.

אָבער אָפטער פון אַלץ הער איך פון אַלטע סאָציאַליסטן די טענה געגן דעם פּאָליטישן אָפּאָרטוניזם אין דער באוועגונג אין דער איסט. אַ צאָל סאָציאַליסטן שרייבן, אַז צוליב דעם אָפּאָרטוניזם זיינען אַ סך ארבעטער געוואָרן גלייכגילטיג און אפילו פיינטלאך צו דער סאָציאַליסטישער פּארטיי. און נאָך מער זעען מיר דאָס אין דער וועסט. אַ פּארטיי־מיטגליד פון מישיגען פּראָטעסטירט געגן דעם. ער פרעגט, צי די סאָציאַליסטישע פּארטיי האָט ניט אויפגעגעבן איר רעוואָלוציאָנערן

שטאַנדפּונקט, און צי איז ניט גלייכער אריינצוטרעטן אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

און וואָס וועט געשעען מיט אַ מיטגליד, וואָס וועט ענדלאַך אַזאַ שריט נעמען? ער וועט צושטיין צו איינער פון די קאָמוניסטישע גרופּעס, אָבער לאַנג וועט ער דאָרטן ניט זיין. דאָס איז פּונקט ווי זיצן אין אַ קאַמער פון אַ משוגעים־הויז. ער איז דאָרטן אָפּ אַ געוויסע צייט און גייט אַרויס. ער ווערט אַ ציניקער, ער קאָן ניט אָננעמען די אומזיניגע, אוממעגלאַכע פּראָגראַם און מעטאָדן פון די קאָמוניסטן, און ער קאָן אויך ניט איינשטימען מיט דעם גייסט פון „ליבעראַליזם" אין אונזער פּאַרטיי, וואָס פּרעמד דער באַוועגונג פון דעם אַרבעטער־קלאַס. ער ווערט אַ ציני־קער און איז פאַר דער באַוועגונג פאַרלאָרן.

די גאַנצע לאַגע נעמט זיך פון דעם, וואָס דער אַרבעטער־קלאַס האָט זיך פון די נאָך־מלחמה יאָרן ניט געוואָלט צוהערן צו דער סאָציאַליסטישער אַגיטאַציע, און די איינפלוסרייכע פּאַרטיי־מיטגלידער האָבן זיך אַ קער געטאָן צו „ליבעראַלע" און אָפּאָרטוניסטישע מעטאָדן, וועגן וועלכע איך האָב דאָ גערעדט. מיר האָבן נאָר וואָס צוגעקוקט דעם דורכפאַל פון דער ענגלישער לייבאָר־פּאַרטיי, וועלכע האָט אויך מקריב געווען איר פּראָגראַם און האָט אָנגענומען אַ פּוסטע אָפּאָרטוניסטישע פּאָליסי. און מיר אין די פאַראייניגטע שטאַטן האָבן דיזעלביגע רעזולטאַטן. אַנ־דערש קאָן עס ניט זיין.

און באַזונדערס טראַגיש איז דאָס, ווייל דאָס פּאַסירט פּונקט אין אַזאַ צייט, ווען דער צוזאַמענברוך פון קאַפּיטאַליזם דאָ אין לאַנד פּראָלעטאַריזירט דעם גאַנצן אַרבעטער־קלאַס און אַנדערע טיילן פון דער באַפעלקערונג. עס איז זיכער, אַז די נעקסטע סאָציאַליסטישע קאָנווענשאָן וועט זיין די וויכטיגסטע אין איר געשיכטע. און אויב מיר וועלן דאָרטן אָננעמען פּרוכטבאַרע באַשלוסן, וועט דאָס זיין נאָר אין דעם פאַל, ווען אַ גרעסערע צאָל דעלעגאַטן וועלן קומען צו דער קאָנווענשאָן מיט אַ פּראָגראַם פאַר דעם אַרבעטער־קלאַס אין אַלע פראַגן, וואָס שטייען פאַר דער פּאַרטיי.

איך וויל ציען די אויפמערקזאַמקייט פון אונזערע אידישע גענאָסן צו דער וויכטיגקייט פון דער אויפגאַבע און וואָלט זיי בעטן מיטהעלפן אין דעם. ביז מיט צען יאָר צוריק האָט אונזער פּאַרטיי אַרויסגערופן אַכטונג ביי גרויסע מאַסן אַר־בעטער. אין די לעצטע צען יאָר האָט די פּאַרטיי גענומען אָפּווענדן זיך פון דעם אַרבעטער־קלאַס שטאַנדפּונקט. אויב יודזשין וו. דעבס וואָלט איצט צוריק לעבעדיג געוואָרן, וואָלט ער ניט דערקענט געוויסע שטרעמונגען אין דער פּאַרטיי און געוויסע מיטגלידער אונזערע. דאָס זעלביגע קאָן געזאָגט ווערן וועגן אַנדערע פאַרשטאָר־בענע וועטעראַנען פון אונזער באַוועגונג, ווי הענפאָרד, שליטער, יאָנאַס, מעילי, לאָנדאָן, בערגער און אַנדערע.

איך האָף, אַז די נעקסטע קאָנווענשאָן וועט אַנטשידן אַרויספירן די סאָציאַ־ליסטישע פּאַרטיי אין יעדער פראַגע אויפ'ן וועג פון אַ קעמפערישע סאָציאַליסטישע

אָרגאַניזאַציע, וואָס נעמט אָפּ אָן די סאָציאַליסטישע פילאָזאָפיע און די פאָדע־רונגען פון דעם אַרבעטער־קלאַס. מיר וועלן ביי דער קאָנווענשאָן באַגעגענען רעפאָרמערס און אימפּאָסיביליסטן, פּאַסיפיסטן און „ליבעראַלן", סענטימענטאַלע כמעט־באָלשעוויקעס און אָפּאָרטוניסטן. ביז איצט האָט קיין איינע פון די אַלע ריכטונגען ניט געקראָגן די אָפיציעלע גוטהייסונג פון אַ קאָנווענשאָן. און צי זיי וועלן גוטגעהייסן ווערן ביי דער נעקסטער קאָנווענשאָן וועט אָפּהענגען אָן דער אויפקלער־רונגס־אַרבעט, וואָס די סאָציאַליסטן וועלן אָנפירן פאַר דער קאָנווענשאָן.

אַ סאָציאַליסטישע באַוועגונג מיט אַן אויסגעשפּראָכן „ליבעראַלער" ריכטונג איז האָפנונגסלאָז. אַ סאָציאַליסטישע באַוועגונג, וואָס איז באַגרינדעט אויף די אינטערעסן פון דעם אַרבעטער־קלאַס, קאָן וואַקסן, און נאָר אַזאַ באַוועגונג האָט אַ צוקונפט.

ב. לעוויטין:

# צען יאָר אידישע אַרבעטער־באַוועגונג

צען יאָר איז אַ גאַנץ קורצע צייט אין דעם לעבן פון אַן אָרגאַניזאַציע. אין דער געשיכטע פון אַ באַוועגונג שפּילט אַזאַ קליינע צאָל יאָרן געוויינלאַך קיין באַ־דייטנדע ראָלע ניט. ווען אָבער מיר בלעטערן דורך די געשיכטע פון דער אידישער אַרבעטער־באַוועגונג דאָ אין אַמעריקע, זעען מיר זיך ארום, אַז אין פּאַרלויף פון די געציילטע צען יאָר איז דאָרט פּאָרגעקומען אַ גאַנצע איבערקערעניש.

אין מיינע געדאַנקען לויפן דורך בילדער פון דער פאַרגאַנגענהייט. איך זע די אידישע יוניאָנס מיט צען יאָר צוריק. זיי זיינען גרויס אין צאָל פון מיטגלידער און מעכטיג אין איינפלוס. די גאַנצע אידישע אַרבעטער באַוועגונג איז פּאַראייניגט. זי האַלט אין בליען. די מיטגלידערשאַפט אין די יוניאָנס וואַקסט, די קאַסעס ווערן רייכער, די ערפאָלגרייכע קאַמפן און די פאַרבעסערונגען פון די אַרבעטס־באַדינגונגען אין די שעפּער זיינען אָפטער און באַדייטנדער. די אידישע יוניאָנס זיינען ניט נאָר שטאַרק אין איינפלוס און רייך אין געלט, נאָר זיי זיינען אויך שיין און ערהאַבן אין אידעאַלן. זיי זיינען די זיילן פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. די מאָראַל אין די יוניאָנס איז גלענצנד. דאָס וואָרט „יוניאָן" איז אַ הייליגקייט ביי די אַר־בעטער. די יוניאָן איז ניט נאָר די באַשיצערין פון די אַרבעטער אין שאַפּ, נאָר אויך זייער וועג־ווייזערין צו דער שיינער צוקונפט, צו דער פאַרווירקלאַכונג פון סאָציאַליזם.

און היינט!

די יוניאָנס זיינען שוואַך און אָרים. די מיטגלידערשאַפט איז געפאַלן; די קאַסעס זיינען ליידיג. פילע יוניאָנס האָבן אפילו ניט גענוג פינאַנציעלע מיטלען אָנצוהאַלטן די אָרגאַניזאַציע. אָבער דאָס איז נאָך ניט דער הויפּט־אומגליק מיט די אידישע יוניאָנס. זייער גרעסטע צרה איז דאָס, וואָס זיי זיינען דעמאָראַליזירט. זיי זיינען פאַרצערט פון אינערלאַכע רייסערייען, פון ברודער־קאַמף, פון שפּאַל־טונגען, וועלכע האָבן פאַרניכטעט זייער לעבנס־קראַפט.

וואָס פאַר אַן ענדערונג די לעצטע צען יאָר האָבן מיטגעבראַכט אין דער אידישער אַרבעטער־באַוועגונג!

* * *

דער יאָר 1920־21 האָט געזען די אידישע יוניאָנס אויפ'ן העכסטן שטאַפּל פון מאַכט און איינפלוס. טראָץ דעם וואָס די אידישע אימיגראַציע איז דורך די מלחמה־יאָרן שטאַרק פאַרקלענערט געוואָרן און טראָץ דעם וואָס דאָס לאַנד האָט דאַן דורכגעמאַכט אַן אינדוסטריעלן קריזיס, האָבן די אידישע יוניאָנס דאָך גע־האַלטן אין געווינען מיטגלידער. די אמאַלגאַמייטעד האָט זיך באַרימט מיט אַ מיטגלידערשאַפט פון 177 טויזנט; די אינטערנעשאָנאַל האָט געציילט 150 טויזנט מיטגלידער; די פאָריערס אינטערנעשאָנאַל האָט באַריכטעט 15,000 מעמבערס; די קאַפּענמאַכער יוניאָן האָט געהאַט אַ מיטגלידערשאַפט פון 10,000. די גרויסע יוניאַנס

האָבן שוין געהאַט אויסגעקעמפּט אַ 44 שטונדיגע אַרבעטס־וואָך און זיי האָבן געמאַכט פּלענער פאַר אַ אַקמף איינצופירן אַ 40-שטונדיגע אַרבעטס־וואָך. אויף דער 15טער קאָנווענשאָן פון דער אינטערנעשאָנאַל, אין 1920, זיינען אויפגע־נומען געוואָרן רעזאָלוציעס פאַר אַ 40־שטונדיגער אַרבעטס־וואָך און 5 טעג אַ וואָך אַרבעט. ענלאַכע רעזאָלוציעס זיינען אויך פאַרגעשלאָגן געוואָרן אויף דער 4טער, צוויי־יערלאַכער קאָנווענשאָן פון דער אמאַלגאַמייטעד. די קלענערע אידישע יוניאָנס האָבן נאָכגעפאָלגט דעם פאָרווערטס־מאַרש פון די גרויסע יוניאָנס און זיינען אויך געוואַקסן אין מאַכט און איינפלוס.

און אין דער צייט וואָס די אַרבעטס־שטונדן זיינען אַלץ פאַרקירצט געוואָרן האָבן די ווידזשעס געהאַלטן אין איין שטייגן. די הויכע ווידזשעס וואָס די אַרבעטער האָבן אויסגעקעמפּט אין די מלחמה־יאָרן זיינען אָנגעהאַלטן געוואָרן און נייע געווינסן זיינען פאַרצייכנט געוואָרן.

די יוניאָנס האָבן ניט נאָר געזאָרגט זיך פאַר די מעמבערס וואָס זיי האָבן שוין געהאַט, נאָר זיי האָבן אויך געמאַכט פּלענער פאַר צוקינפטיגע מיטגלידער. אין יענער צייט האָט מען זיך גערעכנט אויף אַן אומענדלאַכן שטראָם פון אידישער אימיגראַציע. קיינעם האָט זיך נאָך דאַן ניט גע׳חלום׳ט, אַז אין עטלאַכע יאָר אַרום וועט אַמעריקע פאַרמאַכן די טויערן פאַר איינוואַנדערער. מען האָט גערעכנט, אַז אַ גרויסע צאָל אידן וועלן זיך אַ לאָז טאָן קיין אַמעריקע אום צו אַנטלויפן פון די חרוב געוואָרענע ישובים אין די מזרח אייראָפּעאישע לענדער. האָבן די יוניאָנס געמאַכט פּלענער צו אָרגאַניזירן די אימיגראַנטן וואָס וועלן אריינפאַלן אין די שעפּער און אריינגעמען זיי אין די יוניאָנס.

די אידישע יוניאָנס האָבן זיך ניט באַנוגנט מיט אָרגאַניזירן זייערע אייגענע טריידס. זיי האָבן גע׳חלום׳ט פון אַ העכערן אידעאַל. זיי האָבן געוואָלט אָרגאַ־ניזירן די גאַנצע קליידער־אינדוסטריע אין איין גרויסער פעדעראַציע פון אַלע נאָדל־טריידס. און וואָרום באַגרעניצן די אָרגאַניזאַציע פון דער קליידער־אינדוסטריע בלויז צו אַמעריקע? וואָרום ניט שאַפן אַ וועלט־אָרגאַניזאַציע, אַ פעדעראַציע פון אַלע נאָדל־טריידס איבער דער גאַנצער וועלט? די אַרבעטער־באַוועגונג איז דאָך אינטערנאַציאָנאַל, זי ווייס ניט פון קיין גרעניצן, וואָרום ניט אַרבעטן אין דעם גייסט? דאָס זיינען געווען ניט גלאַט פּוסטע פראַזן. אין 1919 זיינען פּרעזידענט שלעזינגער פון דער אינטערנעשאָנעל און סעק. שלאָסבערג פון דער אמאַלגאַמייטעד געפאָרן קיין אַמסטערדאַם, צו דער אינטערנאַציאָנאַלער קאָנפערענץ פון פאַרטרעטער פון אַלע נאָדל־טריידס פון די וויכטיגסטע לענדער פון דער וועלט, מיט דעם צוועק צו אויפלעבן די אינטערנאַציאָנאַלע סאָלידאַריטעט פון אַרבעטער־קלאַס, וועלכע איז פאַרניכטעט געוואָרן דורך דער מלחמה, און צו אָרגאַניזירן אַ וועלט־פעדעראַציע פון אַלע קליידער־אַרבעטער.

און די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטן! זי איז געווען די וואָרט־זאָגערין פאַר די קלענערע אידישע יוניאָנס. זי האָט פאַרנומען אַן אָנגעזעענעם פּלאַץ אויף דער אידישער גאַס. די באַלעבאַטים האָבן זיך שטאַרק גערעכנט מיט איר. פילע באַסעס, וואָס האָבן זיך געקאָנט פאַרגינען אַ קאַמף געגן דער קליינער

און שוואכער יוניאָן אין זייער אינדוסטריע, האָבן אָבער ניט געוואגט צו מאַכן אַ לאָקאַוט, אָדער גלאַט קריוודען די אַרבעטער, אוים מורא פאַר די געווערקשאַפטן.

אויך פאַר׳ן אַרבעטער רינג איז די צייט פון 1920—21 געווען די גאָלדנסטע אין זיין געשיכטע. דער קאַמף צווישן די „אַלטע" און „יונגע" איז שוין געווען אַ זאַך פון דער פאַרגאַנגענהייט. די צייט איז געווען אַ רואיגע. דער לאַנג־יאָריגער טרוים „לשנה הבאה בבאָסטאָן" איז ענדלאַך פאַרווירקלאַכט געוואָרן. דער אַר־בעטער רינג איז לעגאַליזירט געוואָרן אין מאַסאַטשוזעטס. עס איז פאָרגעקומען די פאַראייניגונג מיט דער „לייבאָר ליג". אין יענער צייט האָט דער אַרבעטער רינג געקראָגן אַ דאָמיניאָן טשאַרטער. ער האָט שוין געהאַט ערלויבניש צו טאָן ביזנעס אין 34 שטאַטן. די מיטגלידערשאַפט איז געוואַקסן; די קאַסע איז געוואָרן אַלץ רייכער. דער אַרבעטער רינג איז געווען ניט נאָר „דער גרויסער ברודער" (ביג בראָדער) צו זיינע אייגענע מעמבערס, נאָר ער איז אויך געוואָרן דער רייכער פעטער פון דער גאַנצער אַרבעטער באַוועגונג. ער האָט געשטיצט סטרייקס, האָט ברייט געעפנט די קעשענע פאַר אַלע רעליף־באַוועגונגען. דער אַרבעטער רינג איז געווען (און ער איז עס פאַרבליבן ביז היינט צו טאָג) דער שטאָלץ פון דער אידישער אַרבעטער באַוועגונג.

דאָס איז געווען דער צושטאַנד פון דער אידישער אַרבעטער־באַוועגונג מיט 10—11 יאָר צוריק. זי איז געווען שטאַרק, רייך, פאַראייניגט.

און ווען מען קערט אָפּ די אויגן פון יענע גלאָררייכע בילדער און מ׳גיט אַ קוק אויף די אידישע יוניאָנס פון היינט, גייט דורך אַ שוידער איבער׳ן לייב. אָנשטאָט יענער שיינער פּאַנאָראַמאַ, פאַרציט זיך פאַר די אויגן אַ פינסטערער טומאַן. עס איז עפּעס אַ מישמאַש. די יוניאָנס ראַנגלען זיך מיט׳ן טויט; קוים וואָס זיי זשיפּען. די גאַנצע אידישע אַרבעטער באַוועגונג איז צושפּאָלטען, נידערגעשלאָגען, שיער ניט אויפ׳ן שוועל פון אונטערגאַנג. די אידישע יוניאָנס, אין זייער איצטיגן צושטאַנד, זיינען ניט מער ווי שאָטנס געגן די בליענדע און איינפלוסרייכע אָרגאַ־ניזאַציעס פון אידישע אַרבעטער פון צען יאָר צוריק.

וואָס פאַר אַן איבערקערעניש אין אַזאַ קורצער צייט!

מיט צען יאָר צוריק האָט מען געזונגען שירים צו אַ וואַקסנדן ריז. היינט קומט אויס צו מאַכן אַ הספד אויף אַ געפאַלענעם העלד!

* * *

וואָס האָט מיטגעבראַכט די איבערקערעניש? וואָס האָט פאַראורזאַכט דעם קריזיס אין דער אידישער אַרבעטער־באַוועגונג?

ווען מען וויל האָבן אַ באַגריף וועגן דעם, וואָס עס איז פאָרגעקומען אין דער אידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין די לעצטע צען יאָר, דאַרף מען בלויז דורכבלעטערן די געשיכטע פון דעם קאַמף וואָס די פאַרשיידענע יוניאָנס האָבן אָנגעפירט געגן דער קאָמוניסטישער מגפה. דער קאַמף האָט אַוועקגענומען ביי די יוניאָנס כמעט די גאַנצע צייט, האָט פאַרצערט זייערע לעצטע כוחות און האָט אויפ־געגעסן זייער לעצטן סענט.

דער לעצטער יאָר־צענדליג איז געווען פאַר דער אידישער אַרבעטער באַוועגונג

א פעריאדע פון קאמף, פון צוויסטיגקייטן, פון רייסערייען, פון שפאלטונגען און פון דעמאראליזאציע. די אידישע ארבעטער־באוועגונג האט דורכגעמאכט א שרעקלאכע מלחמה. איר איז אויסגעקומען צו קעמפן אויף צוויי פראנטן: פון איין זייט זיינען געשטאנען די אויסערלאכע שונאים, די באלעבאטים, און האבן גערדריקט די יוניאנס פון אויסוועניג; און, פון דער צווייטער זייט, זיינען געשטאנען די אינערלאכע שונאים, די קאמוניסטן, וועלכע האבן געשפאלטן און געבראכן די יוניאנס פון אינוועניג. די ארבעטער באוועגונג האט געקאנט אויסשטיין ערפאלגרייך די אטאקעס פון די באלעבאטים; זי איז אבער געווען מאכטלאז אויסצוראטן די דעמאראליזאציע וואס די קאמוניסטן האבן אין איר אריינגעבראכט.

די קאמוניסטישע מגפה איז געווען די גרעסטע קללה פאר דער אידישער ארבעטער-באוועגונג. דאס איז אבער געווען ניט דער איינציגער איבל וואס די יוניאנס האבן געהאט צו באקעמפן. די אידישע יוניאנס האבן צו דער זעלבער צייט אויך שטארק געליטן פון דעם עקאנאמישן קריזיס, פון ספעציעלע טרייד־פראבלעמען און פון דעם כאראקטער פון אירע ארבעטער. מיר וועלן באטראכטן די וויכטיגסטע איבלען, וועלכע קענען קלאסיפיצירט ווערן ווי פאלגט:

1) דער עקאנאמישער קריזיס; 2) ספעציעלע טרייד־פראבלעמען; 3) די קוואליטעט פון די ארבעטער; 4) די קאמוניסטישע מגפה.

1) עקאנאמישער קריזיס. — דער יאר־צענדליג פון 1920-21 ביז 1930—31 איז געווען א פעריאדע פון פארצערונג פאר דער גאנצער אמעריקאנער ארבעטער־באוועגונג. אין 1920 האט די אמעריקען פעדערײשאן אוו לייבאר געציילט איבער 4 מיליאן ארגאניזירטע ארבעטער אין אירע פארשיידענע יוניאנס. איצט איז די מיטגלידערשאפט פון דער א. פ. אוו ל. ווייניגער פון 2 און א האלב מיליאן. די מיינערס יוניאן האט איצט ניט קיין דריטל פון די מיטגלידער וואס זי האט געהאט מיט 10—11 יאר צוריק. די אייזנבאן-יוניאנס, וועלכע זיינען צווישן די שטארקסטע אין לאנד, האבן פארלארן צענדליגע טויזנטער מיטגלידער. כמעט אלע יוניאנס האבן געליטן גרויסע פארלוסטן אין מיטגלידער. מען קען פאר דעם פארלוסט פון מיטגלידער ניט באשולדיגן ניט די איינצלנע יוניאנס און ניט די א. פ. יוא ל.; כאטש איך גלויב אז ווען די פעדערײשאן און די באזונדערע יוניאנס וואלטן אנגעפירט אן ארגאניזאציע־קאמפיין וואלט די מיטגלידערשאפט אזוי שטארק ניט געפאלן. שולדיג אין דעם איז דער עקאנאמישער קריזיס און די טעכנישע ערפינדונגען, וועלכע האבן ארויסגעווארפן טויזנטער ארבעטער פון די אינדוסטריען.

עס פארשטייט זיך, אז דער עקאנאמישער קריזיס און די טעכנישע ערפינדונגען האבן אויך ניט געשאנעוועט די אידישע יוניאנס. די קריזיס־יארן פון 1924-5 און ספעציעל די לעצטע צוויי יאר האבן ארויסגעשטויסן פון די נאדל-טריידס צענדליגע טויזנטער ארבעטער. די נייע מאשינען וואס זיינען אריינגעשטעלט געווארן אין די קלאוק־שעפער און אין שנײדער־פאבריקן האבן ווידעראמאל געהאלפן ארויסצושטויסן פון דער קליידער־אינדוסטריע טויזנטער ארבעטער. צוליב די נייע מאשינען און צוליב די פאראיינפאכונג פון דער ארבעט איז די פראדוקטיוויטעט פון די ארבעטער פארגרעסערט געווארן. די קלאוק־שעפער און די שנײדער־שעפער גיבן איצט ארויס מער ארבעט מיט ווייניגער ארבעטער ווי זיי האבן עס געקאנט

טאָן מיט צען יאָר צוריק. עס איז דעריבער פאַרשטענדלאך אַז ווען די אידישע יוניאָנס וואָלטן געליטן בלויז פון דער אַלגעמיינער צרה, פון דעם קריזיס, וואָלטן זיי אויך געמוזט פאַרלירן מאַסן מיטגלידער, ווי עס איז דער פאַל מיט די אַמעריקאַנער יוניאָנס.

2) די טרייד פּראָבלעמען. — די אידישע יוניאָנס, וועלכע ציען זייער מיטגלידערשאַפט הויפּטזעכלאך פון די נאָדל־טריידס, האָבן שטאַרק געליטן פון נאָך אַ צרה. די שעפּער האָבן געהאַלטן אין אַנטלויפן פון זיי. קיין באָם גלייכט ניט אַ יוניאָן, ספּעציעל אַ טעטיגע יוניאָן וועלכע האַלט אין פאָדערן אַלץ בעסערע באַדינגונגען פאַר די אַרבעטער. פירן די באָסעס שטענדיג אָן אַ קאַמף געגן די יוניאָנס. געוויינלאך ווערט אָבער דער קאַמף צווישן דעם באָס מיט דער יוניאָן אָנגעפירט אויפ'ן פּלאַץ, וואו דער שאַפּ אָדער די פאַבריק געפינט זיך. די אייזנבאַן מאַגנאַטן קענען ניט אַריבערפירן די באַנען אין אַן אַנדער פּלאַץ. דער מאַין־מאַגנאַט קען ניט אַנטלויפן מיט זיין קוילן־מאַין אָדער גאָלד־מאַין אין אַן אַנדער שטאַט. אפילו אין אַזעלכע אינדוסטריען וואו מען קען יאָ אַריבערפירן אַ פאַבריק פון איין פּלאַץ אויף אַ צווייטן, איז עס אָבער פאַרבונדן מיט פילע שוועריגקייטן און מיט גרויסע אויסגאַבן. אין די נאָדל־טריידס איז אָבער ניט שווער אַריבערצומופן אַ שאַפּ פון איין פּלאַץ אין אַ צווייטן. אויב דאָס איז פאַרבונדן מיט גרויסע אויסגאַבן, קריגט דער מאַנופעקטשורער אַזעלכע קאָנצעסיעס פון די קליינע שטעטלאך וואוהין ער פירט אַריבער זיין פאַבריק, אַז אים לוינט זיך דער עסק. ער קריגט דאָרט ביליגע רענט, ביליגע אַרבעטער און מען פאַרשפּרעכט אים נאָך דערצו פּראָטעקשאָן פון דער לאָקאַלער פּאָליציי געגן דער יוניאָן.

די שניידער־יוניאָן ספּעציעל האָט פיל געליטן פון דער „מופ״־מגפה. שעפּער האָבן געהאַלטן אין איין אַנטלויפן פון ניו יאָרק און די יוניאָן ! אָט זיך געהאַלטן אין נאָכיאָגן און אָרגאַניזירן די שעפּער אין די ניי־געשאַפענע קליידער־צענטערן. מיט יאָרן צוריק וואָלט אַזאַ זאַך געווען אומעגלאך פאַר אַ קליידער־פאַבריקאַנט. ער האָט געמוזט האָבן ערפאַרענע שניידער צו מאַכן די גאַרמענטס, און אין די קליינע שטעטלאך קען מען קיין ערפאַרענע אַרבעטער ניט קריגן. היינט איז אָבער די אַרבעט אַזוי פאַראייינפאַכט אַז מען קען אָפּערירן אַ שאַפּ בלויז מיט עטלאַכע ערפאַרענע אַרבעטער, ווי צושניידער. ברענגט דער באָס אַריבער פון דער גרויסער שטאָט די נויטיגע צאָל קאַטערס און עטלאַכע אַנדערע ערפאַרענע אַרבעטער ; דאַן שטעלט ער אָן אַ גרויסע צאָל שיקסעס, וועלכע אַרבעטן פאַר אים האַלב אומזיסט און ער נעמט זיך צו דער אַרבעט.

צו אָרגאַניזירן די שיקסעס איז זייער שווער. זיי איז פרעמד דער געדאַנק פון אַ יוניאָן. זיי גייען אין שאַפּ צו מאַכן אַ פּאָר דאָלאַר כדי אַרויסצוהעלפן אין דער היים ביז זיי וועלן חתונה האָבן. דער שאַפּ איז פאַר זיי אַ צייטווייליגער קוואַל פון חיונה און זיי ווילן זיך ניט באַדערן מיט קיין יוניאָן. די שטאָט־באַאַמטע לעגן גרויסע שוועריגקייטן אין וועג פון די יוניאָן־אָרגאַנייזערס, וועלכע קומען אָרגאַניזירן די „אַנטלאָפענע״ שעפּער, און עס קומט אָן מיט צרות ביז מען יוניאָניזירט ענדלאך אַן אַנטלאָפענעם שאַפּ.

די קלאָוק און דרעס יוניאָן האָט געליטן װײניגער פון „אַנטלאָפּענע" שעפּער. צוליב דעם וואָס די סטײלס האַלטן זיך אין איין ענדערן, מוז דער מאַנופעקטשורער שטיין אין אָדער אַרום ניו יאָרק, כדי צו זיין אין באַרירונג מיט די באַיערס און צו קענען האַלטן אַן אויג אויף די זיך שנעל ענדערנדע סטײלס. דערפאַר האָט אָבער די קלאָוק און דרעס מאַכער יוניאָן געליטן פון אַנדערע איבלען אין טרייד. פאַר די לעצטע עטלאַכע יאָר איז פאָרגעקומען אַ גאַנצע רעוואָלוציע אין די סטײלס פון פרויען קליידער. די מאָדע צו טראָגן דרעסעס און „אַנסאַמבלס" האָט פאַקטיש אַרויסגעשטופּט די קלאָוקס און סוטס פון מאַרק. עס זיינען איצט פאַראַן ווייניג קלאָוק שעפּער, אָבער דערפאַר זיינען אויסגעוואַקסן אַן אַ צאָל דרעס-שעפּער. מען דאַרף שוין ניט האָבן קיין סך ערפאַרענע אַרבעטער. דער עולם וויל ביליגע קליידער. מיט דרעסעס וואָס ווערן פאַרקויפט צו 5 און 10 דאָלאַר אַ שטיק קאָן מען זיך קיין סך ניט צערעמאָניען ביי דער אַרבעט. מען מוז זיי מאַכן שנעל. די אַרבעט איז איינפאַך און יעדער איינער קען טאָן אַ געוויסן טייל אַרבעט אָן פיל ערפאַרונג. צוליב דעם זיינען אין טרייד אָנגעלאָפן אַ סך איטאַליענער, פּאָליאַקן און אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן, וועלכע עס איז שווער צו אָרגאַניזירן און וועלכע דריקן אַרונטער דעם סטאַנדאַרד פון די ווײדזשעס.

די אַמאַלגאַמייטעד און די אינטערנעשאָנאַל זיינען ניט די איינציגע פון די נאָדל טרייד יוניאָנס, וועלכע האָבן געליטן פון ספּעציעלע טרייד-פּראָבלעמען. די פאַריערס יוניאָן האָט אויך געהאַט איר פּעקל צרות. די קעפּ-מאַכער יוניאָן איז פאַקטיש רואינירט צוליב ענדערונגען אין סטייל, און זי פירט אָן אַ פאַרצווייפלטן קאַמף אָנצוהאַלטן די אָרגאַניזאַציע. כמעט אַלע יוניאָנס פון דער נאָדל-אינדוסטריע האָבן געהאַט אויסצושטיין גרויסע צרות פון די ספּעציפישע באַדינגונגען אין זייערע טריידס.

4) די קוואַליטעט אַרבעטער. — ווען די אינטערנעשאָנאַל לײדיס גאַרמענט וואָירקערס יוניאָן איז געגרינדעט געוואָרן אין ניו יאָרק, איז די גוואַלדיגע מאַיאָריטעט פון די מיטגלידער געווען אידישע אַרבעטער. דער אימיגראַציאָנס-שטראָם אין אָנפאַנג פון דעם יאָרהונדערט האָט געבראַכט קיין אַמעריקע הונדערטער טויזנטער אידן פון רוסלאַנד, פּוילן, ליטע און גאַליציע. די אימיגראַנטן האָבן זיך מאַסנווייז אַ לאָז געטאָן אין די קלאָוק שעפּער און שניידער פאַבריקן, וואו עס איז געווען לייכטער פאַר זיי צו באַקומען אַרבעט. די אידישע אַרבעטער, זייענדיג דורכגעדרונגען מיט דעם גייסט פון דער רעוואָלוציאָנערער עפּאָכע אין רוסלאַנד פון 1905, האָבן געשטויסן די יוניאָנס צו ווערן וואָס ראַדיקאַלער אין זייערע פאָדערונגען. זיי זיינען געווען גוטע יוניאָן-לייט, אויסגעצייכנטע סטרייקער, און אַ דאַנק דעם איז געלונגען די יוניאָנס אויסצוראָטן די סוועט-שעפּער, איינצופירן קאָלעקטיווע אַגרימענטס און אויסצוקעמפן פיל בעסערע באַדינגונגען פאַר די אַרבעטער אין דער נאָדל-אינדוסטריע, ווי עס האָבן עקזיסטירט אין די מערסטע אַמעריקאַנער אינדוסטריען.

אָבער אויב דער אידישער אַרבעטער איז אין אָנפאַנג געווען אַ געווינס פאַר די נאָדל טרייד יוניאָנס, איז ער שפּעטער געוואָרן אַ פּראָבלעם און זאָגאַר אַ שטערונג.

דער אידישער שניידער און קלאָוקמאַכער איז ניט געקומען אין שאַפּ דאָרט צו פאַר־בלייבן און ציען פון דאָרט אויף שטענדיג זיין חיונה. דרייענדיג זיין „קאַטערינקע", ווי דער שניידער רופט אָן זיין ניי־מאַשין, האָט דער שניידער, אַזוי גוט ווי דער קלאָוקמאַכער, ווי דער פּאָריער, אָדער ווי דער קאַפּן־מאַכער, געטראַכט וועגן אַן אייגענער שאַפּקע. דער נעכטיגער אַרבעטער איז געוואָרן דער היינטיגער באָס. עס האָבן אָנגעהויבן וואַקסן „קאָרפּאָריישאָן" שאַפּקעס, עס האָבן זיך געיאַוועט קאָנטראַקטאָרס און סאָב קאָנטראַקטאָרס. די אינדוסטריע איז צוברעקלט געוואָרן, די עקספּלואַטאַציע איז פאַרשטאַרקט געוואָרן און די יוניאָנס האָבן געהאַט פיל צרות ביז זיי איז געלונגען איינצושטעלן אָרדנונג אין דער אינדוסטריע.

און אויב דער אידישער אַרבעטער האָט ניט געקאָנט אַליין ווערן אַ באָס, איז ער אין זיין שאַפּ סיי ווי ניט פאַרבליבן. ער האָט זיך אויסגעזוכט אַ קענדי סטאָר, אַ גראָסערי, אַ פּרעסינג און קליינינג סטאָר און איז געוואָרן אַ באַלעבאָס פאַר זיך אַבי ניט צו אַרבעטן ביי „יענעם" אין שאַפּ. דער אידישער אַרבעטער איז ניט געווען קיין תושב אין שאַפּ. ער איז דאָרט גיכער געווען אַ „גאַסט", וועלכער האָט געזוכט די ערשטע געלעגנהייט פון דאָרט צו אַנטלויפן.

דער אידישער אַרבעטער האָט מיטגעבראַכט פון דער אַלטער היים דעם רעוואָלוציאָנערן גייסט, האָט ער זיך אָבער ניט געקאָנט באַפרייען פון דער טראַדי־ציאָנעלער אידישער שנאה צום שאַפּ. אין אים האָט געלעבט די ליבע צו האַנדל, צו אַן אייגענעם געשעפט און ער איז ביי דער ערשטער געלעגנהייט אַוועק פון שאַפּ צו פּרובירן זיין מזל אַלס אַ באַלעבאָס פאַר זיך.

ווען די טויערן פון אַמעריקע זיינען געווען אָפן און דער שטראָם פון אידישע אימיגראַציע האָט אָנגעהאַלטן האָבן די נאָדל־טרייד יוניאָנס ניט געפילט אַזוי שטאַרק דעם ארויסגאַנג פון דעם אידישן אַרבעטער פון דער אינדוסטריע. ווען אָבער די אימיגראַציע איז אָפּגעשטעלט געוואָרן און קיין נייע אידישע אַרבעטער קומען אין דער אינדוסטריע מער ניט אריין, האָט דער פּראָצענט פון אידישע אַרבעטער אין טרייד אָנגעהויבן שטאַרק פאַלן.

צו דער זעלבער צייט איז די צאָל איטאַליענער שטאַרק פאַרגרעסערט געוואָרן אין דער גאַרמענט אינדוסטריע. דער איטאַליענער קומט אין שאַפּ ניט אַליין. ער ברענגט זיין זון, זיין טאָכטער און אַמאָל אויך די ווייב. ווען אַן עלטערער איטאַ־ליענישער אַרבעטער פאַלט ארויס פון דער אינדוסטריע, פאַרנעמט זיין פּלאַץ אַ זון אָדער אַ טאָכטער. דער אידישער אַרבעטער שיקט ניט זיין קינד אין שאַפּ. דעם זון שיקט ער אין קאַלעדזש צו שטודירן אויף דאָקטאָר, לאָיער אָדער אינזשענער. די טאָכטער שיקט ער אין ביזנעס־סקול זי זאָל קענען קריגן אַ שטעלע אין אַן אָפיס. דער שאַפּ קען זיין אַ שטערונג צו אַ לייטישן שידוך. וועגן שיקן די פרוי אין שאַפּ איז דאָך אָפּגערעדט. אַ אידישער יונגערמאַן באַטראַכט עס פאַר אַ באַליידיגונג פאַר זיך צו שיקן זיין פרוי אַרבעטן, און נאָך דערצו אין אַ שאַפּ.

ניט ווייניגער פּראָבלעם זיינען די פרויען־אַרבעטער. אין פאַרלויף פון די לעצטע עטלאַכע יאָר זיינען אין דער גאַרמענט אינדוסטריע אריינגעקומען אַן אומ־געהויער גרויסע צאָל פרויען. אין דער פרויען קליידער אינדוסטריע געפינען זיך

איצט ארום 45 טויזנט פרויען־ארבעטער, פון וועלכע בלויז א דריטל זיינען אָרגאַניזירט. זינט דער דרעס טרייד איז אויסגעוואַקסן און דער קלאָוק־טרייד איז א ביסל אוועקגערוקט געוואָרן אָן א זייט, האָבן פרויען געקראָגן א גרעסערן צוטריט צו דער פרויען קליידער אינדוסטריע. אין די וואַהיים גודס שעפּער זיינען שטענדיג געווען א גרויסע צאָל פרויען. דאָס האָט געמאַכט שווערער די אָרגאַניזאַציאָנס־אַרבעט פון דער אינטערנעשאָנאַל. מיט צען יאָר צוריק איז די ליידיס גאַרמענט אינדוסטריע געווען 90 פּראָצענט אָרגאַניזירט. היינט איז די אינדוסטריע אָרגאַניזירט בלויז 60 פּראָצענט און די צאָל גוט־שטייענדע מיטגלידער איז נאָך קלענער.

4) די קאָמוניסטישע מגפה. — די אויבן־דערמאָנטע איבלען האָבן געבראַכט א סך שאָדן דער אידישער אַרבעטער־באַוועגונג. וואָלטן אָבער יענע איבלען געווען די איינציגע שטערונגען אין וועג, וואָלטן די אידישע יוניאָנס זיך דאָך ניט געפונען איצט אין אַזא קריטישער לאַגע. די אידישע אַרבעטער־באַוועגונג איז פאַרהעלט־ניסמעסיג יונג דאָ אין לאַנד. פונדעסטוועגן האָט זי שוין באַוויזן דורכצולעבן אייניגע זייער ערנסטע קריזיסן, פון וועלכע זי איז אַרויסגעקומען א פּאַראַרימטע, אָן אָפּגעשוואַכטע. אָבער נאָך יעדן קריזיס האָבן די יוניאָנס ווידער אויפגעלעבט און זיי זיינען געוואָרן נאָך שטאַרקער און איינפלוסרייכער ווי פריער.

וואָרום קענען זיך איצט די אידישע יוניאָנס ניט אַרויפהויבן צו זייער אַמאָליגער הויך?

די אידישע יוניאָנס זיינען קראַנק. זייער האַרץ, זייער נשמה איז שטאַרק אָנגעגריפן. די מאָראַל, די לעבנס־קראַפט פון יעדער אָרגאַניזאַציע, איז צושטערט אין די אידישע יוניאָנס. די לאָיאַליטעט, די איבערגעבנקייט פון די אַרבעטער צו זייערע יוניאָנס, מיט וועלכע די אידישע אַרבעטער באַוועגונג האָט שטאָלצירט, איז איצט פּאַקטיש פאַרניכטעט. עס פעלט דער גלויבן, דער צוטרויען פון די מיטגלידער, וואָס האָט געגעבן מוט און קוראַזש צו די פירער אָנצוגיין מיט דער אָרגאַניזאַציאָנס־אַרבעט.

פאַרניכטעט די לעבנס־קראַפט אין די יוניאָנס האָבן די קאָמוניסטן. זיי האָבן צושטערט דאָס וואָס ניט די באָסעס און ניט די עקאָנאָמישע קריזיסן האָבן געקאָנט פאַרניכטן.

די קאָמוניסטן האָבן אָנגעפאַנגען זייער יוניאָן ברעכערישע אַרבעט באַלד נאָך דער שפּאַלטונג פון דער אידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע אין 1921. דער רעכטער פליגל פון דער אידישער פעדעראַציע האָט געגרינדעט דעם אידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד און דער לינקער איז אַוועק מיט די פעדעראַציע־פירער צו די קאָמוניסטן.

די ערשטע גרויסע יוניאָן צו פאַלן א קרבן אין די הענט פון די קאָמוניסטן איז געווען די פּאָריער־ס יוניאָן. די קאָמוניסטן האָבן זיך באַנוצט מיט דער אומצופרידנהייט צווישן די פּאָריער־אַרבעטער צוליב דער נידערלאַגע נאָך׳ן סטרייק פון 1920, און זיי איז געלונגען צו פאַרכאַפּן די יוניאָן. זיי האָבן דאָרט אָפּגעבאַלעבאַטעוועט צוויי יאָר צייט, ביז זיי זיינען פון דאָרט פאַרטריבן געוואָרן. דער יוניאָן האָט די קאָמוניסטישע הערשאַפט געקאָסט זייער טייער. פון די 9000 מעמ־

בערם אין 1921 זיינען פאַרבליבן בלויז 3,000. די גאַנצע געלט פון דער יוניאָן־קאַסע האָבן זיי פאַרטאַכלעוועט און האָבן נאָך איבערגעלאָזן חובות אויף איבער הונדערט טויזנט דאָלאַר.

זעענדיג אַז מיט'ן גראַדן וועג קענען זיי ניט אָנהאַלטן די יוניאָן, האָבן די קאָמוניסטן אָנגעפאַנגען אַ קאַמפּיין פון פאַרלוימדונגען, שמוץ־וואַרפעריי און בלבולים אויף די יוניאָן־באַאַמטע, ביז זיי האָבן אונטערגעגראָבן דעם צוטרויען פון די אַר־בעטער צו דער יוניאָן און זיי האָבן דעמאָראַליזירט די גאַנצע אָרגאַניזאַציאָנס־אַרבעט.

אין 1925 איז קאָמוניסטן ווידער געלונגען צו פאַרכאַפּן די פאָריערס יוניאָן. אין 1926 האָבן די קאָמוניסטן אָנגעפאַנגען דעם אוואַנטוריסטישן גענעראַל־סטרייק וואָס די קאָמוניסטישע פּאַרטיי האָט אַרויפגעצוואונגען אויף דער יוניאָן. נאָך 8 וואָכן סטרייק איז געווען אַ געלעגנהייט צו סעטלען דעם סטרייק. מיט דער הילף פון פּרעזידענט גרין פון דער א. פ. אָוו ל. איז אויסגעאַרבעט געוואָרן אַ סעטלמענט, לויט וועלכן די באַלעבאַטים האָבן איינגעוויליגט נאָכצוגעבן די וויכטיגסטע פאָדע־רונגען פון דער יוניאָן. די קאָמוניסטישע יוניאָן־פירער האָבן אָבער ניט דערלאָזן צו אַ סעטלמענט. דער סטרייק האָט זיך געצויגן 17 וואָכן צייט און נאָכהער האָבן די קאָמוניסטן געסעטלט דעם סטרייק פּאַקטיש אויף די זעלבע באַדינגונגען וואָס די באַלעבאַטים האָבן געוואָלט נאָכגעבן מיט 9 וואָכן פריער.

אַן אונטערזוכונג, וואָס די א. פ. אָוו ל. האָט געמאַכט פון יענעם סטרייק, האָט באַוויזן אַז די קאָמוניסטן האָבן פאַרטאַכלעוועט איבער 800 טויזנט דאָלאַר, פון וועלכע אַ גרויסער טייל איז געגאַנגען פאַר קאָמוניסטישע פּראָפּאַגאַנדע. די קאָמו־ניסטן האָבן אַריינגעבראַכט אין דער יוניאָן די טרויעריג באַרימטע „שוואַרצע גלאָווס”, די ספּעציעלע אַרמייע שלעגער, וועלכע האָבן געשלאָגן און גע'הרג'עט אַרבעטער וואָס האָבן געוואַגט צו קריטיקירן די פירער.

דער „פאָרווערטס” און דער „וועקער”, דער אָרגאַן פון אידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד, האָבן פיל געהאָלפן אויפדעקן די אינטריגעס און די מאַכינאַציעס פון די קאָמוניסטישע קאָמיסאַרן אין דער פאָריערס יוניאָן, און אַ דאַנק דעם זיינען זיי ענדלאַך פון דאָרט פאַרטריבן געוואָרן. אין 1929 האָבן די קאָמוניסטן געמאַכט דעם לעצטן פאַרזוך צו רופן אַ גענעראַל סטרייק, אָבער די אַרבעטער האָבן זיך ניט אָפּגערופן. דער דורכפאַל איז געווען דער לעצטער קלאַפּ פאַר די קאָמוניסטן.

די קאָמוניסטן זיינען ענדלאַך פאַרטריבן געוואָרן, אָבער די פאָריערס יוניאָן איז נאָך ביז היינטיגן טאָג צו זיך ניט געקומען פון דעם שאָדן, וואָס זיי האָבן פאַראורזאַכט.

די טעטיגקייט פון די קאָמוניסטן אין דער קלאָוק און דרעס מאַכער יוניאָן וועט פאַרשריבן ווערן אַלס די פינסטערסטע עפּאָכע אין דער געשיכטע פון דער אינטערנעשאָנאַל. עס האָט גענומען 24 יאָר, פון 1886 ביז 1910, אויפצובויען אַ קלאָוקמאַכער יוניאָן. עס האָט נאָכהער גענומען 14 יאָר, פון 1910 ביז 1924, אַרויפצוהייבן די יוניאָן אויף אַזאַ הויך, אַז זי זאָל ווערן איינע פון די שטאַרקסטע און ראַדיקאַלסטע יוניאָנס, ניט נאָר אויף דער אידישער גאַס, נאָר אין גאַנצן לאַנד. זיינען געקומען די קאָמוניסטן, און אין איינע 5 יאָר, פון 1924 ביז 1929, האָבן זיי

געמאַכט אַ תּל פון דער קלאָוק און דרעם מאַכער יוניאָן און זיי האָבן חרוב געמאַכט די גאַנצע אינטערנעשאָנאַל.

אויף דער אינטערנעשאָנאַל האָבן די קאָמוניסטן קאָנצענטרירט זייערע שווערסטע קאַנאָנען. דער מלחמה־פּראָנט איז געווען דאָ אין אַמעריקע, אין די שעפּער, אויף די יוניאָן־מיטינגען און אויף די גאַסן אין גאַרמענט צענטער. דער הויפּט־שטאַב וואָס האָט אָנגעפירט די גאַנצע סטראַטעגיקע אין דעם קאַמף צו פאַרכאַפּן אָדער צו צוברעכן די יוניאָנס, איז אָבער געזעסן אין מאָסקווע. פון דאָרט זיינען ארויס־געשיקט געוואָרן די אָרדערס, ווי אַזוי דעם קאַמף צו פירן. פון דאָרט האָט מען געשיקט ספּעציעלע מענשן און אויך געלט צו העלפן אָנפירן די פאַרניכטנדע מלחמה.

פון אָנהויב האָבן די קאָמוניסטן געהאַט גרויס ערפאָלג אין זייער פּלאַן צו פאַרכאַפּן די וויכטיגסטע יוניאָנס פון דער אינטערנעשאָנאַל. דעם ערפאָלג האָבן די קאָמוניסטן צו פאַרדאַנקען דריי זאַכן: ערשטנס, איז די צייט געווען אַ שלעכטע און די אַרבעטסלאָזיגקייט איז געווען גרויס; צווייטנס, האָבן די אַרבעטער געהאַט פילע גערעכטע קריוודעס געגן די באַאַמטע פון די יוניאָנס; דריטנס, האָבן די דאַמאָלסדיגע באַאַמטע פון דער אינטערנעשאָנאַל אָפּט געהאַנדלט זייער ניט טאַקטיש. מיט יעדער נייער אומטאַקטישקייט האָבן זיי צוגעגאָסן מער אויל אויף'ן פייער און זיי האָבן פּאַקטיש געשפּילט אין די הענט פון די קאָמוניסטן.

צוליב דעם קאַמף מיט די קאָמוניסטן איז געוואָרן אַ מאָדע אין דער אַרבעטער־באַוועגונג (און די מאָדע עקזיסטירט נאָך ביז אַ געוויסן גראַד היינט צו טאָג) צו פאַרשרייען יעדע קריטיק, יעדן אויסדרוק פון אומצופרידנהייט, אַלס קאָמוניזם. פילע יוניאָן באַאַמטע האָבן זיך באַנוצט מיט דעם געשריי פון קאָמוניזם צו באַ־קעמפן זייערע קריטיקער און די וואָס זיינען געווען אומצופרידן מיט געוויסע פאַראָנדקעס אין די יוניאָנס. דאָס האָט געטריבן אַ סך „רעכטע" אַרבעטער אין די רייען פון די קאָמוניסטן. דאָרט, האָבן זיי געטראַכט, וועלן זיי קריגן גערעכטיגקייט. די קאָמוניסטן האָבן זיך דאָך ערקלערט פאַר משיחים. זיי זיינען דאָך געקומען ראַטעווען די יוניאָנס פון אַלע צרות. וועלן זיי דאָך זיכער געבן גערעכטיגקייט צו אַלע געקריוודעטע. אַ דאַנק אָט דער באַציאונג צו קריטיקער און אומצופרידענע מצד די רעכטע פירער, איז די קאָמוניסטן געלונגען מיט אַ קליינער הייפעלע איינציגע מענשן צו קאָנטראָלירן גרויסע מאַסן אַרבעטער.

דעם ערשטן טעות וואָס די פירער פון דער אינטערנעשאָנאַל האָבן געמאַכט, איז געווען דאָס וואָס זיי האָבן צו לאַנג געדולדעט די אינטריגעס און בלבולים פון די קאָמוניסטן. דריי יאָר צייט האָבן די קאָמוניסטן דורך זייער „טרייד יוניאָן עדיוקיי־שאָנאַל ליג" געגראָבן דעם פונדאַמענט פון דער יוניאָן און די פירער האָבן ניט געפונען פאַר נויטיג צו נעמען ענערגישע שריט געגן די יוניאָן־ברעכער. ענדלאָך, ווען זיי האָבן באַשלאָסן ארויסצוּוואַרפן די רעדל־פירער פון די קאָמוניסטן, האָבן זיי זיך אָנגעכאַפּט אָן אַזאַ לעכערלאַכער אישו, אַז זיי האָבן טויזנטער אַרבעטער אריינגעטריבן אין לאַגער פון די קאָמוניסטן.

אָנשטאָט צו ערקלערן די מעמבערס, אַז די הויפּט־אישו איז צו די יוניאָן זאָל געפירט ווערן אין די אינטערעסן פון די מיטגלידער, אָדער אין די אינטערעסן פון

דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, האָבן די רעכטע פירער אויסגעפונען א טעכנישע קלאַגע אַז די באשולדיגטע לינקע האָבן איינגעלאַדן א קאָמוניסט צו אַדרעסירן זייערן אָן ערשטן מאַי מיטינג. אַזא קלאַגע האָט ניט געקאָנט בארעכטיגן די אויסשליסונג פון די עקזעקוטיוועס פון די דריי לאָקאַלן.

וואָלטן די אינטערנעשאָנאַל באאַמטע געהאַנדלט שנעל און אנטשיידן ביים אויסשליסן די עקזעקוטיוועס פון די דריי לאָקאַלן, און זיי וואָלטן גלייך איבערגענומען אַלע אָפּיסעס, וואָלט די קאָמוניסטן ניט געקראָגן די געלעגנהייט צו באפעסטיגן זיך אין לאָקאַל 22 און די גאַנצע יוניאָן וואָלט פיליכט געראַטעוועט געוואָרן פון דער פאַרניכטענדער קאָמוניסטישער הערשאַפט. דער באשלוס אויסצושליסן די קאָמו־ניסטן איז אָנגענומען געוואָרן שבת אויף א מיטינג אין ניו יאָרק. אָבער אַנשטאָט גלייך צו איבערנעמען די אָפּיסעס פון די לאָקאַלען פון וועלכע די לינקע עקזעקוטי־וועס זיינען אויסגעשלאָסען געוואָרען, האָט מען די זאַך געלאָזט געהן א פּאָר טעג. די קאָמוניסטן האָבן דערווייל פאַרכאַפּט דעם אָפיס פון לאָקאַל 22, האָבן עס פאַר־וואַנדלט אין א פעסטונג, פון וועלכער זיי האָבן אָנגעפירט די מלחמה געגן דער אינטערנעשאָנאַל.

די קאָמוניסטן האָבן געגרינדעט א „דזשאָינט עקשאָן קאָמיטע" צו האַנדלען פאַר די דריי אויסגעשלאָסענע לאָקאַלע עקזעקוטיוועס. דער ערשטער געשריי פון דער „עקשאָן קאָמיטע" איז געווען: „צאָלט ניט קיין דיוס". דאָס האָט שטאַרק אויסגענומען ביי די מעמבערס. דאָס האָט שטאַרק געשעדיגט דער אינטערנעשאָנאַל, אָבער שפּעטער, ווען די קאָמוניסטן האָבן פאַרכאַפּט די יוניאָן, זיינען זיי געשלאָגן געוואָרן מיט'ן זעלבן שטעקן, מיט וועלכן זיי האָבן באזיגט די רעכטע אַדמיני־סטראַציע. די מעמבערס זיינען געווען „אומפּאַרטייאיש": זיי האָבן ניט געצאָלט די דיוס ניט צו די רעכטע און ניט צו די לינקע.

ענדלאַך האָבן די קאָמוניסטן אריינגעכאַפּט די קלאָוקמאַכער יוניאָן אין זייערע הענט, און זיי האָבן זיך גלייך גענומען צו מאַכן דאָרט „די רעוואָלוציע". ווען די קאָמיסיע, וואָס גאָווערנאָר סמיטה האָט געהאַט אַפּאָינטעט צו אונטערזוכן די לאַגע אין קלאָוק טרייד, האָט אריינגעבראַכט א רייע רעקאָמענדאַציעס צו סטאַבילי־זירן דעם טרייד און צו אָפּשאַפן די הקרות פון דער דזשאָבינג־קאָנטראַקטינג סיס־טעם, האָבן די קאָמוניסטן די רעקאָמענדאַציעס פון דער קאָמיסיע צוריקגעוויזן און האָבן אָנגעפאַנגען זייער פאַרברעכערישן סטרייק פון 1926.

וואָרום די קאָמוניסטישע פירער פון דער יוניאָן און ספּעציעל די קאָמוניס־טישע פּאַרטיי, וועלכע האָט דעם סטרייק ארויפגעצוואונגען אויף דער יוניאָן, זיינען געווען אַזוי פאַראינטערעסירט צו רופן א גענעראַל סטרייק, איז קלאָר געוואָרן שפּעטער ווען עס האָט זיך ארויסגעוויזן אַז אין די 19 וואָכן פון דעם סטרייק האָבן די קאָמוניסטן פאַרטאַכלעוועט דריי און א האַלב מיליאָן דאָלאַר. דער גרעסטער טייל פון די געלט איז געגאַנגען אויף פּראָפּאַגאַנדע פאַר דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און אין די פּאַקעטס פון איינִיגע פּאָליטישענס וואָס האָבן געדינט די קאָמוניסטישע קאָמיסאַרן.

דער סעטלמענט פון דעם סטרייק איז געווען אַזא סקאַנדאַליעזער, אַז די גאַנצע

מיטגלידערשאפט פון דער יוניאָן האָט רעוואָלטירט. די זעלבע קאָמוניסטן, וועלכע האָבן צוריקגעוויזן די רעקאָמענדאַציעס פון דעם גאָווערנאָר'ס קאָמיסיע, ווייל דאָס וואָלט געהייסן „קאָלעבאָריישאָן", דאָס הייסט מיטאַרבעטן מיט דער בורזשואַזיע, האָבן פאַרשאַכערט צו די באַלעבאַטים פילע וויכטיגע פונקטן. די באַלעבאַטים האָבן באַקומען דאָס רעכט ארויסצוואַרפען 10% פון די אַרבעטער צוויי מאָל אַ יאָר אונטערן אויסרייד פון „ריאָרגאַניזירן" דעם שאָפּ. געגן דאָס רעכט פון „ריאָרגאַניזאַציע" האָט די קלאָוקמאַכער יוניאָן יאָרן־לאַנג אָנגעפירט אַ פאַרצווייפלטן קאַמף און זי האָט די באַלעבאַטים אַזאַ רעכט ניט געגעבן.

די קאָמוניסטן האָבן געהאַלטן די יוניאָן אין זייערע הענט נאָך געווען דריי יאָר, ביז די דזשענעראַל עקזעקוטיוו באָארד, אויפ'ן פאַרלאַנג פון אַ גרויסער צאָל מיטגלידער, האָט ארויסגעוואָרפן די קאָמוניסטישע קאָמיסאַרן און די קלאָוקמאַכער יוניאָן איז ווידער אַריבער אין די הענט פון די רעכטע פירער. די קאָמוניסטן האָבן געגרינדעט אַן אָפּאָזישאָן יוניאָן אויפ'ן אָרדער פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל אונטער דעם נאָמען „נאָדל טרייד אינדאָסטריעל יוניאָן", אָבער קיין ערפאָלג האָט זי ניט געהאַט.

פאַר די לעצטע צוויי יאָר זינט די אינטערנעשאָנאַל האָט ארויסגעטריבן די קאָמוניסטן פון דער הערשאַפט אין אירע יוניאָנס, האָבן די יוניאָנס אָנגעהויבן קומען צו זיך. זיי זיינען נאָך אָבער אויסגעמאַטערט און פאַראָרימט פון די קאָמוניסטישע אַוואַנטיורעס און די הפקרות וואָס זיי האָבן איבערגעלאָזן הינטער זיך.

די אינטערנעשאָנאַל ליידיס גאַרמענט וואָירקערס יוניאָן און די פאַריערס זיינען ניט די איינציגע וואָס זיינען צושפּאָלטן און צוריסן געוואָרן דורך קאָמוניסטישע אינטריגעס. די מילינערי וואָירקערס יוניאָן, די בעקערס, די פּאַקעט בוק און סוט־קיים מייקערס יוניאָנס האָבן אויך אַ היבש ביסל געליטן פון דער קאָמוניסטישער מגפה. אפילו די אמאַלגאַמייטעד, וואוהין די קאָמוניסטישע שליטה האָט ניט געקאָנט אריינדרינגען, האָט אויך ניט וועניג געליטן פון דער דעמאָראַליזאַציע וואָס די קאָמוניסטן האָבן אריינגעבראַכט אין די אידישע יוניאָנס.

די קאָמוניסטן האָבן ניט באַוויזן צו פאַרכאַפּן און אָנהאַלטן די מאַכט אין די יוניאָנס. זיי איז אָבער געלונגען צו ברעכן די מאָראַל פון די אַרבעטער. אין דעם זין האָבן זיי ערפאָלגרייך דורכגעפירט דעם מאָסקווער אָרדער צו „פאַרכאַפּן אָדער צוברעכן" די יוניאָנס. פאַרכאַפּן האָבן זיי ניט געקאָנט, האָבן זיי די יוניאָנס צובראָכן.

די צובראָכענע מאָראַל איז איצט די גרעסטע צרה פון וועלכע די יוניאָנס ליידן. די קאָמוניסטן האָבן פאַרשוועכט די הייליגקייט פון דער יוניאָן. זיי האָבן געכשר'ט סקעבעריי, האָבן געבענשט אָפּאָזיציאָנס יוניאָנס און די ירושה איז נאָך עד היום פאַרבליבן אויף דער אידישער גאַס. מיט צען יאָר צוריק וואָלט אַזאַ אַוואַנטיורע ווי די אָרלאָווסקי־בעקערמאַן אָפּאָזיציע צו דער אמאַלגאַמייטעד ניט מעגליך געווען. וועלכער אידישער אַרבעטער וואָלט דאָס ביי זיך גע'פּועל'ט צו גיין געגן דער אָפיציעלער יוניאָן? אמת, די אמאַלגאַמייטעד אליין איז געגרינדעט געוואָרן אַלס אַן אָפּאָזיציע צו די יונייטעד גאַרמענט וואָירקערס, אָבער

דאָן איז געווען אַן אויפשטאַנד כמעט פון אַלע אידישע שניידער, און ניט קיין אַנדערער ווי ריקערט אַליין האָט זיי געטריבן צו דעם! אָבער אַז עטלאַכע פּאָליטישענס זאָלן גרינדן אַן אָפּאָזיציע־יוניאָן, כדי צו האָבן אַן אייגענע קרעמל, וואָלט ניט מעגלאַך געווען, ווען די קאָמוניסטן וואָלטן ניט געבראַכן די אַרבעטער־מאָראַל אויף דער אידישער גאַס.

דער אַרבעטער רינג האָט אויך געהאַט זיין פּעקל צרות פון די קאָמוניסטישע אינטריגעס. די קאָמוניסטן האָבן פּרובירט שפּאַלטן דעם אָרדן, האָבן פּרובירט פאַרכאַפּן דעם אינדעפּענדענט אַרבעטער רינג, און פון דאָרט אָנפירן זייער אַטאַקע געגן דעם גרויסן אַרבעטער אָרדן. די קאָמוניסטן האָבן שטאַרק געשאַרפט די ציין אויפ'ן אַרבעטער רינג, ווייל די 5 מיליאָן דאָלאַרדיגע טרעזשורי וואָלט זיי זייער שטאַרק צוניץ געקומען. אַלע זייערע מאַנעווערס, בלבולים און פאַרלוימדונגען האָבן אָבער קיין ערפאָלג ניט געהאַט. די אַרבעטער רינג מיטגלידער האָבן זיך ניט געלאָזט פאַרנאַרן פון דער קאָמוניסטישער אַוואַנטיורע. און ווען די קאָמוניסטן האָבן ענדלאַך געגרינדעט זייער „פּראָלעטאַרישן אָרדן", איז בלויז אַ הייפעלע מיטגלידער מיט זיי מיטגעגאַנגען.

* * *

אין די סאָציאַליסטישע קרייזן הערט איך אָפט ווי מען באַקלאָגט זיך אויף די אידישע יוניאָנס אַז זיי האָבן פאַרלאָרן זייער אַמאָליגען אידעאַליזם. אַמאָל זיינען די אידישע יוניאָנס געווען סאָציאַליסטישע; זיי זיינען געווען דער פונדאַמענט פון דער היגער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. היינט זיינען זיי מאַטעריאַליסטיש. די יוניאָן־פירער, טענה'ן די געגנאָסן, רעדן ניט מער וועגן קלאַסן־קאַמף, וועגן סאָציאַליזם. זיי רעדן גאָר וועגן די אינטערעסן פון דער גאַנצער אינדוסטריע, פּונקט ווי זיי וואָלטן זיך געזאָרגט פאַר דעם וואוילזיין פון די באַלעבאַטים.

אַזאַ קריטיק איז בלויז טיילווייז אמת. דער אידעאַליזם פון דער מיטגלידערשאַפט איז זיכער ניט אויף אַזאַ הויך ווי עס איז געווען מיט 15—10 יאָר צוריק. מען קען אָבער ניט באַשולדיגן די הויפּט באַאַמטע פון די יוניאָנס. שולדיג אין דעם איז ערשטנס די דעמאָראַליזאַציע וואָס די קאָמוניסטן האָבן אריינגעבראַכט אין דער באַוועגונג. מיט זייערע פאַרלוימדונגען, בלבולים און אינטריגעס האָבן זיי פּאַר'מיאוס'ט די סאָציאַליסטישע באַוועגונג און האָבן פאַרשוועכט די הייליגקייט פון דער יוניאָן. מען רעדט צווישן די אַרבעטער וועגן דער באַוועגונג מיט אַ טאָן פון חוזק. ווען אַ רעדנער הויבט אָן רעדן אויף אַ יוניאָן־מיטינג וועגן סאָציאַליזם, וועגן די שיינע אידעאַלן פון דער אַרבעטער־באַוועגונג, האָט דער עולם קוים געדולד צו הערן. די שמוץ, וואָס די קאָמוניסטן האָבן אַרויפגעוואָרפן אויף דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, איז נאָך ניט אינגאַנצן אַראָפּגעריייניגט געוואָרן פאַר די אויגן פון די אַרבעטער. עס מוז נעמען צייט ביז די שטימונג וועט זיך ענדערן.

צווייטנס, איז דער היינטיגער אידישער יוניאָן־מאַן אַמעריקאַניזירט. ער אינטערעסירט זיך ניט אַזוי פיל מיט דעם אידעאַל פון דער באַוועגונג ווי דער „גרינער" פון 15—10 יאָר צוריק. ער אינטערעסירט זיך מיט דער יוניאָן בלויז אויף אַזוי פיל אויף וויפיל זי קען באַשיצן זיין דזשאַב. די אַמעריקאַניזירטע אידישע יוניאָן־

לייט אינטערעסירן זיך מער מיט ספּאָרט, מיט טעאַטער, מיט דער אַמעריקאַנער פּאָליטיק, ווי מיט סאָציאַליזם.

וואָס אנבאַלאַנגט די הויפּט־פירער פון די יוניאָנס זיינען זיי דאָך די זעלבע מענשן וואָס זיינען געשטאַנען ביים רודער מיט 15—10 יאָר צוריק. אפילו היינט צו טאָג זיינען כמעט אַלע פירער פון די אינטערנעשאָנאַלס און דזשאָינט באָארדס אין ניו יאָרק מיטגלידער פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי.

* * *

די איבערקערעניש אין די אידישע יוניאָנס באשטייט ניט בלויז אין דעם וואָס זיי האָבן פארלאָרן זייער מאַכט, זייער איינפלוס און טיילווייז זייער אידעאַליסטישע אידעאָלאָגיע, נאָר אויך אין דעם וואָס זיי האָבן פארלאָרן זייער אידישן פּנים.

די גרויסע אידישע יוניאָנס זיינען אייגנטלאך קיינמאָל ניט געווען קיין אידישע יוניאָנס, אויב מען זאָל זיי אורטיילן לויט דעם פּראָצענט אידן צווישן די מיטגלידער. די אמאַלגאַמייטעד האָט אפילו אין די בעסטע צייטן ניט געהאַט מער ווי 40 פּראָצענט אידן צווישן אירע מיטגלידער. די אינטערנעשאָנאַל, וועלכע האָט שטענדיג געהאַט אַ גרעסערן פּראָצענט אידן ווי די אמאַלגאַמייטעד צוליב דעם וואָס די פרויען קליידער אינדוסטריע איז קאָנצענטרירט הויפּטזעכלאַך אין ניו יאָרק, האָט אָבער קיינמאָל ניט געהאַט קיין מאַיאָריטעט אידישע אַרבעטער אין טרייד. פון דעסטוועגן האָבן מיר זיי געהאַלטן און מיר האַלטן זיי נאָך איצט פאַר אידישע יוניאָנס, צום ווענינגסטנס אין ניו יאָרק. ערשטנס, איז די פירערשאַפט סיי אין דער אינטערנעשאָנאַל און סיי אין דער אמאַלגאַמייטעד אַ אידישע. די הויפּט־באַאמטע און אפילו די פירער פון די עקזעקוטיוו באָארדס זיינען אידן. צווייטנס, האָבן אין ניו יאָרק פילע יוניאָנס און לאָקאַלס סיי פון דער אינטערנעשאָנאַל און סיי פון דער אמאַלגאַמייטעד אָדער אַ מאַיאָריטעט אידן אָדער אַ באדייטנדע מינאָריטעט, וועלכע איז אָבער דאָרט די וואָרט־זאָגערין און די טאָן־געבערין.

אָבער ניט דאָס בין איך אויסן ווען איך זאָג אַז די אידישע יוניאָנס האָבן פארלאָרן זייער אידישן פּנים.

מיט צען יאָר צוריק זיינען די אידישע יוניאָנס געווען אידיש סיי אין דער צאָל פון אידישע מיטגלידער, סיי אין דער שפּראַך וואָס מען האָט גערעדט אויף די מיטינגען און סיי אין זייער פּסיכאָלאָגיע. די אידישע יוניאָנס זיינען נאָך געווען הויפּטזעכלאַך אימיגראַנטן־יוניאָנס. די אידישע יוניאָן־לייט האָבן נאָך ניט געהאַט פארלאָרן אין דעם שמעלץ־טאָפּ פון אַמעריקאַניזאַציע זייער היימישע פּסיכאָלאָגיע, זייער קאַמפּסלוסט, זייער אידעאַליזם. אָט דער יוניאָן־עלעמענט האָט געשטויסן די יוניאָנס פאָראויס. די אידישע יוניאָנס האָבן זיך אנטוויקלט זייער שנעל, אפשר צו שנעל. זיי האָבן אויסגעקעמפט פיל בעסערע אַרבעטס־באדינגונגען ווי די אַמעריקאַנער יוניאָנס האָבן געהאַט. זיי זיינען געוואָרן דער אוואַנגאַרד פון דער אַרבעטער־באוועגונג אין אַמעריקע.

אום צופרידנצושטעלן די באַדערפעניש פון זייערע מיטגלידער האָבן די אידישע יוניאָנס געמוזט אָנפירן אַ ברייטע קולטורעלע טעטיגקייט. זיי האָבן זיך געמוזט אקטיוו באטייליגן אין די פּאָליטישע קאַמפּיינס, שטיצנדיג מאָראַליש און

פינאַנציעל די סאָציאַליסטישע קאַנדידאַטן. מיט איין וואָרט, די אידישע יוניאָנס האָבן געטראָגן אַ זייער כאַראַקטער, אין זייער פּסיכאָלאָגיע און אין זייער טעטיג־קייט אַ ספּעציעלן אידישן שטעמפּל.

אַט דער אידישער שטעמפּל האַלט שנעל אין פאַרשווינדן פון די אידישע יוניאָנס. נעמט, צום ביישפּיל, די אינטערנעשאָנאַל, וועלכע האָט נאָך איצט מער ווי אַ העלפט אידן צווישן אירע מיטגלידער אין ניו יאָרק. אין דער גאַנצער אינ־טערנעשאָנאַל זיינען פאַרבליבן בלויז געציילטע לאָקאַלען, וואו מען הערט נאָך אַ אידיש וואָרט אויף די מיטינגען. גייט אָבער אריין צו אַ מיטינג פון די קאַטערס. די מיטגלידער זיינען מער ווי 90 פּראָצענט אידן, אָבער דאָס איז דאָס איינציגע אידישקייט וואָס איר געפינט דאָרט. די שפּראַך, דער אָרט דענקען, די פּסיכאָלאָגיע פון די מעמבערס איז אַ סך מער ענלאַך צו די „פּיור ענד סימפּל" טרייד יוניאָניסטן פון דער אַמעריקען פעדריישאָן אָוו לייבאָר" ווי צו דעם אידישן יוניאָן־מאַן פון צען יאָר צוריק.

דער אידישער יוניאָן־מאַן האָט זיך אַמעריקאַניזירט ניט נאָר אין דער שפּראַך, נאָר אויך אין זיין אידעאָלאָגיע. ער איז שוין ניט מער דער זייל פון דער סאָציאַ־ליסטישער באַוועגונג. ער איז פּראָגרעסיווער פון דעם אַמעריקאַנער יוניאָן־מאַן; ער לאָזט נאָך אריין אַ סאָציאַליסטישן רעדנער צו זיינעם אַ מיטינג, אָבער דאָס איז מער אויס טראַדיציאָנעלער טאָלעראַנץ ווי אויס איבערצייגונג.

און וואָס מער דער אידישער יוניאָן־מאַן ווערט אַמעריקאַניזירט אַלץ מער פאַרשווינדן די ספּעציעלע אידישע פּראָבלעמען וועלכע זיינען נאָך מיט צען יאָר צוריק געשטאַנען אין דער ערשטער רייע אויפ'ן טאַגעס־אָרדנונג פון די אידישע יוניאָנס. דער אידיש־אַמעריקאַנער יוניאָן־מאַן איז ניט אַזוי ראַדיקאַל ווי דער אימיגראַנט איז געווען, אָבער דערפאַר איז ער ניט קיין „גאַסט" אין דער יוניאָן. ער טראָגט זיך ניט ארום מיט.ן געדאַנק פון אַ סטאָרקע אָדער אַ שאַפּקע פאַר זיך אַליין. ער איז אין טרייד צו פאַרבלייבן. ער ברענגט זאָגאַר זיינע קינדער אריין אין שאַפּ. די אידיש־אַמעריקאַנער יונגוואַרג אנטלויפט ניט פון שאַפּ, ווי די אימי־גראַנטן־קינדער האָבן געטאָן. דער היינטיגער אידיש־אַמעריקאַנער יוניאָן־מאַן איז אַ דויערנדער עלעמענט אין דער יוניאָן ווי דער אימיגראַנט איז געווען.

אין דער נאָדל־אינדוסטריע קומט איצט בכלל פאָר אַן אינטערעסאַנטע ערשיי־נונג. ווען די נאָדל אינדוסטריע האָט זיך אָנגעהויבן אנטוויקלען איז זי געווען כמעט אויסשליסלאַך אין די הענט פון אַמעריקאַנער. דאַן זיינען געקומען די דייטשן און האָבן ארויסגעשטופּט די יענקים. אין די 80גער יאָרן איז די נאָדל־אינדוסטריע געלעגן הויפּטזעכלאַך אין די הענט פון דייטשע יהודים. נאָך דער מאַסן־אימיגראַציע פון רוסלאַנד איז די קליידער־אינדוסטריע אַריבער אין די הענט פון רוסישע אידן. סיי די מאַנופעקטשורערס און סיי די אַרבעטער זיינען געווען רוסישע אידן. איצט גייט די אינדוסטריע ווידער אַריבער צו די אָריגינעלע באַלע־באַטים. אין דער צייט פון דער ספּעקולאַציע־משוגעת זיינען פילע אידישע קליי־דער־מאַנופעקטשורערס אַוועק אין וואָל סטריט, אָדער זיי האָבן זיך גענומען צו אַן אַנדער באַשעפטיגונג. פון דער קליידער־אינדוסטריע זיינען זיי ארויס. זייער פּלאַץ

האָבן פאַרנומען אַמעריקאַנער יענקים. אויך די אידישע אַרבעטער פאַלן אַלץ מער און מער פון דער קליידער־אינדוסטריע און די צאָל אַמעריקאַנער ווערט גרעסער.

עס איז דעריבער שווער צו זאָגן ווי לאַנג מען וועט נאָך קענען באַטראַכטן די נאָדל־אינדוסטריע פאַר אַ אידישע ביזנעס. עס איז אויך שווער פאַראויסצוזאָגן ווי לאַנג די פירערשאַפט אין דער אינטערנעשאָנאַל און אַמאַלגאַמייטעד וועט פאַר־בלייבן אין אידישע הענט, און ווי לאַנג מיר וועלן קענען קלאַסיפיצירן די נאָדל־טרייד יוניאָנס אַלס אַ טייל פון דער אידישער אַרבעטער־באַוועגונג.

* * *

ווען מען באַטראַכט די צרות וואָס די אידישע יוניאָנס זיינען אויסגעשטאַנען אין די לעצטע צען יאָר, ווען מען נעמט אין אַנבאַטראַכט די שפּאַלטונגען, אינ־טריגעס, רייסערייען און דעם שרעקלאַכן ברודער־קאַמף וואָס האָט זיי פּאַקטיש רואינירט, איז פּשוט צו באַוואונדערן וואָס זיי האָבן דאָך זייער פיל אויפגעטאָן.

אין פאַרלויף פון די לעצטע צען יאָר האָבן די וויכטיגסטע יוניאָנס איינגעפירט אַרבעטסלאָזע אינשורנס אין זייערע טריידס; זיי האָבן אָנגעהאַלטן ווי ווייט מעג־לאַך די באַדינגונגען אין די שעפּער. די אַמאַלגאַמייטעד האָט נאָך באַוויזן אויסער איר רעגעלער אָרגאַניזאַציאָנס־אַרבעט אין טרייד צו גרינדן צוויי באַנקען, אין שיקאַגאָ און ניו יאָרק, וועלכע האָבן געמאַכט אַ פינאַנציעלן ערפאָלג. די אַמאַלגאַמייטעד האָט אויך אויסגעבויט עטלאַכע פּראַכטפולע קאָאָפּעראַטיווע אַפּאַרטמענט־הייזער אין די בראָנקס און אויף דער איסט סייד. די אינטערנעשאָנאַל האָט אויך געהאַט נעגרינדעט אַ באַנק, אָבער זי האָט עס ניט געקאָנט אָנהאַלטן און האָט עס געמוזט פאַרקויפן צו פּריוואַטע פערזאָנען.

אויך אויפ'ן געביט פון קולטור־אַרבעט האָבן די גרויסע אידישע יוניאָנס פיל אויפגעטאָן. סיי די אַמאַלגאַמייטעד און סיי די אינטערנעשאָנאַל האָבן ספּעציעלע בילדונגס־דעפּאַרטמענטס, וועלכע גיבן זיך אָפּ מיט פאַרשפּרייטן בילדונג, סיי עלע־מענטאַרע און סיי טרייד־בילדונג צווישן די מיטגלידער. די אינטערנעשאָנאַל האַלט אויס די פּראַכטפולע „יוניטי הויז" אַלס אַ זומער־היים פאַר אירע מיטגלידער. זי שטיצט אויך דעם „פּיאָניר יוטה קעמפּ", אַלס אַ ראַדיקאַלע קאָלאָניע פאַר די קינ־דער פון אַרבעטער. די אינטערנעשאָנאַל און אַנדערע אידישע יוניאָנס שטיצן דעם ברוקוואָוד קאָלעדזש, דער איינציגער אַרבעטער־קאָלעדזש דאָ אין לאַנד, וואוהין די אַרבעטער־באַוועגונג שיקט פעאיגע יוניאָן־לייט צוצוגרייטן זיי פאַר דער צוקינפ־טיגער פירערשאַפט פון די יוניאָנס.

* * *

אין פאַרלויף פון די לעצטע צען יאָר האָט די אידישע אַרבעטער־באַוועגונג געליטן שווערע פאַרלוסטן אין איר פירערשאַפט. די נעמען פון מאיר לאָנדאָן, מאַקס פּיין, מאָרים זיגמאַן און פון אַ גאַנצע רייע אַנדערע אַרבעטער־פירער און טעטיגע יוניאָן־לייט, וועלכע זיינען פּריצייטיג אַוועקגערויבט געוואָרן פון דער באַוועגונג, וועלן לאַנג פאַרבלייבן אין זכרון פון די אידישע אַרבעטער. די אַרבעטער־באַווע־גונג איז ניט אַזוי רייך אין פעאיגע און איבערגעבענע פירער, אַז זי זאָל קענען אַפּאָרדן אַזעלכע פאַרלוסטן, אָבער קעגן דעם שיקזאַל קען מען ניט קעמפן. עס איז

צו האָפן, אַז אויף דעם פּלאַץ פון די פאַרשטאַרבענע וועלן אויסוואַקסן אַנדערע פירער וועלכע וועלן מיט כבוד פאַרנעמען די פּלעצער פון די לאַנדאַנס, פּיינס און זיגמאַנס.

* * *

די פראַגע וואָס שטייט איצט פאַר דער אידישער אַרבעטער באַוועגונג איז: וואָס וועט איצט זיין? וועלן די אידישע יוניאָנס זיך אַרויפהויבן אויף זייער אַמאָליגער הויך?

די אויסזיכטן זיינען דאָ. איצט אַז די קאָמוניסטן זיינען ארויסגעשטויסן געוואָרן פון די יוניאָנס און די אַרבעטער האָבן זיך איבערצייגט אַז זיי זיינען פאַלשע משיחים, איז פאַראַן אַ מעגלאַכקייט אויפצולעבן די לאָיאַליטעט און איבערגעבנהייט פון די אידישע אַרבעטער צו זייערע יוניאָנס. די אידישע אַרבעטער האָבן גע־לערנט אַ לעסאָן פון די קאָמוניסטישע אַוואַנטיורעס. אָבער אויך די פירערשאַפט וועט מוזן לערנען אַ לעסאָן. צום באַדויערן, זיינען צווישן די באַאַמטע אין פילע יוניאָנס פאַראַן עלעמענטן, וועלכע קוקן אויף דער יוניאָן אַלס זייערע אַ ביזנעס. זיי זוכן וואָס מער נוצן פאַר זיך און זיי פאַרגעסן אָן די אינטערעסן פון די אַרבעטער. אַזעלכע עלעמענטן מוזן באַזייטיגט ווערן פון די יוניאָנס. די פירערשאַפט פון די יוניאָנס טאָר אפילו אויף איין מינוט ניט פאַרגעסן, אַז די יוניאָנס זיינען ניט פאַר די באַאַמטע, נאָר פאַר די מיטגלידער. די באַאַמטע דאַרפן זיך דעריבער מער צוהערן צו די קריוודעס פון די אַרבעטער אין די שעפּער. אַנשטאָט צו פאַרשרייען די קריטיקער אַלס קאָמוניסטן, דאַרף מען זיך צוהערן אויפמערקזאַם צו דער קריטיק און צופרידנשטעלן די געקריוודעטע.

עס איז פאַראַן זייער אַ סך צו קריטיקירן געוויסע יוניאַנס פאַר האַנדלונגען, וואָס זיינען ניט פּאַסענד פאַר אַן אַרבעטער אָרגאַניזאַציע. דער פּלאַץ ערלויבט דאָס אָבער ניט צו טאָן אין דעם אַרטיקל. דערצו וועט מיין אָנווייזונג אויף די חסרונות די לאַגע ניט פאַרבעסערן. מען וועט די איבעלן אין די יוניאַנס ניט לעזן בלויז מיט קריטיק און מוסר צו די עלעמענטן, וועלכע האָבן, לויט אונזער מיינונג, ניט קיין פּלאַץ אין די יוניאַנס. דאָס קענען בלויז טאָן די מיטגלידער אַליין. זיי דאַרפן זיך אָנהויבן אינטערעסירן מיט זייערע יוניאַנס. זיי דאַרפן באַזוכן די מי־טינגען, פאָדערן דין וחשבון פאַר די האַנדלונגען פון זייערע בעאַמטע, אויב די האַנדלונגען זיינען ניט צופרידנשטעלענד. אנשטאָט צו זוכן פאַלשע משיחים און שטיצן ניט געווינשטע עלעמענטן, זאָלן זיי בעסער קומען צו די מיטינגען און העלפן מאַכן זייערע יוניאַנס שענער און ריינער.

דאַן קען מען האָפן אַז די אידישע יוניאָנס זאָלן אין דער נאָענטער צוקונפט, ווען דער איצטיגער קריזיס וועט פאַרבייגיין, ווידער פאַרנעמען אַן ערן-פּלאַץ אין דער אַמעריקאַנער אַרבעטער־באַוועגונג.

# דער צושטאַנד פון די אידישע יוניאנס.

| יוניאן | מיטגלידערשאפט 1931 | מיטגלידערשאפט 1921 | פראצענט אידישע ארבעטער 1931 | פראצענט אידישע ארבעטער 1921 |
|---|---|---|---|---|
| אמאַלגאַמייטעד | 70,000 | 177,000 | 30 | 38 |
| אינט. ל. ג. וו. יוניאַן | 60,000 | 150,000 | 50 | 70 |
| פאַריערס אינטערנעשאַנעל | 10,000 | 15,000 | 60 | 60 |
| פאַקעט־בוק אינטערנעשאַנעל | 4,200 | .... | 70 | .. |
| קעפּ מאכער | 6,000 | 10,000 | 90 | .. |
| מילינערי | 5,000 | 4,000 | 95 | 95 |
| בעקער לאָקאלס 509, 507, 505 | 2,200 | 3,000 | .. | 100 |
| בוטשער לאָקאלס 211, 174 | 600 | 1,400 | 15 | 15 |
| פּיינטערס | 10,000 | 12,000 | 50 | 50 |
| קליבערס און דייערס | 500 | 400 | 90 | 90 |
| אייזען ארבעטער | 500 | 1,400 | 50 | 75 |
| דעליקאַטעסען קלוירקס יוניאן, | 650 | 135 | 100 | 65 |
| אַקטיארן יוניאַן | 356 | 250 | 100 | 100 |
| כאָריסטן יוניאַן | 80 | 100 | 100 | 100 |
| פוירניטשור דרייערס | 800 | 400 | 30 | 20 |
| ווייטערס | 2,500 | 3,000 | 75 | 75 |
| נעקווער מאַכער | 2,000 | 2,400 | 90 | 90 |
| לאַנדרי אַרבעטער | 250 | 500 | 90 | 90 |
| לאַנדרי דרייווערס | 250 | .... | 98 | .. |
| מילך דרייווערס | 400 | .... | 50 | .. |
| סעלצער אַרבעטער | 60 | 100 | .. | .. |
| מואוויג פּיקטשור אפּערייטאָרס, | 1,200 | 600 | 50 | 50 |
| ריטייל סיילסלייט אין קליידער סטאָרס | 400 | 50 | 100 | .. |
| גראָסערי און דעירי קלוירקס | 600 | 350 | 90 | 90 |
| סטיידזש הענט | 1,200 | | 25 | |

די טאַבעלע מיט די ציפערן איז ניט קיין פּינקטלאכע. זיי גיבן אָבער אַ גענויען באגריף וועגן דעם צושטאַנד פון אונזערע יוניאָנס.

י. באַסקין:

# דער אַרבעטער רינג און דער אידישער סאָציאַליסטישער פאַרבאַנד

„זיי שטייען אין
קאמף ווי ברידער."

אין סעפּטעמבער, 1921, האָט די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיווו קאָמיטע פון ארבייטער רינג מיך ערווײלט אלס פראַטוירנאַל דעלעגאט צו דער קאָנווענשאָן פון דער אידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געווארן אין יענעם מאָנאַט. מיר איז אויסגעקומען צו זיין ביי קאָנווענשאָנס פון דער אידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע אלס פּאַרטרעטער פון ארבייטער רינג אָדער אלס א יחיד. אָבער אָט די קאָנווענשאָן פון סעפּטעמבער, 1921, האָט זיך פון אָנהויב אָן אויסגעצייכנט מיט אָנגעשטרענגטער ערוואַרטונג. די לופט איז געווען אָנגעפילט מיט נערוועזיטעט.

אַז אויף דעם הימל פון דער אידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע האָבן זיך געצויגן געדיכטע כמאַרעס, דאָס איז אַלעמען געווען באַוואוסט. די לעצטע קאָנווענשאָן אין באָסטאָן האָט באַוויזן, אַז מ'קען ערוואַרטן יעדע מינוט א קאַטאַסטראָפע. די שאַרפע אַרויסטרעטונגען פון דער אָפּאָזיציע, די ביטערע אַטאַקעס אויף דער פירערשאַפט האָבן דאָס קלאָר באַוויזן. נאָר אין באָסטאָן האָט קיינער ניט געקענט פאָראויסזען, אַז די אַלגינס, יודיטשעס און אנדערע וועלן מיט אמאָל ווערן די רעוואָלוציאָנערן און ברענגען צו א ברוך. פאַרקערט, אין באָסטאָן זיינען די דאָזיגע לייט געווען אזוי־צו־זאָגן די שטיצער פון דער „רעאַקציע", די זייל פון „קאָנטר־רעוואָלוציע".

אָבער עס איז דאָך ניט וויכטיג אריינצוגיין אין די פּסיכאָלאָגישע און פּערזענלאכע מאָטיוון פון דער ענדערונג, וואס איז פאָרגעקומען אין די מוחות פון די איינציגע טוער. דער פאקט איז געווען, אַז אַלע יענע וועלכע זיינען ביז אהער געשטאַנען מיט דער אָפיציעלער אָנפירונג, האָבן זיך מיט איין קלאַפּ ערקלערט פאַר „רעוואָלוציאָנערן" און האָבן פאַרלאָזן די פאַרטיי. און פון דער גאַנצער קאָנווענשאָן האָבן זיך אויסגעטיילט אַרום 33 דעלעגאַטן, וועלכע האָבן דערזען, אַז דער שפּיל איז פאַר'ן טייפל און זיי זיינען אוועק אין אַן אַנדער האָל וואו עס איז אוועקגעלייגט געווארן דער פונדאַמענט פון דעם אידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד. דער שרייבער פון די דאָזיגע שורות האָט אָט דער קליינער גרופּע געגעבן די ברכה פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע פון ארבייטער רינג.

עס איז איצט ניט נויטיג אַריינצוגיין אין אַלע איינצלהייטן און איבערגעבן א בלעטל געשיכטע פון די לעצטע 10 יאָר. עס דאַרף אָבער פעסטגעשטעלט ווערן, אז אין יענעם מאָמענט איז צווישן דעם ארבייטער רינג און דעם אידישן סאָציא־

ליסטישן פאַרבאַנד, פאַרקניפּט געוואָרן אַ בונד, אַן אמת־פריינדלאַכער און האַר־ציגער; און אָט דער בונד צווישן דער מעכטיגער ארבייטער אָרגאַניזאַציע אויף דעם פּראָטוירנאַל געביט און דעם קלענערן פאַרבאַנד פון אידישע סאָציאַליסטן, איז אָנגעהאַלטן געוואָרן אין פאַרלויף פון די לעצטע 10 יאָר. קיינע שטורעמס האָבן אָט דעם בונד ניט געקענט צורייסן.ביידע קערפּערשאַפטן זיינען אַזוי אָר־גאַניש צוזאַמענגעבונדן און פאַרפלאָכטן געוואָרן, אז זייער שיקזאַל איז געווען איי־נער און דער זעלבער און היינט, נאָך די 10 יאָר, איז די געטרייקייט און לאָיאַ־ליטעט פון איין אָרגאַניזאַציע צו דער צווייטער אפילו אויף איין האָר ניט געמינ־דערט געוואָרן.

פאַר ביידע אָרגאַניזאַציעס זיינען די לעצטע צען יאָר געווען גאָרניט קיין לייכטע, אָפּט אפילו גאַנץ שווערע. אמת, אין דעם פּעריאָד, בעת דער אידישער סאָציאַליסטישער פאַרבאַנד האָט זיך אויפגעבויט, זיינען די אָפּאָזיציאָנעלע עלע־מענטן אין דעם ארבייטער רינג נאָך ניט געווען קריסטאַליזירט. זיי האָבן נאָך ניט געהאַט די מעגלאַכקייט צו שאַפן אַ באַשטימטע ליניע פון ארבעט. אין דער צייט, ווען אין דער סאָציאַליסטישער פאַרטיי זיינען זיך די „רעכטע" מיט די „לינקע" אינגאַנצן פאַנאַנדערגעגאַנגען און זייערע וועגן האָבן זיך צעשיידט, זיינען נאָך אין ארבייטער רינג אין יענע מאָמענטן ניט צייטיג געוואָרן די גיפטיגע בלומען פון האַס און פאַראַכטונג צווישן ביידע צדדים. אין דעם ארבייטער רינג האָבן די אָפּאָזיציאָנעלע עלעמענטן נאָך געדעכט מיט אַ טאָן פון פריינדשאַפט. די אַטאַ־קעס, וואָס זיינען געפירט געוואָרן אויף דעם שרייבער פון אָט די שורות פאַר פאַרלאָזן די אָפּיציעלע קאָנווענשאָן און איבערגיין צו דער ניי־געשאַפענער גרופּע, זיינען נאָך געווען מילדע, אויסגעדריקט אין אַ פאָרם פון אַ ווייכן טאַדל, ווי מען רעדט צו אַן אייגענעם מענשן, וועלכער איז פאַרפירט געוואָרן. אָבער דער טיפער בעאָבאַכטער האָט שוין דאַן געקענט פילן, אז דער ריס אין דער אידישער סאָציאַ־ליסטישער פאַרטיי וועט ניט קענען לאָזן די ארבייטער רינג מאַסן גלייכגילטיג, ווייל דער ריס אין דער פאַרטיי איז דאָך געווען אַ פּרינציפּיעלער, פאַראורזאַכט דורך דעם אַלגעמיינעם ברוך אין דער סאָציאַליסטישער פאַרטיי אין דער גאַנצער וועלט, לויט די אינסטרוקציעס פון מאָסקווע. און אַזוי ווי דער ארבייטער רינג איז אַ טייל פון דער גאַנצער ארבייטער באַוועגונג, וועט ער מוזן היינט אָדער מאָרגן אריינגעשלעפּט ווערן אין דעם ברודער־קאַמף און, אַלס אַ ריזיגע אָרגאַניזאַציע, וועט ער מוזן ווערן דער צענטער פון אַ מעכטיגער אַטאַקע אויף דער גאַנצער לענג פון זיינע פּאָזיציעס, וועלכע ער האָט פאַרנומען אין פאַרלויף פון זיין עקזיסטענץ.

און לאַנג האָט מען ניט געדאַרפט וואַרטן. די אַטאַקעס אויף דעם ארבייטער רינג האָבן זיך אָנגעהויבן גלייך נאָך דער נאָמינייישאָן־קאָנפערענץ, אין פעברואַר, 1922, ווען די „לינקע" זיינען אַרויסגעטראַטן מיט די שענדלאַכסטע בלבולים אויף אונזער אָרגאַניזאַציע און דער העכסטער שפּיץ פון קאַמף איז דערגרייכט געוואָרן אויף דער קאָנווענשאָן אין טאָראָנטאָ, נאָך דעם ווי עס איז אָנגענומען געוואָרן די באַקאַנטע רעזאָלוציע וועגן די פּאָליטישע אַרעסטירטע אין רוסלאַנד. פון דעמאָלט אָן האָט זיך דער קאַמף צופלאַקערט און שאַרפע צוזאַמענשטויסן האָבן גענומען פאָרקומען גאַנץ אָפט אין אונזערע רייען.

די פירער און טוער פון ארבייטער רינג האָבן גאַנץ גוט פאַרשטאַנען די לאַגע און האָבן ניט אראָפּגעלאָזן די אויגן פון שונא. וועכטער זיינען געשטעלט געוואָרן לעבן יעדער פעסטונג; די פּאָזיציעס, וועלכע האָבן געפאָדערט פאַרשטאַרקערונג זיינען פאַרשטאַרקט געוואָרן. און אַלס דעם געטרייסטן מיטקעמפער אויף אַלע פראָנטן, וואו דער ארבייטער רינג איז געשטאַנען געגן שונא, האָבן מיר געטראָפן פירער און טוער פון דעם אידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד. זיי, מיט דעם רויטן פאַקל און די סאָציאַליסטישע לערע, האָבן באַלויכטן אַלע פינסטערע ווינקלען פון אָט דעם גרויסן שלאַכטפעלד. האַנט אין האַנט מיט די טוער פון ארבייטער רינג זיינען זיי געשטאַנען מיט פעסטקייט, מיט איבערגעבנהייט און האָבן ניט אָפּגעטראָטן פון פּלאַץ ביז זיי זיינען געווען איבערצייגט, אַז דער שונא איז באַזיגט, אַז דעם ארבייטער רינג דראָט מער ניט קיין געפאַר.

יא, דער ארבייטער רינג האָט ניט געמאַכט קיין טעות, ער האָט זיך ניט אָפּגענאַרט אין זיינע פריינד. ער האָט אין יענע יאָרן אינסטינקטיוו דערפילט מיט וועמען זיין גורל דאַרף זיין פאַרבונדן.

אין פאַרלויף פון די צען יאָר פון זיין עקזיסטענץ איז דער פאַרבאַנד שטענדיג געווען טריי און איבערגעבן צו דעם ארבייטער רינג, צו דער אָרגאַניזאַציע פון די אידישע ארבייטער מאַסן, וועלכער גיט אויך דעם פאַרבאַנד אַזאַ ברייטע פעלד פאַר טעטיגקייט.

די מיטגלידער פון ארבייטער רינג זיינען די גאַנצע צייט געווען טריי און לאָיאַל צו דעם אידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד, ווייל זיי האָבן געפילט, אַז די דאָזיגע אָרגאַניזאַציע איז די טרעגערין פון סאָציאַליזם ביי די אידישן מאַסן אין אַמעריקע, אַז זי איז דער אויסדרוק פון ארבעטער סאָלידאַריטעט, פון פריינדלאַכער און ברידערלאַכער באַציאונג איינער צום צווייטן, אַז די אינטערעסן פון ארבייטער רינג גיסן זיך צוזאַמען מיט די אינטערעסן פון פאַרבאַנד, וועלכער האָט אויסגעדריקט די שטרעבונגען פון די אינטעליגענטערע סאָציאַליסטיש-באַוואוסטזיניגע אידישע ארבייטער אין אַמעריקע. דער פאַרבאַנד איז געשטאַנען אויף דער וואַך, האָט געהאָלפן דעם ארבייטער רינג באַקעמפן דעם שונא מיט אַלע מיטלען און מעטאָדן, וואָס זיינען געווען אין זיין האַנד, און ער האָט אויך געהאָלפן אין דער קאָנסטרוקטיווער ארבייט, וואָס דער ארבייטער רינג האָט אָנגעפירט פאַר די לעצטע 10 יאָר. די קאָנסטרוקטיווע ארבייט פון ארבייטער רינג פאַר די לעצטע צען יאָר איז געווען אַ פאַרצווייגטע, אַן אינטענסיווע, און האָט געפאָדערט די מיטווירקונג פון אַלע אינטעליגענטע קרעפטן אין ארבייטער רינג און אַרום דעם ארבייטער רינג.

מ׳וואַרפט אויף דעם ארבייטער רינג, אַז ער האָט ניט אריינגעצויגן די אידישע אינטעליגענץ דאָ אין אַמעריקע; אַז ער האָט ניט געקענט צופּאַסן פאַר זיי קיין טעטיגקייט. דעם זעלבן פאָרוואורף האָט מען פריער געמאַכט אויך דעם „בונד" אין רוסלאַנד; מ׳האָט געזאָגט, אַז די אינטעליגענץ גייט ניט אין די רייען פון „בונד", זיי גייען אוועק צו אַנדערע באַוועגונגען. די זעלבע באַשולדיגונגען זיינען אין אַ געוויסער פאָרמע געמאַכט געוואָרן געגן „פאַרבאַנד". אָבער די באַשולדיגונגען זיינען געמאַכט געוואָרן פון מענשן, וואָס האָבן ניט פאַרשטאַנען דעם

אינערלאכן, דעם אָרגאנישן צוזאמענהאנג און פארבינדונג צווישן די אידישע אר־בייטער מאסן מיט'ן ארבייטער רינג ווי אויך מיט'ן „פארבאנד".

אויב אינטעליגענץ מיינט דיפּלאָמען און אָפיציעלע צייגניסן אויף באזוכן הע־כערע שולן אָדער אוניווערזיטעטן, דעמאָלט נאטירלאך, איז אזא באשולדיגונג א גערעכטע. אויב אָבער אינטעליגענץ מיינט קענען די לאגע, אָפּשאצן די סיטואציע און פארשטיין די אינטערעסן פון די מאסן, צווישן וועלכע מיר ארבעטן, האָט זיך דער ארבייטער רינג גאָר ניט וואָס צו שעמען מיט זיין אידישער אינטעליגענץ און זיכער ניט דער „פארבאנד". אין זיין באציאונג צום ארבייטער רינג האָט דער פארבאנד די גאנצע צייט ארויסגעוויזן א קלאָרקייט, אַ אמת'ע אינטעליגענטע שטעלונג אויף אַלע עטאפּן אין דער אקטיוויטעט פון ארבייטער רינג, אין פארלויף פון די לעצטע צען יאָר. דער פארבאנד האָט געהאָלפן דעם ארבייטער רינג באַ־קעמפן די אַלטע פארשימלטע, שעדלאכע טענדענצן פון אסימילאציע און פון דעם אזוי־גערופענעם פאָן־אמעריקאניזם, וואס א סך פון אונזערע „געהויבענע" פירער האלטן אין איין פארשפּרייטן און ארייַנקלאפּן אין די מוחות פון די מאסן. אָט די גענאָסן האָבן זיך איינגערעדט, אז זיי זיינען די חכמים, די קענער, זיי זיינען ווי דער העלד פון א געוויסער אָפּערע דריקט זיך אוים: „איך בין דער מאן דער אלער לענדער טענצע קאן". זיי ריידן זיך איין, אז זיי פארשטייען דעם אמערי־קאניזם, נאָר זיי אליין פארשטייען די נויטן פון די מאסן, די אנדערע זיינען ניט מער ווי „גרינהאָרנס". און נאטירלאך איז זייער בליק אויף דער קולטורעלער טע־טיגקייט פון ארבייטער רינג א גאנץ אנדערער און אין גאנצן ניט אין איינקלאַנג מיט די שטרעבונגען פון די אידישע אַרבעטער מאסן.

מיר ווילן דאָ ניט ארייַנגיין אין א דעבאטע וועגן דער שול־פראגע און דער קולטורעלער טעטיגקייט פון ארבייטער רינג, וועגן וועלכע מ'האָט אין די צייטונ־גען אַ סך דיסקוטירט און דעבאטירט. מיר ווילן אָבער אָנווייזן אויף דעם געזונטן חוש און קלאָרער פארשטענדניש, וואָס די מיטגלידער און די פירער פון פארבאנד האָבן ארויסגעוויזן צו יעדער וויכטיגער פראגע, וואָס האָט געהאט א לעבנסבא־דייטונג פאר דעם ארבייטער רינג מיט זיינע קולטורעלע אינסטיטוציעס.

און ווייל מיר ריידן וועגן די פארדינסטן פון דעם פארבאנד און דער ראָלע, וואָס ער האָט געשפּילט אין פארלויף פון די צען יאָר, ווילן מיר אין פארבינדונג מיט דעם זאָגן נאָך אַ פּאָר ווערטער וועגן דער אַלגעמיינער לאַגע פון אונזער באוועגונג און וועגן דער ראָלע, וואָס דער פארבאנד דארף, לויט אונזער מיינונג, ערשט שפּילן.

אונזער באוועגונג איז אַ קראַנקע, זי ליידט פון פארשידענע חולאת'ן, ליידט פון בלוט־אָרימקייט. די מלחמה האָט אַלץ צושמעטערט, צובראָכן. אם שטאַרקסטן האָט געליטן די סאָציאליסטישע פארטיי. די בעסטע כחות, וואס מיר האָבן אמאָל געהאט אין דער באוועגונג, זיינען פאר'שיכור'ט געוואָרן פון דער מלחמה און זיי האָבן זיך קאָנצענטרירט ארום ווילסאָנ'ען, וועלכער האָט זיך איינגערעדט, אז ער וועט ראטעווען די וועלט מיט זיין „מלחמה צו ענדיגן מלחמה". דער באנקראָט פון דעם נעאָ־ליבעראַליזם איז געווען אַ שרעקלאכער. וואָס די מלחמה האָט אויפ־געטאָן איינצופירן דעמאָקראַטיע אויף דער וועלט ווייסן מיר אַלע. ווילסאָן אליין

איז צושמעטערט געוואָרן אין דעם דאָזיגן רוישנדן שטראָם. ווילסאָן, דער פּראָ־פעסאָר פון געשיכטע, האָט ניט אָנגעהויבן צו פאַרשטיין די טרייבקרעפטן פון דער געשיכטע, איבער וועלכע ער האָט דאָס געדאַרפט זיין דער העכסטער ריכטער. ער איז אַריינגעפאַלן אין די הענט פון אַזעלכע כיטרע פּאָליטיקער ווי ללאָאיד דזשאָרדזש און קלעמענסאָ, און זיי האָבן געמאַכט פון אים אַ תל. די עליים האָבן די מלחמה געוואונען אָבער ווילסאָן און זיינע מיטהעלפער האָבן די שלאַכט פאַרלאָרן. און מיט דעם באַנקראָט פון דעם אַמעריקאַנעם ליבעראַליזם איז די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי אויך געגאַנגען באַרג אַרונטער. אַ יאוש איז אַריינגעדרונגען אין די הערצער פון די אַמעריקאַנער מאַסן. און אַם מייסטן האָבן דערפון געליטן די אידישע מאַסן.

אום אָט די מאַסן צוריק צו אָרגאַניזירן, אַריינבלאָזן צוריק אין זיי אַ לעבעדיגן גייסט, אַ נשמה, פאָדערן זיך איבערגעגעבענע פירער, מענשן מיט מוט און טיפן גלויבן, וואָס זאָלן קענען רופן, מונטערן. ליידער האָבן מיר צו קנאַפּ פון אָט דעם מענשן מאַטעריאַל. אונז איז נויטיג אַ פּרעסע, וואָס זאָל פון סאָציאַליסטישן שטאַנדפּונקט קלאָר מאַכן פאַר די מאַסן אַלע פּראָבלעמען, אַלע טעגלאַכע אויפגאַבן, וועלכע שווימען אַרויס אין דער צייט פון ענדערונגען, פון קאַטאַסטראָפן, פון „דע־פּרעסיעס״.

אמת, מיר האָבן אונזער פּרעסע, אָבער זי איז מערער אַ מאַסן־צייטונג, אַ צייטונג פאַר׳ן פאָלק. זי פּרעטענדירט אַליין ניט צו זיין אַ פּאַרטיי־צייטונג. אַ פאָלקס־צייטונג מיט סאָציאַליסטישע טענדענצן, ווי וויכטיג און נוצלאַך זי זאָל ניט זיין, קען ניט ריידן צו די ברייטע מאַסן ווי אַ פּאַרטיי־צייטונג רעדט צו איינענע מיטגלידער. אַ מאַסן־צייטונג מיט סאָציאַליסטישע טענדענצן קאָן זיין העכסט וויכטיג און נויטיג, ווען דאָרט דרוקן זיך אָפט אַרטיקלען, וואָס שטימען מיט דער שטעלונג פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי און עס דרוקן זיך אין איר קיינמאָל ניט אַזעלכע זאַכן, וואָס שטימען ניט מיט דער סאָציאַליסטישער מאָראַל, אָבער ווען אפילו אַ מאַסן־צייטונג זאָל שטיין אויף אַזאַ הויך, אַז זי זאָל זיין קלאָר און פאַר־שטענדלאַך, אָבער ניט ביליג, אַז זי זאָל גייסטיג און עסטעטיש ניט אַראָפּפאַלן צו די מאַסן, נאָר אַראָפּלאָזן זיך צו די מאַסן, כדי זיי אויפצוהויבן, אפילו אַזאַ מאַסן־צייטונג פון הויכן גראַד קאָן קיין אויסגעשפּראָכענעם סאָציאַליסטישן אָרגאַן ניט פאַרבייטן.

וואָס הייסט באַציען זיך צו די סאָציאַליסטישע פּרינציפּן אויבערפלעכלאַך און מיט אַ ניט דערלאָזבאַרן סאַרקאַסטישן טאָן קאָן מען באַווייזן פאָלגנדער פאַקט: ריידנ־דיג וועגן געוויסע פערזענלאַכקייטן, וואָס שפּילן אַ באַדייטנדע ראָלע אין דער גע־שיכטע, מאַכט אַ געוויסער למדן אין סאָציאַליזם פאָלגנדע סאַרקאַסטישע באַ־מערקונג: „דאָס צייגט נאָך אַ מאָל ווי פאַלש עס איז די מיינונג פון די אָרטאָדאָקסישע מאַרק־סיסטן, וואָס זיי ליקענען אָפּ די ראָלע פון פערזענלאַכקייטן אין דער געשיכטע״.

ווען איינער מאַכט אַזאַ באַמערקונג, וואָלט ער אַם ווייניקסטנס געדאַרפט זיין זיכער אין דעם וואָס ער שרייבט. קען אונז אָט דער גרויסער למדן אָנווייזן ווען

און וואו, אין וועלכן שריפט האָט מאַרקס אָדער ענגעלס, לאַפאַרג, קאַוטסקי און אַנדערע אויסגעדריקט אָט דעם געדאַנק? וויל ער דערמיט זאָגן, אַז די לערער פון סאָציאַליזם האָבן גאָר ניט געוואוסט, אַז עס זיינען געווען אויף דער וועלט פּער־זענלאַכקייטן, וועלכע האָבן יאָ געשפּילט אַ ראָלע? האָט דען מאַרקס ניט געוואוסט, אַז עס איז געווען אַן אינבאַל, אַן אַלעקסאַנדער מוקדון, אַ פּעריקלעס, אַ נאַפּאָלעאָן און אַנדערע, וועמעס ראָלע אין דער געשיכטע קען פון קיינעם ניט אָפּגעלייקנט ווערן? ביי די אָרטאָדאָקסישע מאַרקסיסטן האָט זיך נאָר געהאַנדלט וועגן דער מאָס, דער גרויס פון דער ראָלע, וואָס די פּערזענלאַכקייטן האָבן געשפּילט. אָבער קיינמאָל האָט זיך ניט געהאַנדלט וועגן דעם, אַז זיי האָבן גאָר קיין ראָלע ניט געשפּילט.

און צוליב אָט דער בלוט־אָרעמקייט, צוליב דעם פּאַרלאָרענעם גלויבן אין די אייגענע כחות, האָבן אייניגע פון אונזערע אַקטיוווסטע גענאָסן גענומען זוכן אַנ־דערע וועגן, וואו אָנצואַווענדן זייער אַקטיוויטעט. מ'איז געקומען צו דעם לע־כערלאַכסטן געדאַנק, אַז סאָציאַליסטן דאַרפן גיין אָרגאַניזירן אַ דריטע פּאַרטיי, אַ פּאַרטיי פון ליבעראַלן, מיט אַ קליינער צומישונג פון פּאַרלאָר־סאָציאַליזם.

ווען די ליבעראַלן וועלן זיין אָרגאַניזירט אין אַ דריטער פּאַרטיי, זאָגן זיי, וועלן דערנאָך די אַרבעטער אויך צושטיין צו זיי. און וועגדנדיג זיך מיט'ן פּנים צו די ליבעראַלן און מיט'ן רוקן צו די מאַסן, זעען זיי ניט, ווי זיי אַליין בויען אויף אַ קראַפּט, וואָס וועט זיך שטעלן אין פראָנט געגן דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, ווי איצט מעקדאָנאַלד'ס נאַציאָנאַלער בלאָק געגן דער לייבאָר־פּאַרטיי אין ענגלאַנד. אַ סך פון די, וואָס שטעלן זיך מיט'ן פּנים צו דעם הייפּל אַמעריקאַנער ליבעראַלן, זוכן טאַקע צו פאַרענטפערן און פאַרגלעטן די מעשים פון מאַקדאָנאַלד און סנאָו־דען, אויף וועלכע אפילו גאַנץ מעכטיגע אַרבעטער־טוער אין ענגלאַנד זאָגן אָפן און קלאָר, אַז די געשיכטע פון סאָציאַליזם האָט נאָך אַזעלכע רענעגאַטן ביז אהער קיינמאָל ניט געזען.

אין מאַנכע פון אונזערע אייגענע קרייזן הערשט אַ צעשוואומענקייט. ביי אייניגע גענאָסן איז אַ קאַשע אין קאָפּ פון אַ ביסל סאָציאַליזם, אַביסל קאָמו־ניזם, אַ פּאָרציע ציוניזם פאַרמישט מיט אַ פּאָרציע יאַהודיזם. דאָס אַלץ וואָלט ניט געווען, ווען מיר זאָלן פאַרמאָגן אַ גוטן סאָציאַליסטישן פּאַרטיי־אָרגאַן, וואָס זאָל שטיין אויף דער וואַך און זאָל, אויב ניט טאָג איין, טאָג אויס, איז לפּחות וואָך איין, וואָך אויס צוגלידערן די באַגריפן, אויפקלערן, וואָס אמת און וואָס פאַלש וואָס סאָציאַליסטיש און וואָס אַנטי־סאָציאַליסטיש. ווען מיר זאָלן דאָס האָבן געהאַט, וואָלטן מיר היינט צו טאָג פיל, פיל בעסער געשטאַנען.

און זאָל דאָ געזאָגט ווערן, אַז וואָס איז שייך די סענטימענטן פון די מאַסן, זיינען זיי היינט צוטאָג גאַנץ באַשטימט סאָציאַליסטישע. עס איז גענוג ארומצוגיין אין די אַלע קווארטאַלן, וואו סאָציאַליסטישע אַגיטאַטאָרן האָבן אָפּגעהאַלטן מאַס־מיטינגען אין פאַרלויף פון די לעצטע וואַלן. ס'איז גענוג צוצוהערן זיך צו דעם, וואָס דער מענש פון גאַס רעדט, כדי צו איבערצייגן זיך, אַז ס'איז דאָ אַ גרויסער פעלד פאַר אונזער אַקטיוויטעט, אַ גרויסער באָדן פאַר סאָציאַליסטישע אַרבעט.

און דער „פאַרבאַנד", אַלס דער פאַרטרעטער פון די אידישע סאָציאַליסטישע

מאסן דאָ אין אמעריקע, מוז אַ טייל פון דער דאָזיגער ארבעט נעמען אויף זיינע פּלייצעס. ער דארף זיין דער אוואַנגאַרד, דער אויפהיטער פון אונזערע סאָציאַליסטישע פּרינציפּן. ער דארף האָבן מוט צו יעדער צייט זאָגן דאָס פּאסנדע וואָרט, געבן די נויטיגע ווארנונג.

וואס אָנבאַלאַנגט אונז, די טוער און פירער פון ארבייטער רינג, קענען מיר נאָר פארזיכערן, אז מיר וועלן שטענדיג שטיין גרייט צו העלפן דעם פארבאנד אין דער דאָזיגער ארבעט. דער ארבייטער רינג איז אַ גרויסע מאסן־אָרגאַניזאציע. ער איז ניט אינגאנצן סאָציאַליסטיש. ניט אַלע מיטגלידער באַלאַנגען צו דער סאָציאַליסטישער פּארטיי. אָבער ער פארמאָגט אַ סאָציאַליסטישן סענטימענט. די הויפּט טוער זיינען מיטגלידער און טוער אין דער סאָציאַליסטישע פּארטיי. האָט דער פארבאנד פאר זיך אַ גרויסע פעלד, וועלכע איז שוין טיילווייז צעאַקערט. אָבער עס פאָדערט נאָך אַ בראָגע, מ'דארף נאָך אריינוואַרפן אין יעדן בייט די זריעה פון סאָציאַליזם.

לאָמיר האָפן, אז אָנהויבנדיג זיין צווייטן צענדליג יאָר, וועט דער פאַרבאַנד נאָך מער ווי פריער פירן אַ ריין סאָציאַליסטישע ליניע, פארדאָפּלען און פארדרייפאכן זיין אקטיווויטעט, אזוי אַז ער זאָל זיין אַ טרייסט פאַר די עלטערן און אַ מוסטער פאַר די אינגערע.

פ. געליבטער:

# נעגן שטראָם

(צען יאר אידיש־סאָציאליסטישע קולטור ארבעט אין אמעריקע)

פּאָליטישע פּראָפּאגאנדע ביי אידישע סאָציאליסטן אין אמעריקע איז ענג פארבונדן מיט געזעלשאפטלאכער טעטיגקייט, מיט קולטורעלער ארבעט. ביי די אומות העולם דאָ אין לאנד קענען זיך פּאָליטישע פארטייען פארגינען צו זיין בלויז פּאָליטיש. זיי קענען זיך פארגינען צו קאָנצענטרירן זייער טעטיגקייט בלויז אויף פּאָליטיק און ניט שענקען קיין ספּעציעלע אויפמערקזאמקייט צו די קולטורעלע פּראָבלעמען פון זייערע בירגער, פון זייערע פּאָלקס־מאסן. זיי באנוגענען זיך אמאָל מיט דעם, וואס אין דער צייט פון וואלן דערמאָנען זיי אָדער שטרייכן אונטער אָט די פּראָבלעמען אין זייער פּאָליטישן פּראָגראם. ביי אידישע סאָציאליסטן איז שוין א טראדיציע אָנצופירן אַלגעמיינע געזעלשאַפטלאַכע טעטיגקייט און צו פארנעמען זיך אויף אן ערנסטן אופן מיט קולטורעלע פראגן. דער „בונד” איז אפשר געווען דער ערשטער, וואס האָט ביי דער מאָדערנער אידישער ארבעטער באוועגונג איינגעפלאַנצט דעם אינערלאכן חוש פאר ברייטער געזעלשאַפטלאכקייט, פאר קולטור. אונזער אידיש־סאָציאַליסטישע און אַרבעטער באוועגונג אין אמעריקע האָט געירשנ'ט א סך זאכן פון „בונד”. א סך פון אונזערע פירער, וואָרט־זאָגער און טעטיגע מיטגלידער אין די יוניאָנס, אין אַרבעטער רינג און אין דעם אידישן סאָציאליסטישן פארבאנד זיינען געוועזענע מיטגלידער פון „בונד”, וואס האָבן געבראכט אהער דעם גייסט און די סאָציאַליסטישע טראדיציעס פון יענער אָרגאניזאציע, וואס האָט אריינגעטראגן קאמפס־לוסטיגקייט, האָפנונג און גלויבן צווישן די אידישע ארבעטער מאסן איבער דער גאנצער וועלט. ס'איז דעריבער נאַטירלאַך, אז די אידיש־סאָציאליסטישע טעטיגקייט דאָ אין לאנד זאָל זיין דורכגעפלאָכטן מיט אלגעמיינער געזעלשאפטלאכער און קולטורעלער טעטיגקייט.

אויב דער אידישער סאציאליסטישער פארבאנד קען זיך ניט בארימען מיט צענדליגער טויזנטער מיטגלידער, וואָס ער וואָלט געדארפט און געמעגט האָבן, לויט דער צאָל אידישע ארבעטער אין אמעריקע, קען ער אָבער זיין שטאָלץ מיט דער ציל־באוואוסטער סאָציאליסטישער טעטיקייט און מיט דער קולטורעלער ארבעט, וואס ער האָט כסדר אָנגעפירט אין די צען יאר פון זיין עקזיסטענץ. די פירער פון דעם אידיש־סאָציאַליסטישן פארבאנד און פון דער אידישער פּאָלקס ארגאניזאציע, דער ארבעטער רינג, האָבן שטענדיג געפילט, אז דער פּאָליטישער און קלאסן־באַוואוסטזיין פון די מאסן איז אָפּהענגיג ניט בלויז פון דער אומצופרידנקייט, וואָס די אדער יענע עקאָנאָמישע אָדער פּאָליטישע ערשיינונג רופט אַרויס, נאָר דער באַוואוסטזיין איז אויך אָפּהענגיג אין א גרויסער מאָס פון דער פּאָליטישער און געזעלשאפטלאַכער אינטעליגענץ, וואס די מאסן פארמאָגן. די איינגעבוירענע אינטעליגענץ, וואָס די אידישע מאסן ווייזן ארויס אין פּאָליטישע און געזעלשאפטלאַכע פראגן, האָבן מיר כסדר געזוכט אויסצוברייטערן, צו אַנטוויקלען און ראפּי־

נירן. ס'איז אָן אַלטער אָנגענומענער באַגריף, אַז קינדער לערנט מען, כדי זיי זיי זאָלן וויסן, און דערוואַקסענע לערנט מען, אַז זיי זאָלן פאַרשטיין. די מאָ־דערנע פּסיכאָלאָגיע פון קינדער־דערציאונג און די אונטערזוכונגען אויף דעם געביט פון בילדונג פאַר דערוואַקסענע האָבן באַוויזן, אַז דער דאָזיגער באַגריף איז אַ פאַלשער. עס איז איצט אָן אָנגענומענער כּלל, אַז דערוואַקסענע מענשן, אָן אונטערשיד אין וועלכן עלטער זיי געפינען זיך, האָבן מער פעאיגקייט ווי קינ־דער צו לערנען זאַכן, כדי צו וויסן, און ניט בלויז, כדי צו פאַרשטיין. טאַקע דערפאַר, ווייל ביי דערוואַקסענע מענשן איז די פעאיגקייט פון באַגרייפן און פאַר־שטיין זאַכן אַ סך מער אַנטוויקלט ווי ביי קינדער, קענען זיי גיכער איבערנעמען זאַכן, וואָס מ'לערנט זיי. דאָס „וויסן" און „פאַרשטיין" ווערט ביי זיי ענג צו־זאַמענגעפלאָכטן און זיי פאַרשטייען בעסער די זאַכן, וואָס זיי ווייסן, און זיי וויסן גרינדלאַכער די זאַכן, וואָס זיי פאַרשטייען. אין פאַרלויף פון די לעצטע צען יאָר זיינען דאָ און דאָרט געמאַכט געוואָרן פאַרזוכן איינצופלאַנצן אונזערע סאָציאַליסטישע אידייען ניט בלויז דורך פּאָליטישע פּראָפּאַגאַנדע, וואָס מען קען פאַרשטיין, נאָר אויך דורך קולטורעלער טעטיגקייט, וואָס פאַרשפּרייט טיפערע באַגריפן און אַ ברייטערן וויסן.

די לעצטע צען יאָר, זינט דער אידישער סאָציאַליסטישער פאַרבאַנד איז אַרויסגעטראָטן אויף דער אַרענע פון סאָציאַליסטישן און געזעלשאַפטלאַכן לעבן, זיינען געווען אַ פּעריאָד פון שטורם און קאַמף. דאָס זיינען געווען אומנאָרמאַלע, שווערע יאָרן פאַר אונזער גאַנצער אַרבעטער באַוועגונג בכלל און פאַר דער אי־דישער אַרבעטער באַוועגונג בפרט. די יוניאָנס, די פּאַרטיי אָרגאַניזאַציעס, דער אַרבעטער רינג, די הילפס קערפּערשאַפטן, די קולטורעלע אינסטיטוציעס — זיי אַלע האָבן דורכגעמאַכט שווערע, ביטערע צייטן. צייטנווייז האָט זיך געדוכט, אַז די אָרגאַניזאַציעס וועלן פאַרניכטעט אָדער צעריסן ווערן. פון איין זייט האָבן זיי געהאַט אויסצושטיין די צרות פון דעם אינערלאַכן קאַמף, וואָס די קאָמו־ניסטן האָבן מיט אַזוי פיל ביטערקייט און גאַל אַריינגעטראָגן. פון דער אַנדערער זייט האָט דער קריזיס אַרויפגעלייגט זיין שטעמפּל אויף יעדן צווייג פון אונזער באַוועגונג. אָבער דער מוטיגער קאַמפּס־גייסט, דער סאָציאַליסטישער באַוואוסט־זיין און דער ברייטער חוש פאַר געזעלשאַפטלאַכקייט, מיט וועלכן עס זיינען אָנגע־הויכט געוואָרן אַלע קערפּערשאַפטן פון אונזער באַוועגונג, האָבן געהאָלפן אוועק־טרייבן דעם יאוש, און האָבן געוועקט גלויבן אין אונזערע אייגענע כוחות.

ס'איז געווען דאָס גליק פון דעם אידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד, וואָס ער האָט באַלד ביים ווינגעלע פאַרבונדן דעם גורל פון זיין עקזיסטענץ מיט דעם גורל פון דער איבעריגער טייל פון אונזער פּראָגרעסיווער אידישער אַרבעטער באַוועגונג. פונקט ווי ער האָט אויפגענומען דעם קאַמף אין יעדן טייל פון אונזער באַוועגונג און דאָס באַטראַכט פאַר זיין אייגענעם קאַמף, אַזוי האָט ער אויך אויפגענומען די געזעלשאַפטלאַכע און קולטורעלע אַרבעט פון דער אַרבעטער באַוועגונג און זיך באַטייליגט אין איר, פונקט ווי דאָס וואָלט געווען זיין אייגענע טעטיגקייט.

די אַרבעטער רינג קינדער שולן זיינען זיך ברייט פאַנאַנדערגעוואַקסן פאַר די

לעצטע 10—12 יאָהר. אויב די שולן פאַרנעמען אַ שיינעם, אַ בכבוד'יגן פּלאַץ אין אונזער אידיש־געזעלשאַפטלאַכן לעבן אין אַמעריקע, אויב זיי האָבן זיך איינגעפונדעוועט ניט בלויז אַלס ערציאונגס אינסטיטוציעס פאַר די קינדער, נאָר אויך אַלס קולטור קערפּערשאַפטן פאַר די דערוואַקסענע, האָט דער אידישער סאָציאַליסטישער פאַרבאַנד אין דעם ניט קיין קליינעם חלק. ס'איז אמת, אַז דער אַרבעטער רינג האָט זיין אייגענעם שטאַרקן און פאַרצווייגטן אַפּאַראַט פאַר דער שול טעטיגקייט. אָבער די שולן, כאָטש זיי ווערן אויפגעהאַלטן און געפירט פון אַרבעטער רינג, פון זיינע ברענטשעס און מיטגלידער, זיינען זיי ניט איינגעצוימט אין די ראַמען פון דער אייגענער אָרגאַניזאַציע. די שולן זיינען געוואָרן קולטורעלע אינסטיטוציעס ניט בלויז פאַר די אַרבעטער רינג מיטגלידער אַליין, נאָר אויך פאַר דער אַלגעמיינער אידישער באַפעלקערונג פון יעדער שטאָט און יעדן געגנט, וואו זיי געפינען זיך. אין דעם אפשר ליגט זייער גרויסער געזעלשאַפטלאַכער כוח. אויב די שולן זיינען געקומען צו זייער היינטיגער שטופע, איז דאָס ניט בלויז צוליב די פינאַנציעלע און אָרגאַניזאַציאָנס מיטלען, וואָס דער אַרבעטער רינג האָט זיי געגעבן, נאָר אויך צוליב דעם, וואָס די פּראָגרעסיווע עלעמענטן אין יעדער שטאָט, אין יעדער געגנט, האָבן געפילט דעם גייסטיגן כוח פון דער שול־באַוועגונג און געהאָלפן די אָרטיגע שולן סיי אין זייער קולטורעלער אַרבעט און סיי אין דעם קאַמף פאַר זייער עקזיסטענץ.

אָט דער ווינקל פון אונזער קולטורעלער טעטיגקייט איז באַטראַכט געוואָרן ווי אַ הייליגקייט, ווי אַ נייטראַלער באָדן, אויף וועלכן מ'טאָר קיין אינערלאַכן קאַמף ניט פירן. אפילו נאָכדעם, ווי די קאָמוניסטן האָבן געשאַפן די שפּאַלטונג אין די יוניאָנס און אין אַרבעטער רינג, האָבן זייערע שול־טוער די ערשטע צייט זיך נאָך אַלץ געהאַלטן אין די ראַמען פון נייטראַליטעט אויף דעם געביט פון שול־טעטיגקייט. אין אַ סך אַרבעטער רינג שול־פאַרוואַלטונגען האָט מען אין יענער צייט געקענט געפינען מענשן, וואָס זיינען צווישן זיך געווען פּאָליטישע שונאים, וואָס האָבן אין אַנדערע אָרגאַניזאַציעס ביטער באַקעמפט איינער דעם צווייטן, אָבער אין דער שול־פאַרוואַלטונג זיינען זיי געזעסן ווי פריינט, וואָס זיינען באַזעלט מיט דעם אידעאַל פון געבן אונזערע קינדער אַ אידיש־סאָציאַליסטישע ערציאונג, פון דעם אידעאַל, וואָס די קולטור־אידייע פון אונזער שול האָט געשאַפן. די נייטראַליטעט אין דעם ווינקל פון אונזער שול־טעטיגקייט האָט לאַנג ניט אָנגעהאַלטן. די קאָמוניסטן האָבן אויך אונזער קולטור אַרבעט געזוכט צו פאַרניכטן. די שפּאַלטונג, וואָס זיי האָבן פאַראורזאַכט אין די ניו יאָרקער אַרבעטער רינג שולן, האָט אין יענער צייט געשטעלט אין געפאַר די גאַנצע שול באַוועגונג פון אַרבעטער רינג. די מיטגלידער פון דעם אידישע סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד, צוזאַמען מיט די אַקטיווע טוער פון דעם אַרבעטער רינג ,האָבן דעמאָלט פאַרמירט אַן אַוואַנגאַרד, וואָס זאָל באַשיצן און אויף דאָס ניי בויען די אידישע אַרבעטער רינג שולן אין ניו יאָרק. כמעט אַלע שולן פון אַרבעטער רינג אין ניו יאָרק זיינען פאַרכאַפּט געוואָרן פון די קאָמוניסטן אין דער צייט פון דער שפּאַלטונג. אָט דער צווייג פון קולטורעלער טעטיגקייט, וועלכער האָט ניט קיין דירעקטע שייכות מיט פּאָליטישע פּראָבלעמען, האָט געפאָדערט ספּעציעלע אויפמערקזאַמקייט. נאָך עטלאַכע יאָר פון אינטענסיווער און

ערנסטער ארבעט איז געלונגען ווידער איינצופונדעווען די שולן אין ניו יארק, אזוי גוט ווי איבער'ן גאנצן לאנד.

די אידייע פון אידיש־סאציאליסטישער דערציאונג בכלל און די ארבעטער רינג שול־באוועגונג בפרט האבן די ערשטע יארן געהאט זייער ווייניג פריינט און אנ־היינגער. די שולן זיינען באקעמפט געווארן אין די אינערלאכע רייען פון ארבעטער רינג גופא און אויך פון שונאים אין דער אויסערלאכער וועלט. זיי האבן ניט געהאט קיין צייטונג, קיין ארגאן, וואס זאל זיי פארטיידיגן און באשיצן פון די אינערלאכע און אויסערלאכע אטאקעס. אין דער היינטיגער צייט, ווען די צייטונג שפילט אזא וויכטיגע ראלע, איז שווער פאר קולטור אינסטיטוציעס, וואס נעמען אן א ברייטן געזעלשאפטלאכן כאראקטער, צו קענען עקזיסטירן אן אן ארגאן. אויך אין דעם פרט האט דער אידישער סאציאליסטישער פארבאנד זיך געשטעלט אין דינסט דער גאנצער שול־באוועגונג. דער „וועקער", דער ארגאן פון פארבאנד, איז אויך גע־ווארן דער ארגאן פון די ארבעטער רינג שולן. פאר יעדער וויכטיגער ארבעט, פאר יעדער גרויסער אונטערנעמונג פון דער שול־באוועגונג, האט דער „וועקער" גע־ווידמעט א סך ארטיקלען און אפגעגעבן גענוג פלאץ, כדי צו מאכן נאך מער פאפולער די אידייע און די צילן פון אונזערע שולן. דער „וועקער" איז פאקטיש דער איינ־ציגער אידישער ארגאן אין אמעריקע, אויף וועלכן די ארבעטער רינג שולן קענען זיך שטיצן אין מאמענטן פון פרייד, אזוי גוט ווי אין מאמענטן פון צרות. דער „וועקער" איז שטענדיג גרייט געווען צו פירן דעם אדער יענעם אידעאלאגישן קאמף פון דער שול־באוועגונג, אדער העלפן אנפירן א ברייטע פראפאגאנדע און אויפ־קלערונגס ארבעט פאר די שולן איבער'ן לאנד. די אידישע שולן זיינען דער זיידענער פאדים, וואס בינדט צוזאמען די אמעריקאנער אידישע קינדער מיט די עלטערן, וואס בינדט צוזאמען די אידישע דערציאונגס און קולטור ארבעט פון אמעריקע און אייראפע.

די לעקציע טורס פון דעם אידישן סאציאליסטישן פארבאנד און די לעקציע טורס וואס דער ארבעטער רינג פירט דורך יעדן ווינטער, טראגן אריין קלארקייט און פארשטענדניש איבער סאציאלע, געזעלשאפטלאכע, קולטורעלע און ליטעראַרישע פראגן. די הונדערטער אפען פארומס און לעקציעס, וואס ווערן יעדן ווינטער ארגא־ניזירט אין יעדער גרעסערער שטאט און שטעטל איבער די פאראייניגטע שטאטן און קאנאדע, העלפן דעם עולם זיך פאנאנדערקלייבן אפילו אין קאמפליצירטע פאלי־טישע און אינטערנאציאנאלע פראגן. כאטש די לעקציעס און אפען פארומס פרע־טענדירן ניט צו געבן די באזוכער א סיסטעמאטישע בילדונג, פונדעסטוועגן זיינען זיי אין זייער אינהאלט און אין זייער גייסט א באדייטנדער טייל פון אונזער אידישער קולטור־ארבעט.

היינטיגן יאר האט דער ארבעטער רינג געמאכט א פארזוך צו ארגאניזירן סעריעס לעקציעס, וואס זאלן האבן א סיסטעמאטישן כאראקטער און זיין צוגענגלאך פאר די ארבעטער און פאלקס־מאסן. אזוי, צום ביישפיל, זיינען באשטימט געווארן קורסן לעקציעס איבער אידישע ליטעראטור, מארקסיזם און מאדערנע וויסנשאפט, אינדוסטריעלע אנטוויקלונג פון אמעריקע, וויכטיגע מאמענטן אין אידישער גע־שיכטע, אינטערעסאנטע פעריאדן אין דער אמעריקאנער ציוויליזאציע א. ד. ג.

דורך די לעקציעס זוכט דער ארבעטער רינג צו העלפן דערוואקסענע מענשן פאר־פאלקאמען זייער וויסן איבער דער אדער יענער פראגע.

די שרייבער־אווענטן, וואס דער ארבעטער רינג פירט דורך פאר די לעצטע פיר יאר, זיינען אן אמת'ע ביישטייערונג צו אונזער אלגעמיינער אידישער קולטור־ארבעט. דורך די אווענטן ווערן די באזוכער באקאנט מיט דעם גייסט און כאראק־טער פון אידישע שרייבער, ווי אויך מיט דעם גייסט און מיט די טענדענצן פון דער וועלט־ליטעראטור. יעדער אווענט ווערט געווידמעט צו איין שרייבער. דורך א פארלעזונג, דורך אן איין־אקטער פון דעם באטרעפנדן שרייבער'ס ווערק, דורך א לעקציע וועגן זיין שאפן קריגן די צוהערער א באגריף וועגן די הויפט ווערק פון דעם שרייבער. די אווענטן ברענגען דעם עולם אין נעענטערער פארבינדונג מיט דער אידישער און אלוועלטלאכער ליטעראטור.

ווען מ'ווארפט א בליק אויף דער ליסט פון ביכער און בראשורן, ארויסגעגעבן פון דעם אידישן סאציאליסטישן פארבאנד און פון דעם ארבעטער רינג, אויף דער ליסט פון די צענדליגער טויזנטער ביכער און בראשורן פון אנדערע פארלאגן, וואס די צוויי ארגאניזאציעס האבן פארשפרייט, ווערט נאך קלערער דאס בילד פון אונזער קולטורעלער טעטיגקייט. די שווערע פינאנציעלע אומשטענדן, אונטער וועלכע דעם „פארבאנד" איז שטענדיג אויסגעקומען צו ארבעטן, האבן אים קיינמאל ניט אפגעשטעלט פון מאכן אלע מעגלאכע אנשטריינגונגען, כדי צו העלפן די אידישע פאלקס־מאסן צו קענען זיך פארטיפן אין א אידישן בוך. מיט די באַ־גרעניצטע מיטלען פון דעם „פארבאנד" האט ער פונדעסטוועגן אין משך פון די צען יאר באוויזן ארויסצוגעבן א גאנצע רייע וויכטיגע ביכער און בראשורן. דער ארבעטער רינג און דער „פארבאנד" האבן מיט זייער פארלאג טעטיגקייט פון איין זייט געהאלפן פארשפרייטן אידישע ביכער, וואס דאס איז אן און פאר זיך א וויכטיגע קולטור טעטיגקייט, און פון דער אנדערער זייט האבן זיי געהאלפן איינ־ווארצלען ביי די אידישע פאלקס־מאסן א מער קולטורעלע באציאונג צו מענשן און זאכן. די ביכער, ארויסגעגעבן פון דעם „פארבאנד", זיינען פארשידן אין כאראקטער. אזוי, למשל, זיינען ארויסגעגעבן געווארן יודזשין וו. דעבס' שריפטן; ווערא פיגנער'ס מעמוארן אין דריי בענדער (געדרוקט אין פינף טויזנט עקזעמפליארן יעדער באנד); די געשיכטע פון די פאראייניגטע שטאטן, פון ה. ראגאף, אין פינף בענדער (געדרוקט צוויי טויזנט סעטס); ג. כאנינ'ס בוך וועגן סאוועט רוסלאנד איז פארשרייט געווארן אין פיר טויזנט עקזעמפליארן; די געשיכטע פון דער ענגלישער ארבעטער באוועגונג, פון ראזבערי. דער ארבעטער רינג האט אין זיין פארלאג א גאנצע רייע וויכטיגע ביכער, וואס פריוואטע פארלעגער וואלטן אפשר איינגאנצן זיך ניט אונטערנומען ארויסצוגעבן. צווישן די ארבעטער רינג אויסגאבן געפינען מיר „פאליטישע עקאנאמיע", פון א. ש. זאקס; „זאאלאגיע", פון דר. ב. האפמאן (צביון); „פיזיאלאגיע", פון דר. י. א. מעריסאן, און „היגיעניע", פון דעם זעלבן מחבר; „אריפמעטיק", פון ה. בורגין; „אידישע געשיכטע פאר שול און פאלק", 1טער און 2טער טייל, פון חיים שויס; „וואונדער איבער וואונדער", פון מאני לייב. א חוץ א גאנצע רייע ביאגראפיעס און שפילן, ארויסגעגעבן פאר די קינדער פון די אידישע שולן.

דער פּאָלקס געצייג קאַמפּעין איז אָרגאַניזירט געוואָרן אויף דער איניציאַטיוו פון דעם אידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד. גענאָסע נ. כאַנין איז צוריקגעקומען פון זיין רייזע איבער אייראָפּע און האָט געשילדערט זיינע איינדריקע וועגן דער לאַגע פון די אידן אין רוסלאַנד, איז אַרויפגעשוואומען דער געדאַנק וועגן גרינדן דעם פּאָלקס געצייג קאַמפּעין. אַ חוץ דעם, וואָס די אָרגאַניזאַציע האָט גע־שאַפן אַרום אַ פערטל מיליאָן דאָלער פאַר קאָנסטרוקטיווע אַרבעט צווישן די דעקלאַסירטע אידן אין רוסלאַנד און פאַר הילפס אַרבעט אין פּוילן, האָט דער פּאָלקס געצייג קאַמפּעין געגעבן אַ מעגלאַכקייט צו באַקענען אונזערע מאַסן מיט דעם לעבן און מיט דער לאַגע פון די אידן אין רוסלאַנד און אין מערב־אייראָפּע. דער אידישער סאָציאַליסטישער פאַרבאַנד האָט ניט נאָר אַ חלק אין דער גרינדונג פון דעם פּאָלקס געצייג קאַמפּעין, נאָר ער האָט זיך אויך אַקטיוו באַטייליגט אין יעדער אַקציע פון דער הילפס קערפּערשאַפט. דער אַרבעטער רינג אַלס גאַנצער און די ברענטשעס און דיסטריקט קאָמיטעס איבער׳ן לאַנד אַלס באַזונדערע קערפּערשאַפטן, האָבן געטאָן אַלץ צו מאַכן די אַרבעט פון דעם פּאָלקס געצייג קאַמפּעין פאַר אַן ערפאָלג. ס׳איז אמת, אַז די קערפּערשאַפט שטיצט זיך אויף אַלע אידישע שיכטן אין די פאַראייניגטע שטאַטן און קאַנאַדע, אָבער דער רוקן־ביין פון פּאָלקס געצייג קאַמפּעין זיינען די אַרבעטער רינג אָרגאַניזאַציעס און די סאָציאַליסטישע עלעמענטן אין לאַנד.

ווען די אידישע שולן אין פּוילן נויטיגן זיך אין ספּעציעלער הילף, ווען זיי פילן, אַז זיי קענען אָן דער פינאַנציעלער שטיצע פון אַמעריקע ניט אויסקומען, שיקן זיי פאַרטרעטער קיין אַמעריקע. זייער דעלעגאַציע, די חברים יעקב פּאַט און נ. בוקסבוים, וועלכע זיינען געווען אין די פאַראייניגטע שטאַטן מיט אומגעפער צוויי יאָר צוריק, האָבן געשאַפן אַרום פינף און צוואַנציג טויזנט דאָלער פאַר די אידישע שולן אין פּוילן. אין דער וויכטיגער הילפס־אַרבעט האָט דער אַרבעטער רינג פון איין זייט און דער אידישער סאָציאַליסטישער פאַרבאַנד פון דער אַנדערער זייט, בייגעשטייערט זייער אַ סך צו העלפן דורכפירן זייער אַקציע אויף אַזאַ גלענצנדן אופן, כאָטש די צייט איז דעמאָלט געווען ניט קיין גינסטיגע צוליב דעם קריזיס, וואָס האָט פריער אויסגעבראָכן.

די „קולטור ליגע” פון פּוילן, דער איינציגער אידישער געזעלשאַפטלאַכער פאַר־לאַג, האָט זיך לעצטנס געפונען אין אַזאַ צושטאַנד, אַז ער האָט געמוזט זיך ווענדן נאָך הילף קיין אַמעריקע. ווען זייער פאַרטרעטער, אַרטור זיגלבוים, איז געקומען אַהער אין די אינטערעסן פון דער „קולטור ליגע”, האָבן אַ סך געדענקט, אַז צוליב דעם קריזיס וועט פאַר אים אינגאַנצן אוממעגלאַך זיין צו פאַרשפּרייטן דאָ די ביכער פון זייער פאַרלאַג. אָבער אַ דאַנק דער הילף און מיטווירקונג, וואָס ער האָט גע־קראָגן פון אַרבעטער רינג און די אידישע סאָציאַליסטן אין די שטעט און שטעטלאַך, וואָס ער האָט באַזוכט, איז דער „קולטור ליגע” געלונגען צו פאַרקויפן ביכער פאַר דער סומע פון אַרום צען טויזנט דאָלער.

אַז די „פּאָלקסצייטונג”, וואָס ווערט אַרויסגעגעבן פון „בונד” אין פּוילן, שיקט אַהער אַ פאַרטרעטער, געפינט ער שטענדיג אַ וואַרימען אָפּקלאַנג אין די קרייזן פון אונזער אַרבעטער באַוועגונג. אפילו נאָר לעצטנס, ווען דער קריזיס האָט זיך שטאַרק געפילט ביי אונז אין לאַנד, האָט גענאָסע נח, דער פאַרטרעטער פון דער

„פּאָלקסצייטונג‟, געפונען אַ שטאַרקן אָפּרוף צווישן אונזערע אָרגאַניזאַציעס, צווישן אונזער עולם. פון איין זייט איז דאָס געווען די מאַגנעטישע, לעגענדאַרע און האַרציגע פּערזענלאַכקייט פון חבר נח און פון דער אַנדערער זייט — די טראַדיציאָנעלע פריינטלאַכע באַציאונג צום „בונד‟, וואָס איז געבליבן איינגעוואָרצלט ביי צענדליגער טויזנטער מענשן אין דער אַרבעטער באַוועגונג.

די באַוועגונג צו שאַפן אַ אידישע ענציקלאָפּעדיע האָט באַקומען אונזער הילף און נאָענטע קאָאָפּעראַציע.

עס וועט ניט זיין איבערטריבן צו זאָגן, אַז ס׳איז ניטאָ קיין איין וויכטיגע געזעלשאַפטלאַכע און קולטורעלע אונטערנעמונג צווישן אידן אין אַמעריקע און די אייראָפּעאישע לענדער, וואָס וואָלט געקענט אויסקומען אָן אונזער פינאַנציעלער און מאָראַלער הילף, אָן אונזער מיטווירקונג.

אונטער נאָרמאַלע אומשטענדן קען זיין, אַז יעדער טייל פון אונזער טעטיגקייט וואָלט געשלאָגן נאָך טיפערע וואָרצלען, וואָלט געהאַט נאָך אַ גרעסערע ווירקונג. אונז איז אָבער די לעצטע צען יאָר אויסגעקומען צו אַרבעטן אונטער אויסערגעוויינלאַך שווערע באַדינגונגען. אונז איז כמעט שטענדיג אויסגעקומען צו שווימען געגן שטראָם. מיר זיינען פון אַלע זייטן געווען אַרומגערינגלט מיט שוועריגקייטן, וועלכע זענען זיך אָפּטמאָל בולט אַרויס, וועלכע פילן זיך דאָ און דאַרט אין דעם פּראָצעס פון דער אַרבעט. מיר האָבן זיך אָבער אויך אָנגעשטויסן אָן אַזעלכע שטערונגען, וואָס מען קען מיט דער האַנט ניט אָנטאַפּן, וואָס מען קען ניט גלייך דערפילן.

יאָ, שטענדיג געגן שטראָם איז אונז אויסגעקומען צו שווימען. יעדע טייל פון אונזער טעטיגקייט האָט דעריבער געפאָדערט מער אָנגעשטריינגטע כוחות, כדי צו דערגרייכן דעם ציל. אין וואָס זיינען באַשטאַנען די שטערונגען? מיר וועלן זיך אָפּשטעלן אויף עטלאַכע פון זיי:

די קאָמוניסטן האָבן אריינגעטראָגן אַ דיסאָרגאַניזאַציע אין די רייען פון דער אַרבעטער באַוועגונג. זיי האָבן אַריינגעבלאָזן אומצוטרוי אין די הערצער און מוחות פון די אַרבעטער געגן זייערע אָרגאַניזאַציעס, געגן זייערע פירער. מיט זייער פּראָפּאַגאַנדע, וואָס טראָגט שטענדיג דעם כאַראַקטעריסטישן קאָמוניסטישן שטעמפּל, האָבן זיי ניט נאָר פאַר׳סמ׳ט די מוחות פון דעם טייל, וועלכער פלעגט זיין אַ שטיצע פאַר אונזער באַוועגונג, נאָר זיי האָבן אויך אַטראָפירט די געפילן פון טויזנטער, וועלכע האָבן ניט גענומען קיין אַקטיוון אַנטייל אין אונזערע אָרגאַניזאַציעס, נאָר זיינען געווען אונטער אונזער גייסטיגן און געזעלשאַפטלאַכן איינפלוס. מיט זייער פּראָפּאַגאַנדע האָבן זיי די דאָזיגע מענשן פון דער באַוועגונג אָפּגעשטויסן. די פּאַסיווע, די גלייכגילטיגע, וואָס קלייבן זיך ניט פאַנאַנדער אין אינערלאַכע סכסוכים און אין פּאָליטישע פראַגן, האָבן אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט אויף דער גאַנצער באַוועגונג, טראַכטנדיג זיך: אויב איין צד רעדט אַזוי פיל געגן צווייטן, טויגן זיי מסתמא ביידע אויף כפּרות.

די כוואַליע פון ציוניזם האָט געזוכט אָפּצושוועכן יעדן דראַנג צו אַ ברייטערער אידיש-סאָציאַליסטישער טעטיגקייט דאָ אין לאַנד. דער ציוניסטישער סענטימענט, די פּראָפּאַגאַנדע וועגן אַן אייגענער היים פאַר אידן אין פּאַלעסטינע,

איז פארשפרייט געוואָרן ניט בלויז פון די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס אַליין, נאָר אויך פון אַ טייל פון אונזערע קערפּערשאַפטן, וועלכע האָבן די ציוניסטן אָפּטמאָל געהאָלפן ניט אַזוי פיל צוליב אהבת מרדכי, ווי צוליב שנאת המן; ניט אַזוי אויס ליבע צום ציוניזם, ווי צוליב דער אויסרעכענונג אַז דערמיט קאָן מען שטערן דער אָדער יענער אונטערנעמונג פון די אידישע סאָציאַליסטן דאָ אין לאַנד.

אַ טייל פון אונזערע אידישיסטן זוכן ניט קיין אַנדער זאַך אַ חוץ דעם שמאָלן שאָווענסטישן אידישיזם. זיי אינטערעסירט וויניג דער סאָציאַליזם און אפילו די אידיש־סאָציאַליסטישע טעטיגקייט. די אַרבעטער באַוועגונג מיט אַלע אירע נויטן אוןליידן, מיט אַלע אירע פרייד און זיגן, איז פאַר זיי אַ פרעמדע זאַך. דער שמאָלער, ענג־האַרציגער אידישיזם איז ביי זיי דער אָפּגאָט, שטייט ביי זיי העכער פון אַלץ.

אַסימילאַטאָרן פון פאַרשידענע קאָלירן רינגלען אונז אַרום פון אַלע זייטן. די אידישע שפּראַך, דער אידישער סאָציאַליזם, אידישע לעקציעס, דעבאַטעס וועגן פראַגן וואָס האָבן אַ שייכות צום אידישן לעבן אין אַמעריקע און אייראָפּע, אידישע ביכער, אידישע קולטור — דאָס זיינען אַלץ זאַכן, פאַר וועלכע זיי ווייזן אַרויס פאַראַכטונג און אַ חוזק־געפיל. פאַר זיי איז אידיש בלויז אַ מיטל, אָן איבערגאַנגס־מיטל צו אַ העכערער מדרגה פון איבערנעמען די שפּראַך, קולטור און מנהגים פון דעם שטאַרקערן און גרעסערן פאָלק, צווישן וועלכן מיר לעבן. פאַר אונזערע אַסימי־לאַטאָרן, וואָס טרעטן אַרויס עפנטלאַך, אָדער רעדן געגן אונז אין אַ ווינקעלע, ערגיץ שטילערהייט, — פאַר זיי איז אידיש און דאָס אידישע קולטורעלע לעבן אַ סאָרט מעדיצין, וואָס מ'דאַרף געבן דעם חולה, ביז ער וועט געזונט ווערן.

די „פּראָספּעריטי" איז געווען אַ גליק און אַן אומגליק פאַר אונזער באַוועגונג. פון איין זייט האָבן די יאָרן פון „פּראָספּעריטי" געמאַכט לייכטער פאַר אונז צו קענען אַרויסגעבן דעם אָדער יענעם בוך, צו קענען העלפן דעם אָדער יענעם טייל פון דער באַוועגונג, צו קענען אונטערנעמען די אָדער יענע גרויסע הילפס־אַקציע. פון דער אַנדערער זייט האָט די „פּראָספּעריטי" געמאַכט מענשן צו גלויבן, אַז מען קען רייך ווערן איבער נאַכט, אַז מ'קען לעבן אין לוקסוס און וואווילטאָג, אויב מ'האָט נאָר שכל, ווי אַזוי צו ספּעקולירן מיט דעם ביסל געלט וואָס מ'האָט אָפּגעשפּאָרט, ווי אַזוי צו קויפן אָדער פאַרקויפן הייזער אָדער לאָטס. און אַז מ'קען לעבן אַזוי גוט, אין אַזאַ וואווילטאָג, אָן ספּעציעלע אָנשטריינגונגען, אָן אירגענד וועלכער ביל־דונג, וואָס גרייט צו מענשן פאַר גרויסע פינאַנציעלע און געשעפטלאַכע אונטער־נעמונגען, טראַכט מען זיך, אַז דער סאָציאַליזם און דער קלאַסן־קאַמף זיינען נאַרישע, איבעריגע זאַכן. איז געקומען דער קריזיס און פאַרניכטעט יענע באַגריפן, יענע פאַלשע אילוזיעס. האָט מען געמעגט ערוואַרטן, אַז נאָך דער אַנטוישונג פון דער „פּראָספּעריטי" וועט קומען אַ דראַנג צום סאָציאַליזם. האָבן אָבער די קריזיס־יאָרן געבראַכט מיט זיך אַנדערע צרות: אַרבעטסלאָזיגקייט, אָרימקייט, אַפּוועזנהייט פון אַ פונק האָפנונג אויף אַ בעסערן מאָרגן — דאָס אַלץ איז געקומען אַלס אַ צווייטע עקסטרעמע פון „פּראָספּעריטי". דאָס איז שוין די טבע פון מענשן, דאָס איז שוין די פּסיכאָלאָגיע פון די מאַסן, אַז איין עקסטרעמע נייגונג זאָל פירן צו אַן אַנדערע. די קריזיס־יאָרן האָבן געבראַכט אַנטוישונג, האָפנונגס־

לאזיגקייט און מוטלאזיגקייט צו קעמפן פאר א נייער געזעלשאפטלאכער אָרדנונג. די ענערגיע פון לעבן ווערט ביי אונז אויסגעשעפט אין דעם פּראָצעס פון „מאכן א לעבן".

אָט אזוי איז אונזער ארבעט אין משך פון די לעצטע צען יאָר געפירט געוואָרן אין קאמף מיט אינערלאכע און אויסערלאכע שטערונגען. נאָר אויב מען גיט א טראכט, אז אונז איז כסדר אויסגעקומען צו שווימען געגן שטראָם, זעט דעמאָלט אויס א סך גרעסער און א סך וויכטיגער די ארבעט, וואָס מיר האָבן געטאָן אויף דעם געזעלשאפטלאכן און קולטורעלן געביט.

אונזער גליק איז, וואָס אונז קומט אויס צו ארבעטן צווישן ברייטע אימיגראנטן מאסן. דער אימיגראנט, אָדער דער געוועזענער אימיגראנט, איז אין אזא לאגע, וואָס ער מוז אלץ מער לערנען, כדי צו קענען זיך אלץ מער צופּאסן צו די אומשטענדן און צום לעבן פון לאנד. בערטראנד ראָסל זאָגט, אז א קינד לערנט זיך אויס די ערשטע צוויי יאָר א סך מער זאכן, ווי די איבעריגע יאָרן פון זיין לעבן. די ערשטע צוויי יאָר לערנט זיך דאָס קינד אויס רעדן, עס לערנט זיך אויס זען און אונטערשיידן קאָלירן, עס לערנט זיך אויס עסן און פילן דעם טעם פון יעדער זאך באזונדער, עס לערנט זיך אויס שטיין און גיין זעלבסטשטענדיג, עס לערנט זיך אויס הערן און פארשטיין אנדערע. דער אימיגראנט געפינט זיך אין א געוויסן זין אין אן ענלאכער לאגע, ווי א קינד אין די ערשטע צוויי יאָר פון זיין לעבן. ער מוז זיך כסדר לערנען, כדי צו קענען בייקומען די שוועריגקייטן און די קאָמפּליצירטע ערשיינונגען, וואָס ער באגעגנט אין לעבן דאָ אין נייעם לאנד. דאָס גיט אונז אָפּט א גרייט פעלד צו באאקערן און פארזייען. די צרה איז בלויז, וואָס מיר האָבן די לעצטע צען יאָר מער געאַקערט און געזייט, ווע געשניטן די פּרוכט פון אונזער ארבעט.

אונזער געזעלשאפטלאכע און קולטורעלע ארבעט איז שטענדיג געווען פארבונדן מיט דעם טאָג־טעגלאכן קאמף און מיט די נויטן פון די אידישע מאסן. דורך אונזער קולטור טעטיגקייט האָבן מיר כסדר געזוכט צו אנטוויקלען, צו דערמינטערן, צו ערוועקן שאפנדע כוחות פאר אונזער געזעלשאפטלאכן לעבן, פאר דער אידישער ארבעטער באוועגונג, פאר די אידייען און אידעאלן פון סאָציאליזם. ביי דער איצטיגער שטופע פון ציוויליזאציע שפּילט די מאשין א וויכטיגערע ראָלע ווי דער מענש. אָבער אפילו אין דער איצטיגער מאשין־ציוויליזאציע פאָדערט זיך די קאָלאָסאלע קראפט פון מענשלאכע ארבעט צו קענען קאָנטראָלירן די עלעקטריציטעט פון דרייסיג ביליאָן פערד־קראפט, וואָס מיר פארמאָגן. אויב ארבעט קען קאָנטראָלירן דעם כוח פון דער מאשין, דארף זי אויך קאָנטראָלירן די אינדוסטריעס און די אונטערנעמונגען, וואָס פארמאָגן די מאשינען. אונזער קולטורעלע ארבעט העלפט קריסטאליזירן אָט די אידייען צווישן די אידישע ארבעטער און פאָלקס־מאסן.

ווי וויכטיג און ווי באדייטנד עס איז אונזער געזעלשאפטלאכע און קולטורעלע טעטיגקייט, איז דאָס פעלד נאָך ווייט ניט באארבעט. צייטנווייז דוכט זיך, אז מיר שטייען נאָך אלץ ביים אָנפאנג, אז אלע אונזערע אויפטואונגען זיינען ווי א טראָפּן אין ים. אָבער מען זאָגט, אז די וואָס האָבן מאכט, פארנעמען זיך ניט מיט קולטור ארבעט, און די וואָס פארנעמען זיך מיט קולטור ארבעט, האָבן קיין

מאכט ניט. מוזן מיר שטרעבן צו דער צייט, ווען אונזער קולטור טעטיגקייט וועט אונז פירן צו מאכט, ווען מיר וועלן קענען פאראייניגן קולטור און מאכט צוזאמען.

אויב ס'איז דא ביי די אידישע מאסן אין אמעריקא אן עפנטלאכע מיינונג, א סאציאלער געוויסן, א קאלעקטיווער ווילן פארטצוזעצן און ווייטער צו בויען דאס אידישע לעבן, וואס ווערט אויסגעגאסן אין פארשידענע פארמען, איז דאס א סך צו פארדאנקען אונזער ברייטער געזעלשאפטלאכער טעטיגקייט, אונזער אידיש־סאציאליסטישער קולטור טעטיגקייט.

אין דעם שמעלץ־טאפ פון אידישן לעבן אין אמעריקא, וואו מ'שטויסט זיך אן אויף אזוי פיל שטערונגען און צושטערונגס עלעמענטן, וואו עס הערשט אזוי פיל צעשוואומענקייט און אידייענלאזיגקייט, איז נויטיג צו האבן א צענטראלע קראפט, וואס זאל קענען פירן, וואס זאל קענען צעטרייבן די הערשנדע פוסטקייט. אונזער געזעלשאפטלאכע און קולטור טעטיגקייט האט אפטמאל געדינט אלס דער גרויסער גייסטיגער כח, וואס האט גערופן און דערמאנט אונזערע מאסן, אז „לא על הלחם לבדו יחיה האדם". אונזער קולטורעלע ארבעט האט ארויסגערופן צום לעבן נייע גייסטיגע כוחות, וועמענס ווערט וועט ערשט אין דער צוקונפט קענען אפגע־שאצט ווערן.

חיים קאָנטאראָוויטש:

# קריזיס און קלאַסן־קאַמף אין אַמעריקע

## 1

עקאָנאָמישע קריזיסן זיינען אין אמעריקע, אזוי גוט ווי אין אנדערע לענדער, קיין נייעס ניט. זיי קומען פאָר גאנץ רעגולאר, יעדע 9—10 יאָר. אָבער יעדעס מאָל ווען עס קומט אָן אַן עקאָנאָמישער קריזיס, געפינען זיך גלייך קלוגע פּאָליטיקער און געלערנטע עקאָנאָמיסטן, וואס באווייזן באשיינפּערלאך אַז דאָס איז ניט מער ווי אַ צופאַל, עפּעס אַ שרייפעלע איז קאַליע געוואָרן אין דער מאשין, וועט מען איר פאַרריכטן און אלץ וועט ווייטער זיין גוט. דער חסרון איז ניט אין דער מאשין גופא. די מאשין אליין איז „אָל רייט", אָבער די בעסטע מאשין ווערט דאָך אמאָל קאַליע, איז די קאפּיטאליסטישע מאשין קיין אויסנאם ניט. נעמען זיך שטארק צום הארצן דאַרף מען ניט, שרעקן זיך איז אויך ניטאָ וואס.

געווען נאַטירלאך אלע מאָל אויך אזעלכע, וואס האָבן אנדערש געקוקט אויף'ן ענין. אַ מאשין וואס ווערט קאַליע ר ע ג ע ל מ ע ס י ק, מוז ליידן פון אַזעלכע אינערלאכע חסרונות, וואס וועלן איר סוף כל סוף ברענגען צו אַ צוזאַמענברוך. די קריזיסן זיינען פון מאָל צו מאָל געוואָרן שארפער, טראגישער און פולער מיט געפאַרן פאַר דער עקזיסטירנדער אָרדענונג. ווייט־זעענדיגע פריינט פון קאפּיטאליזם האָבן כסדר געזוכט מיטלען ווי אזוי צו אויסבעסערן די מאשין, ווי אזוי צו באַזייטיגן אירע אינערלאכע חסרונות. דער אזוי־גערופענער „נייער קאפּיטאליזם", אדער „פּראָגרעסיווער קאפּיטאליזם", מיט זיין פילאָזאָפיע פון הויכע שכירות, פון „ארבעטער וואוילזיין", א. אַ. וו., איז געווען אַזאַ פּראָבע. הענרי פאָרד איז געווען דער נייער פילאָזאָף פון דעם קאפּיטאליזם.

דער נייער קאפּיטאליזם האָט די אינערלאכע חסרונות פון דער קאפּיטאליסטישער מאשין ניט באַזייטיגט. דער קריזיס איז געקומען „פּונקט אין צייט" און הענרי פאָרד דערקלערט איצט פאַר אַ רעפּאָרטער פון דער אסאָסיאייטעד פּרעס, אז ער האָפט ניט, ער וויל ניט אז די נאָר וואס צוזאַמענגעבראָכענע פּראָספּעריטי זאָל זיך צוריקקערן. די סיסטעם האָט ניט געטויגט, אויב זי וועט זיך צוריקקערן, וועלן מיר האָבן אַ צווייטן קריזיס, נאָך אַן ערגערן, אין 1940.*) פאָרד וויל אַ נייע סיסטעם, אַזאַ וואָס זאָל טאַקע אומעגלאך מאַכן אַזעלכע קריזיסן ווי דעם וואָס מיר לעבן היינט איבער, — אָבער וואָס זאָל זיין די נייע סיסטעם? פאָרד האָט דערויף קיין ענטפער ניט. ער טרייסט מיט בעסערע צייטן, רעדט וועגן אַ בעסערע סיסטעמע. און פאָרד, דער פּראַקטישער מענש, דער מכשף פון דער אַמעריקאַנער אינדוסטריע, האָט קיין שום פּראַקטישן פאָרשלאַג ניט פאַר זיינע קאָלעגן. „לאָמיר האָפן", איז אַלץ מיט וואָס ער קען זיי טרייסטן.

נאָך יעדן קריזיס קומען צוריק „גוטע צייטן", עס הויבט זיך אָן אַ צייט

---

*) זע זיין אינטערוויו אין דער „וואָירלד־טעלעגראַם", נאָוועמבער 18, 1931.

פון פראָספּעריטי. דער עולם הויבט שנעל אָן גלויבן, אַז „די איצטיגע פּראָספּעריטי איז שוין אַן אייביגע". מער וועלן מיר שוין קיין קריזיס ניט האָבן. עקאָנאָמיסטן שרייבן אָן דיקע ביכער וואו עס ווערט דערוויזן מיט אַ סך ציפערן און סטאַטיסטיק, אַז קריזיסן קענען שוין מער ניט זיין. די פּאָפּולערע פּרעסע פּאָפּולאַריזירט אָט די וויסנשאַפטלאַכע באַווייזן; פּאָליטישע דעמאַגאָגן כאַפּן זיך אָן דעם אָן און נוצן דאָס אויס פאַר זייערע פּאָליטישע צוועקן; עס וואַקסט דער אָפּטימיזם צוזאַמען מיט דער פּראָספּעריטי, ביז — עס קומט אַ נייער קריזיס, און די גאַנצע מעשה הויבט זיך אָן פון דאָס ניי.

דער גלויבן אין דער אייביגקייט פון דער „איצטיגער" פּראָספּעריטי און דער אַלגעמיינער אָפּטימיזם איז אין אַמעריקע קיינמאָל ניט געשטיגן אַזוי הויך ווי אין די יאָרן צווישן 1923 און 1929. די ווייניגע אַפּיקורסים וואָס האָבן פאָראויס־געזאָגט אַ שנעלן און טראַגישן סוף פאַר דער פּראָספּעריטי האָט מען אויסגעלאַכט אַלס משוגעים, אָדער גלאַט ניט פאַרגינער.

אין 1928 האָט הערבערט הואָווער אין אַ קאַמפּיין־רעדע דערקלערט: „מיר זיינען אין אַמעריקע נענטער צום ענדלאַכן זיג איבער אָרימקייט ווי אַ וועלכע עס איז אַנדער לאַנד איז ווען עס איז געווען. . . . מיר האָבן נאָך ניט דערגרייכט דעם ציל. אויב אָבער מיר וועלן נאָר האָבן אַ געלעגנהייט צו גיין פאָרוועטס מיט דעם זעלבן וועג מיט וועלכן מיר זיינען געגאַנגען די לעצטע אַכט יאָר, וועלן מיר באַלד, מיט גאָט'ס הילף, זיין נאָענט צום טאָג ווען אָרימקייט וועט אינגאַנצן פאַרשווינדן"...

אין אַ צווייטער רעדע, געהאַלטן אין ניו יאָרק, האָט הואָווער נאָך קלאָרער אַרויסגעבראַכט זיינע געדאַנקען:

„דער שלאַגוואָרט פון אַמאָל „אַ פולער טאָפּ" איז שוין איצט פאַרביטן אויף אַ . . . פולן גאַראַזש. . . . שכירות זיינען פאַרגרעסערט געוואָרן, די לעבנס־מיטלען זיינען פאַרקלענערט, די שטעלע פון יעדן אַרבעטער, מאַן און פרוי, איז מער זיכער געוואָרן. . . .

„אַ פאָרטזעצונג פון די פּאָליסיס וואָס די רעפּובליקאַנער פּאַרטיי האָט אָנגע־פירט ביז איצט איז דורכאויס נויטיג פאַר דער וויטערער פאָרטזעצונג פון דער פּראָספּעריטי".

דער עולם האָט געגלויבט, געפּאַטשט בראַוואָ, געשריען הורא, געשטימט פאַר דער רעפּובליקאַנער פּאַרטיי און געגלויבט אַז די „איצטיגע" פּראָספּעריטי איז אַן אייביגע.

.2

אָט דער אָפּטימיזם האָט אויך באַהערשט דער אַמעריקאַנער אַרבעטער־באַוועגונג. עס איז באַשאַפן געוואָרן אַ מין טעאָריע פון „אַמעריקאַנער עקסעפּשאָנאַ־ליזם". אין אייראָפּע נעבאַך גייט אָן אַ קלאַסן־קאַמף; דאָרט זיינען נעבאַך פאַראַן פּראָלעטאַריער, דאָרט מוזן נעבאַך פאָרקומען ביטערע און אָפט בלוטיגע שלאַכטן צווישן די אָרימע פּראָלעטאַריער און די רייכע פאַבריקאַנטן, אָבער ביי אונז אין אַמעריקע איז דאָס אינגאַנצן אַנדערש. אונזערע אַרבעטער זיינען ניט קיין „אָרימע פּראָלעטאַריער". זיי וואוינען אין פיינע אַפּאַרטמענטס, מיט צענטראַלע באַהייצונג,

מיט עלעקטריק, מיט אַ ראַדיאָ און טעלעפאָן אין הויז און אין די מערסטע פאַלן מיט אַן אייגענעם אויטאָמאָביל. ביי אונז קען ניט זיין אזא זאך ווי קלאַסן־קאַמף. דער תהום צווישן אָרים און רייך ווערט פאַרשאָטן פון זיך אַליין, די קלאַסן־היפּוכים ווערן אויסגעגליכן דורך דער פּראָספּעריטי. דער ארבעטער אינוועסטירט זיינע אָפּגעשפּאָרטע געלטער טאַקע אין דער זעלבער פאַבריק, אין וועלכער ער ארבעט, און ער ווערט דערמיט טיילווייז אַן אייגנטימער פון זיין ארבעטס־פּלאַץ. אַ נייער טיפּ ארבעטער הייסט דאָס באַווייזט זיך אַן ארבעטער־באַלעבאָס.

אין צענדליגער ביכער און ארטיקלען איז אָט דער „מערקווירדיגער פּראָצעס" באשריבן געוואָרן. פּראָפעסאָר טאָמאַס ניקסאָן קאַרווער האָט צונויפגעזאַמלט בערג מיט פאַקטן צו דערווייזן, אַז אין אַמעריקע קומט פאָר אַ שטילע רעוואָלוציע וואָס גלייכט אויס אַלע קלאַסן־היפּוכים און שאַפט אָפּ דעם אונטערשייד צווישן ארבעטער און באַלעבאָס. *)

„די איינציגע עקאָנאָמישע רעוואָלוציע, וואָס קומט איצט פאָר", האָט פּראָפעסאָר קאַרווער דערקלערט, „קומט פאָר אין די פאַראייניגטע שטאַטן. דאָס איז אַ רעוואָלוציע, וואָס וועט אָפּמעקן דעם אונטערשייד צווישן ארבעטער און קאַפּיטאַליסטן, דערמיט וואָס זי וועט מאַכן די ארבעטער פאַר זייערע אייגענע קאַפּיטאַליסטן, און ניט דורך דעם וואָס זי וועט צווינגען די מערסטע קאַפּיטאַליסטן צו ווערן ארבעטער פון איין מין אָדער אַ צווייטן".

אויף וואָס האָט זיך פּראָפעסאָר קאַרווער געשטיצט אין זיינע טעאָריעס? אויף דריי מינים באַווייזן:

1) דער וואוקס פון דער צאָל ארבעטער וואָס האָבן אָפּגעשפּאָרטע געלט;
2) ארבעטער קויפן אַקציעס פון די קאָמפּאַניס וואו זיי ארבעטן;
3) דער וואוקס פון די ארבעטער־באַנקען.

אָט די אַלע טעאָריעס פון סאָציאַלן פרידן און אייביגער פּראָספּעריטי קלינגען איצט ווי אַ בייזער, טראַגישער חוזק. אָבער אין יענער צייט האָט דאָס געקלונגען ניט נאָר אמת, נאָר זעלבסט־פאַרשטענדלאַך. אין דער אַמעריקאַנער טרייד יוניאָן באַוועגונג זיינען אָט די טעאָריעס אויפגענומען געוואָרן אַלס תּורת משה. אין 1927 האָט וויליאַם גרין, פּרעזידענט פון דער אַמעריקען פעדעריישאָן אָוו לייבאָר, איבערזעצט אָט די טעאָריע אויף זיין אייגענער שפּראַך, אין די פאָלגענדע ווערטער:

„עס איז מיין מיינונג אַז דער אַזוי גערופענער קאָנפליקט וואָס קען ניט אויסגעגליכן ווערן, וואָס עקזיסטירט לויט דער מיינונג פון מאַנכע עקאָנאָמיסטן צווישן ארבעט־נעמער און ארבעט־געבער, קען אָפּגעשאַפט ווערן. גוטער ווילן און געגנזייטיגע קאָנצעסיעס בשעת דאָס אויסגלייכן פון אינדוסטריעלע קאָנפליקטן קען ברענגען אַ גליקלאַכן אויסגאַנג".

די אַמעריקאַנער טרייד יוניאָן באַוועגונג האָט זיך קיינמאָל ניט אויסגעצייכנט מיט צופיל קאַמפס־פעאיגקייט און קאַמפס־לוסטיגקייט. דורך די עטלאַכע פּראָספּעריטי־יאָרן האָט זי אָבער אויפגעגעבן יעדן סימן פון פּראָלעטאַרישקייט וואָס זי

*The Present Economic Revolution in the U. S. By Thomas Nixon Carver.

האָט נאָך פאַרמאַגט. די א. פ. אָוו ל. איז פאַרזונקען געוואָרן אין אַ זעלבסט־צופרידענעם הינער־פּלעט. יעדער סימן פון לעבעדיגקייט, פון אַקטיוויטעט, פון גרייטקייט צום קאַמף איז פאַרשוואונדן. קיין זאַך איז ניט אונטערגענומען געוואָרן צו אָרגאַניזירן די אומאָרגאַניזירטע אַרבעטער, און קיין זאַך איז ניט געטאָן געוואָרן אויפצוהאַלטן די עקזיסטירנדיגע יוניאָנס. די גרעסטע און שטאַרקסטע יוניאָנס אין דער א. פ. אָוו ל., איר אַמאָליגער שטאָלץ, זיינען איצט ניט מער ווי שאָטנס, און די גרעסטע און וויטיגסטע אינדוסטריעס זיינען גאָר ניט אָרגאַניזירט. צווישן די ברייטע אַרבעטער־מאַסן איז אָפּגעשטאָרבן יעדער באַגייסטערונג פאַר דער טרייד־יוניאָן באַוועגונג. די פירער פון דער א. פ. אָוו ל., מיט קליינע אויסנאַמען, האָבן זיך וועגן דעם ווייניג־וואָס געזאָרגט. זיי האָבן זיך מער געזאָרגט וועגן באַפעסטיגן זייערע אייגענע פּאָזיציעס אין די יוניאָנס, ווי וועגן באַפעסטיגן די פּאָזיציעס פון די אַרבעטער אין די אינדוסטריעס. עס האָבן זיך געהאַלטן אין איין פאַרמערן די צאָל פון די קאָמפּאַני־יוניאָנס און די א. פ. אָוו ל. האָט גאָר נישט געטאָן, ווייל צו וואָס דאַרף מען עפּעס טאָן, ווען מיר זיינען שוין אַזוי ווייט אויפ׳ן וועג פון אויסגלייכן אַלע קלאַסן־היפּוכים? אַט וועלן דאָך שוין באַלד ניט זיין קיין אַרבעטער און באַלעבאַטים בכלל; די פּראָספּעריטי וועט אַלעם אויסגלייכן...

אַפילו סאָציאַליסטן זיינען פון אַט דעם פּראָספּעריטי־אָפּטימיזם פאַרכאַפּט געוואָרן. אמת, די גוואַלדיג גרויסע מערהייט פון די אַמעריקאַנער סאָציאַליסטן האָבן כסדר געוואָרנט געגן אַט דעם אָפּטימיזם און זיינען ניט מיד געוואָרן פאָראויסזאָגנדיג אַז דער נעקסטער קריזיס, אַ שטאַרקערער און שווערער פון אַלע פריערדיגע קריזיסן, שטייט הינטער׳ן טיר און וועט אונז באַלד אָפּשטאַטן אַ וויזיט. דאָס האָט אָבער ניט אָפּגעהאַלטן מאַנכע סאָציאַליסטן פון אָנשליסן זיך אָן דעם אַלגעמיינעם אָפּטימיסטישן כאָר און פאַרבייטן מאַרקס׳ן אויף קאַרווער׳ן. אַזש פון פּאַריז האָט איין סאָציאַליסטישער טעאָרעטיקער אונז געלאָזן וויסן, אַז אין אַמעריקע איז ניטאָ און קען ניט זיין קיין קלאַסן־קאַמף אַזוי ווי אין אייראָפּע, ווייל די פּראָספּעריטי גלייכט אויס אַלע קלאַסן־היפּוכים. על כן האָט אונז דער סאָציאַליסטישער טעאָרעטיקער געראַטן, דאַרפן מיר וואָס שנעלער זיך אָפּזאָגן פון מאַרקסיזם און זיך „אַמעריקאַניזירן״...

זייער ווייניג סאָציאַליסטן האָבן אָט די עצה אָנגענומען. בלויז עטלאַכע געציילטע זיינען געפאַלן אַלס פּראָספּעריטי־קרבנות. מאַנכע זיינען שוין געקומען צו זיך; אַנדערע צאַפּלען זיך נאָך, און איניגע זיינען שוין פאַר׳ן סאָציאַליזם אויף אַלעמאָל פאַרפאַלן.

### 3.

דער אָפיציעלער אָנזאָג אַז די פּראָספּעריטי־צייט איז פאַראיבער און דער קריזיס הויבט זיך אָן איז געוועזן דער שוין איצט היסטאָרישער קראַך אויף וואָל סטריט אין אָקטאָבער 1929. „אומאָפיציעל״ האָבן עקאָנאָמיסט און פינאַנסירן שוין פיל פריער געפילט דאָס בלאָזן פון נייע ווינטן. גלייך נאָכ׳ן קראַך אין וואָל סטריט האָבן אָנגעהויבן באַנקראָטירן באַנקען; פאַבריקן האָבן זיך אָנגעהויבן צומאַכן, אָדער שטאַרק פאַרקלענערן זייער פּראָדוקציע; פרייזן האָבן גענומען פאַלן; קרעדיט

איז געוואָרן שווערער און שווערער צו קריגן; די אַרבעטסלאָזיגקייט האָט גענומען גוואַלדיג וואַקסן. אָבער די בורזשואַזע עקאָנאָמיסטן, און נאָך מער די קאַפּיטאַליסטישע פּאָליטיקער, האָבן זיך ניט געוואָלט אונטערגעבן.

עס האָבן זיך אָנגעהויבן שיטן ביכער, אַרטיקלען און רעדעס, וואָס האָבן געדאַרפט באַווייזן, אַז ס'איז ניטאָ זיך וואָס צו שרעקן, אַז ס'איז ניט מער ווי אויף אַ ווײַלע, אַז אונזער פּראָספּעריטי איז געזונט ווי אַלעמאָל".

די אַרבעטסלאָזיגקייט איז דערווייל געוואַקסן און האָט פאַרכאַפּט מיליאָנען. עס זיינען ניטאָ קיין גענויע ציפערן; עס איז אָבער זיכער, אַז צווישען 8 און 10 מיליאָן אַרבעטס-פעאיגע מענשען זוכן אַרבעט און געפינען ניט.*) אָבער אויך די וואָס זיינען פאַרבליבן ביי דער אַרבעט, די גליקליכע וואָס האָבן דזשאַבס, פילן גאַנץ שטאַרק דעם קריזיס. די שכירות פון די וואָס אַרבעטן זיינען זייער שטאַרק געשניטן געוואָרן, די נויט און דחקות אין די אַרבעטער-קוואַרטאַלן האָט זיך גוואַלדיג פאַרשטאַרקט. פאַר דער צייט פון קריזיס זיינען אויסגעוואַקסען די צאָל פון פאַרברעכנס, און עס האָט זיך גוואַלדיג פאַרערגערט דער צושטאַנד פון פאָלקס-געזונטהייט.

וואָס ווערט פאַר די אַרבעטסלאָזע געטאָן?

מ'טיילט צדקה! פריער האָט פּרעזידענט הואָווער און זיין פּאַרטיי בכלל ניט געוואָלט צוגעבן, אַז עס הערשט אַרבעטסלאָזיגקייט ביי אונז אין לאַנד. ווען ער האָט דאָס שוין געמוזט צוגעבן, איז די וויכטיגסטע אויפגאַבע פאַר אים געוואָרן ניט צו דערלאָזן, אַז וועלכע עס איז געזעצלאַכע אַרבעטסלאָזיגקייט-פאַרזיכערונג זאָל איינגעפירט ווערן. דאָס איז ניט „דער אַמעריקאַנער וועג". דער אמת'ער אַמעריקאַנער וועג, לויט הואָווער'ן, איז פּריוואַטע צדקה. אַלע טאָג דרוקן די צייטונגען פרייליכע באַריכטן, אַז דער צדקה-פאָנד וואַקסט און פאַרגרעסערט זיך, און „קיינער וועט היינטיגם ווינטער אין אַמעריקע ניט הונגערן". גלייכצייטיג געפינען מיר, צ. ב. ש., אין דער „ניו רעפּאָבליק" אַ באַריכט פון פּיטסבורג, אַז אַ דאָקטאָר באַקלאָגט זיך אַז מ'ברענגט אין האָספּיטאַל מענשן פאַרהונגערטע, וועלכע ס'איז שוין צו שפּעט צו ראַטעווען. און די צייטונגען דרוקן — אמת, מיט קליינינקע ווערטערלאַך, ערגעץ אין אַ ווינקל — אַלע טאָג באַריכטן פון זעלבסטמאָרדן פון אַרבעטסלאָזע.

צדקה דערנידעריגט און באַליידיגט דעם צדקה-נעמער. צדקה גיט איבער דעם צדקה-נעמער אין דער מאַכט פון די וואָס טיילן אויס די צדקה. וואָס אנבאַלאַנגט ניו יאָרק האָט שוין די ציבורי-קאָמיסיע פעסטגעשטעלט, אַז די פאָנדן פאַר צדקה פאַר אַרבעטסלאָזע ווערן פון טעמעני האָל מיסברויכט און פאַרנוצט פאַר פּאָליטישע צוועקן. ניט נאָר סאָציאַליסטן, נאָר ליבעראַלן מכל המינים, און ניט בלויז ליבעראַלן נאָר אַפילו קאָנסערוואַטיווע אַמעריקאַנער וואָס האָבן זיך ערנסט פאַרטראַכט וועגן דער לאַגע פון די אַרבעטסלאָזע, הערן ניט אויף צו פאָדערן פון פּרעזידענט הואָווער אַז אַרבעטסלאָזן-פאַרזיכערונג פון אַ וועלכן עס איז מין זאָל איינגעפירט ווערן. אָבער הואָווער און זיין פּאַרטיי שטייען פעסט אויף זייער שטאַנדפּונקט.

*The Problem of Unemployment. By Paul H. Douglas.

ארבעטסלאָזיגקייט איז אַ פּריוואַטער ענין, פּונקט ווי אַרבעט בכלל איז אַ פּריוואַטער ענין, און דער שטאַט טאָר זיך דערין ניט אריינמישן.

אָט דער פּאַרעלטערטער און רעאַקציאָנערער בליק אויפ'ן שטאַט און אויף אַרבעט איז אַלעמאָל באַקעמפט געוואָרן און ווערט איצט באַקעמפט פון די סאָציאַ־ליסטן. אָבער פּרעזידענט הואוווער האָט אויף זיין זייט די אַמעריקען פעדעריישאָן אָוו לייבאָר. צי די א. פ. אָוו ל. רעפּרעזענטירט די אַמעריקאַנער אַרבעטער לאָזט זיך דיסקוטירן. אין דער פראַגע פון אַרבעטסלאָזן־פאַרזיכערונג פאַרטרעט זי געוויס ניט די מיינונגען פון די אָרגאַניזירטע אַרבעטער פון אַמעריקע. פּרעזידענט גרינ'ען איז אָנגעקומען זייער שווער צו ראַטעווען זיין „הואוועריזם" ביי דער לעצטער א. פ. אָוו ל. קאָנווענשאָן. פאַר דער וועלט הייסט עס אָבער, אַז די אָרגאַניזירטע אַרבע־טער זיינען געגן אַרבעטסלאָזן־פאַרזיכערונג. פּרעזידענט גרין און מעטיו וואָל הערן ניט אויף צו פאַרזיכערן, אַז די אַרבעטער זיינען מיט הואוווער'ן פאַר צדקה און ניט מיט די סאָציאַליסטן פאַר אַרבעטסלאָזן־פאַרזיכערונג.

און וואָס וועט ווייטער זיין? ווי לאַנג וועט דער קריזיס אנהאַלטן, און מיט וואָס קען ער זיך ענדיגן? די אָפיציעלע אָפּטימיסטן האַלטן אין איין פאַרזיכערן, אַז היינט־מאָרגן וועט דער קריזיס פאַראיבער און אַלץ וועט ווידער ווערן גוט און פיין. אָבער אפילו די גוטע פריינט פון קאַפּיטאַליזם אנטזאַגן זיך צו נעמען ערנסט אָט די טרייסט־ווערטער. וואָלטער ליפּמאַן, אַ געוועזענער סאָציאַליסט, ביי וועמען עס איז אָבער פון זיין סאָציאַליזם שוין קיין שום סימן ניט פאַרבליבן, האַלט פאַר נויטיג צו וואַרענען די לעזער פון דער רעפּובליקאַנער און רעאַקציאָ־נערער „ניו יאָרקער טריביון" געגן אָט דעם אָפּטימיזם. וואָלטער ליפּמאַן זאָגט:

„דער גלויבן אין דער אויטאָמאַטישער צוריקקערונג פון פּראָספּעריטי האָט אונז געמאַכט פאַר אַ פאָלק פון פאַטאַליסטן, מיר ריידן זיך אַליין איין אַז אויב ווינטער איז געקומען, מוז שוין פרילינג אויך זיין ניט ווייט. מיר קוקן אויף אונ־זערע שוועריגקייטען ניט ווי אויף פּראָבלעמען, וועלכע מוזן געלייזט ווערן, נאָר ווי אויף אַ שלעכטן וועטער. דאָס בעסטע איז אין אַזאַ פאַל איז צו זיצן ביים באַראָ־מעטער און וואַרטן ביז דער וועטער וועט זיך ענדערן".

ליפּמאַן האַלט, אַז אַזאַ באַציאונג צום קריזיס איז ניט נאָר פאַלש, נאָר גע־פערלאַך. עס איז טאַקע אמת, טענה'ט ער, אַז אין דער פאַרגאַנגענהייט פלעגט נאָך יעדן קריזיס קומען אַ נייע פּראָספּעריטי. מען מוז אָבער האָבן אין זינען, אַז זייער אַ סך זאַכן האָבן זיך אין די לעצטע יאָרן געענדערט. לאַנגזאַם און כסדר פון אָנהויב פון איצטיגן יאָרהונדערט, שנעל און ספּעקטאַקולאַר זינט 1914, איז די גאַנצע וועלט אריינגעצויגן געוואָרן אין אַ תקופה פון די גרעסטע ענדערונגען (ריאַדזשאַסטמענטס) צווישן קאָנטינענטן, פעלקער און קלאַסן.*)

ווען מר. ליפּמאַן לאָזט זיך אריין אין דערקלערן די אורזאַכן פון קריזיס און פאָרשלאָגן עצות ווערט דער לייענער זייער אנטוישט. מר. ליפּמאַן פאַרגעסט ווען די „גרויסע ענדערונגען" אין דער וועלט, וועגן וועלכע ער האָט ניט לאַנג גערעדט, און לאָזט זיך אריין אין די געוויינלאַכע רייד וועגן צוריקגעווינען דעם

* Notes on the Crisis, by Walter Lipman.

צוטרוי פון דער וועלט א. אז. וו. מר. וואָלטער ליפּמאַן איז זייער א טאַלאַנ־
טירטער פּאָרשטייער פון בורזשואזן ליבעראַליזם. אין זיין שרייבן איז ער גע־
ווינלאך לאָגיש, קאָנסעקווענט און ראַדיקאַל, ער שטעלט זיך ניט אָפּ אין מיטן וועג.
וואָס זשע האָט דאָ מיט אים געטראָפן פאַר וואָס שטעלט ער זיך אָפּ, אין דער
פראַגע פון קריזיס, אין מיטן וועג? גאַנץ פשוט, דאָס איז ניט ליפּמאַנ׳ס שולד,
דאָס איז די שולד פון ליבעראַליזם. דער בורזשואזער ליבעראַל וואַגט ניט
וועגן אזעלכע ענינים צו דענקען קאָנסעקווענט און ביז׳ן סוף. ווען ליפּמאַן זאָל
דענקען קאָנסעקווענט און ביז׳ן סוף וועגן דעם איצטיגן קריזיס, האָבנדיג אין
זינען די מאַטעריאַלן וואָס די עקאָנאָמישע פאָרשונגען האָבן וועגן דעם עינין צו־
געגרייט, וואָלט ער געמוזט קומען צום פאָלגענדן שלוס:

„דער קאַפּיטאַליזם האָט זיך אליין אריבערגעוואַקסן, ער ברעכט צוזאַמען
פון זיין אייגענער שווערקייט, אפשר וועט זיך איינגעבן ווייטער אויף עטלאַכע
יאר פאַרלאַטן אָט דעם אינגאַנצן שוין צעפליקטן בגד, אָבער די לאַטעס וועלן
אים לאַנג ניט קענען אויפהאַלטן. מ׳מוז דעם בגד ארויסוואַרפן, פאַרבייטן אים
אויף א נייעם.

אזוי ווייט קען אָבער א בורזשואזער ליבעראַל ניט גיין, ווייטער ווי האַלב
וועג האָט ער מורא שטעלן א פוס.

4

גערעכט איז וואָלטער ליפּמאַן געווים, און ער איז ניט דער איינציגער, וואָס
האַלט זיך ביי דער מיינונג. דער איצטיגער קריזיס וועט ווי עס איז פאַרלאַטעט
ווערן, שוין פשוט דערפאַר ווייל אין דער איצטיגער געזעלשאַפט איז נאָך ניט
גרייט דער עלעמענט וואָס זאָל קענען ארויסוואַרפן דעם אלטן בגד און פאַרבייטן
אים אויף א נייעם. אין אייראָפּע וואו די סאָציאַליסטישע באַוועגונג איז גאַנץ
שטאַרק און איינפלוסרייך, איז זי נאָך אלץ פונדעסטוועגן ניט גרייט אָנצוהייבן
„דעם לעצטן אנטשיידענעם שטרייט". די כחות פון דער פאַראייניגטער רעאַקציע,
פון דער בורזשואזיע, פאַשיזם און קאָמוניזם, זיינען נאָך דערווייל שטאַרק גע־
נוג. די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען פון אייראָפּע זיינען נאָך דערווייל אַלץ גע־
צוואונגען צו מאַנעווורירן, מאכן קאָמפּראָמיסן און וואַרטן אויף איר געלעגנהייט.
וואָס אנבאַלאַנגט אמעריקע איז די לאַגע נאַטירלאך פיל ערגער. די סאָציאַליסטישע
באַוועגונג דערהאַלט זיך איצט נאָך א שווערער קראַנקהייט. זי קומט צו זיך בים־
לאַכווייז, אָבער דערווייל איז זי נאָך זייער שוואַך און אָן איינפלוס. וועגן דער
טרייד יוניאָן באַוועגונג איז דאָך ניטאָ וועגן וואָס צו ריידן. שוין אויסער דעם,
וואָס אונזער טרייד יוניאָן באַוועגונג איז שוואַך און אליין אָן איינפלוס, איז זי
אין איר א. פ. אָוו ל. פאָרמע דורך און דורך קאַפּיטאַליסטיש געשטימט, און וואָלט
ניט נאָר ניט געהאָלפן אין קאַמף פאַר׳ן סאָציאַליזם, נאָר זי וואָלט לויט אלע
וואַרשיינלאַכקייטן געקעמפט פאַר דער אויפהאַלטונג פון קאַפּיטאַליזם.

דער קריזיס וועט ווי עס איז פאַרלאַטעט ווערן, אָבער וואָס וועט ווייטער זיין?
אַז די פריערדיגע פּראָספּעריטי וועט זיך שוין צוריק ניט אומקערן איז ביי קיינעם

קיין ספק ניט. דער הייגטיגער קריזיס איז גאַנץ אַנדערש, ווי אַלע פריערדיגע. קריזיסן זיינען דער רעזולטאַט פון דער כאַאָטישקייט, פון דער פּלאַנלאָזיגקייט פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע. ווען די פּראָדוקציע פון לעבנס־מיטלען ווערט איבערגעלאָזן אויסשליסלאַך אין די הענט פון פּריוואַטע פּערזאָנען, און עס ווערט זייער פּריוואַטער געשעפט; ווען די פּראָדוקציע פון לעבנס־מיטלען ווערט רעגו־לירט אויסשליסלאַך דורך דער יאָגעניש פון יחיד אַרויסצוקאָנקורירן און אָפּנאַרן אַנדערע געשעפטסלייט, מאַכן פּראָפיטן פאַר זיך, ניט רעכנענדיג זיך מיט דער געזעלשאַפט און אירע נויטן, יאָגנדיג זיך נאָך פּראָפיטן בלינד, אָן אַ פּלאַן, איז איבערפּראָדוקציע אָן אומפאַרמיידלאַכע דערשיינונג. איבערפּראָדוקציע ברענגט פאַרמאַכטע פאַבריקן, באַנקראָטירטע באַנקען, אַרבעטסלאָזיגקייט. דאָס פאַרשטייען איצט זייער גוט די אידעאָלאָגן פון קאַפּיטאַליזם. ניט אומזיסט האָבן זיך לעצטנס אָנגעהויבן שיטן „פּלענער" ווי אַזוי אַפּצושאַפן פּלאַנלאָזיגקייט. „סאָשעל פּלע־נינג" איז איצט ביי אונז אין אַמעריקע די לעבעדיגסטע און פּאָפּולערסטע טעמע. מיט פּלענער קומען ליבעראַלע עקאָנאָמיסטן, פּאָליטיקער און אָנגעזעענע אינ־דוסטריאַליסטן. מיט וואָס די פאַרשידענע פּלענער זאָלן זיך ניט אונטערשיידן, זיינען זיי אָבער אַלע אין איין זאַך מסכים: אין דער כאַאָטישקייט און פּלאַנלאָ־זיגקייט פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע ליגט אַ גרויסע געפאַר פאַר דער עקזיסטענץ פון קאַפּיטאַליזם. עס מוז אין דעם כאַאָס אַריינגעטראָגן ווערן אָרד־נונג, צוועקמעסיגקייט און פּלאַנמעסיגקייט. מיט פּלענער קומען אַרויס דער „טשעמ־בער אָוו קאָמערס" און מר. דזשעראַרד סוואָופּ, פּראָפ. טשאַרלס אַ. בירד און פּראָפעסאָר דאָנהעם, און ווער ניט.

פון אָט די אַלע רייד וועגן איינפירן פּלאַנמעסיגקייט אין דער אינדוסטריע וועט גאָר ניט ווערן. עס קען גאָר ניט ווערן. פּלאַנמעסיגקייט איז דער היפּוך פון קאַפּיטאַליזם. אפילו דער ראַדיקאַלסטער פון די אַלע „פּלאַנמאַכער", פּראָפ. טש. אַ. בירד, „רעדט אויס" לכתחילה, אַז דער „פּלאַן" דאַרף איינגעפירט ווערן, ניט אָנרירנדיג קיין איינע פון די אַמעריקאַנער טראַדיציעס.*)

וואָס זיינען אָט די אַמעריקאַנער טראַדיציעס, וואָס טאָרן ניט אָנגערירט ווערן? דאָס זיינען קאַפּיטאַליסטישע טראַדיציעס פון אינדיווידואַליזם, פון פרייער קאָנקורענץ, פון שטעלן דעם אייגענעם פּראָפיט העכער פון דער געזעלשאַפט־לאַכער נויט. אין אַ פּלאַנמעסיגער אינדוסטריע מוז זיך יעדער טייל פון דער אינדוסטריע אונטערוואַרפן אַלע אַנדערע טיילן, מוז נעמען „אָרדערס" עפּעס פון אַ וועלכער עס איז צענטראַלער קערפּערשאַפט. דער רעגולירנדער פּרינציפּ מוז שוין דאָ זיין געזעלשאַפטלאַכע צוועקמעסיגקייט — דעריבער לאַכן זיך טאַקע די פּראַקטישע „ביזנעס לייט" אויס פון אָט די אַלע פּלענער. איינער אַזאַ פּראַק־טישער ביזנעסמאַן טענה'ט אין אַרטיקל „נאָ מאָר פּלענס" אַזוי:

„די וואָס רײדן וועגן שאַפן אַ פּלאַן פאַר דער אַמעריקאַנער אינדוסטריע, פאַרגעסן אָדער פאַרשווייגן, אַז דאָס מיינט אויפגעבן אַ גאַנצע געזעלשאַפטלאַ־כע אָרדענונג, און די איינפירונג פון אַ גאַנץ נייער געזעלשאַפטלאַכער אָרדענונג."**)

* "Forum," July, 1931.
**L. M. Graves. Forum, November, 1931.

דער שרייבער ווייזט אָן, אז אויב א וועלכע עס איז צענטראַלע קערפּער־שאַפט זאָל קענען איינפירן פּלאַנמעסיגקייט אין דער אינדוסטריע, וואָלט איר מאַכט זיין אזוי שטאַרק, אז זי וואָלט זיין די פאַקטישע הערשערין איבער אַלע אינדוסטריעס, ווייניגער, הייסט עס, ווי שטאַאַט־קאַפּיטאַליזם קען ניט גיין האַנט אין האַנט מיט פּלאַנמעסיגקייט, און אפילו פאַר שטאַאַט־קאַפּיטאַליזם איז נאָך אַמע־ריקע ניט גרייט.

די אַלע רייד וועגן פּלאַנען און פּלאַנמעסיגקייט וועלן מער ווי רייד קיינ־מאָל ניט זיין. דער כאַאָס און פּלאַנלאָזיגקייט פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוק־ציע וועט אויף ווייטער פאַרבלייבן, און דאָס הייסט, אז מיט קריזיסן און אַרבעטס־לאָזיגקייט אין דער צוקונפט זיינען מיר דערוויל פאַרזאָרגט.

5

א קריזיס וואָס איז דער רעזולטאַט פון איבערפּראָדוקציע איז א צייטווייליגער. עס נעמט אַמאָל א לענגערע, אַמאָל קירצערע צייט, און דער קריזיס פאַרשווינדט. ביסלאַכווייז ווערן דאָך אויספאַרקויפט די אנגעזאַמלטע „איבעריגע” פּראָדוקטען, ביסלאַכווייז ליידיגן זיך אויס די שייערן, עס הויבט צוריק אָן, פריער לאַנגזאַם, דער־נאָך שנעלער, וואַקסן די נאָכפראַגע אויף פּראָדוקטן. פאַבריקן הויבן אָן אַר־בעטן, פרייזן נאָרמאַליזירן זיך און דער קריזיס איז פאַרביי.

אָבער אין דעם היינטיגן קריזיס איז פאַרמישט א נייער עלעמענט. די היינ־טיגע אַרבעטסלאָזיגקייט איז ניט בלויז דער רעזולטאַט פון קאַפּיטאַליסטישער פּלאַנ־לאָזיגקייט, נאָר פיל מער דער רעזולטאַט פון דער גוואַלדיגער אַנטוויקלונג פון דער אינדוסטריעלער טעכניק פון די לעצטע יאָרן. די היינטיגע אַרבעטסלאָזיגקייט איז צום גרעסטן טייל א טעכנאָלאָגישע אַרבעטסלאָזיגקייט.

די ראַציאָנאַליזירונג פון די אַרבעטס־מעטאָדן, די כסדר'דיגע סטאַנדאַרדי־זאַציע אין אַלע אינדוסטריעס, די נייע מאַשינען וואָס זיינען אַלע טאָג צוגעקומען, האָבן גוואַלדיג פאַרגרעסערט די פּראָדוקטיוויטעט פון דער אַרבעט. א פיל קלע־נערע צאָל אַרבעטער קען איצט אין דער זעלבער צייט אַרויסגעבן א סך א גרעסערע צאָל אַרבעט. צוויי מענשן, דער ציילט דר. הערי ליידלער, טוען איצט די אַרבעט וואָס עס האָבן פריער געטאָן 128 אָנלאָדנדיג אייזן. אין א צווייטער אָפּטיילונג פון אייזן אַרבעט האָט א נייע מאַשין געשאַפן אַזא לאַגע, אז זיבן מענשן טוען די אַרבעט וואָס עס פלעגן פריער טאָן 60 מענשן. איין מענטש אָפּערירט שמעלץ־אויוונס, ביי וועלכע עס פלעגן פריער זיין באַשעפטיגט 42 מענשן. אין שיקאַגאָ, דערציילט ווייטער ליידלער, מאַכט איצט א פאַבריק 40,000 ציגל א שעה, בשעת פריער פלעגט זי פּראָדוצירן בלויז 450 אין אַכט שעה. אין ניו יאָרק איז צ. ב. ש. די צאָל אַרבעטער וואָס פלעגן אַרבעטן ביי פּאַפּירענע קעסטלאַך פאַרקלענערט גע־וואָרן אויף 32 פּראָצענט, בשעת די פּראָדוקציע פון פּאַפּיר קעסטלאַך האָט זיך פאַרגרעסערט אויף 121 פּראָצענט *.

די גוואַלדיגע רעוואָלוציע וואָס איז אין די לעצטע 10—15 יאָר פאָרגעקומען

* Unemployment and Its Remedies, by Harry Laidler.

אין דער אינדוסטריעלער טעכניק, איז שוין אזוי פיל מאָל, און אזוי אָפט, באַשריבן געוואָרן, אַז עס לוינט זיך ניט אָפּשטעלן דערויף לאַנג. גענוג איז צו זאָגן, אַז די מאַשין האָט ארויסגעוואָרפן מיליאָנען ארבעטער פון דער ארבעט, ניט פאַרקלענערנדיג אויף אַ האָר דעם אַלגעמיינעם סכום פון דער פּראָדוקציע. וויליאם גרין זאָגט וועגן דעם:

„די שנעלקייט, מיט וועלכע די קוואַליפיצירטע ארבעטער ווערן ארויסגעשטויסן פון דער ארבעט דורך דער מאַשין, ווערט אַלץ מער און מער ערנסט. ווען אַ קוואַליפיצירטער ארבעטער ווערט ארויסגעשטויסן פון זיין ארבעט דורך אַ מאַשין, איז דאָס זייער טראַגיש. ער פאַרלירט ניט נאָר זיין שטעלע, נאָר אויך זיין יחוס אַלס קוואַליפיצירטער ארבעטער. אויב ער געפינט אַ צווייטע שטעלע, ווערן געוויינלאַך זיינע שכירות געשניטן, זיין סטאַנדאַרד פון לעבן מוז נידעריגער ווערן, און זיין קויף־קראַפט איז געוויס פאַרקלענערט ווען ער ארבעט אפילו יע. יעדער איינער פאַרלירט דערביי".

פאַר אָט די ארבעטער וואָס זיינען ארויסגעוואָרפן געוואָרן פון דער ארבעט צוליב דער נייער און פאַרבעסערטער טעכניק, וועט זיך דער קריזיס ניט ענדיגן דורך דעם וואָס די „איבעריגע פּראָדוקטן" וועלן סוף כל סוף אויספאַרקויפט ווערן, ווי עס זאָגט סטוארט טשייס. זייער קריזיס איז אַ פּערמאַנענטער. די אַנטוויקלונג פון דער טעכניק האָט זיכער נאָך ניט דערגרייכט איר העכסטן פּונקט, מיר מעגן געוויס נאָך דערוואַרטן אַ סך טעכנישע פאַרבעסערונגען, און דאָס מיינט אַ ווייטערער וואוקס פון ארבעטסלאָזיגקייט.

געוויס, דערצו קענען אויך געפונען ווערן מיטלען. די לעצטע קאָנווענשאָן פון דער א. פ. אָוו ל. האָט אויף אָט די מיטלען אָנגעוויזן. עס מוזן פאַרקירצט ווערן די ארבעט־שטונדן פּראָפּאָרציאָנעל צו דעם וואוקס פון דער פּראָדוקטיוויטעט פון דער ארבעט. עס איז איבעריג צו זאָגן, אַז אַזאַ פאַרקלענערונג פון ארבעט־שטונדן טאָר ניט גיין צוזאַמען מיט אַ פאַרקלענערונג פון דעם ארבעטערס שכירות, ווייל דאַמאָלסט וואָלט דער סטאַנדאַרד פון לעבן פון די ארבעטער געפאַלן אזוי נידעריג און זיין קויף־קראַפט וואָלט אזוי פאַרקלענערט געוואָרן, אַז דאָס אַליין וואָלט זיין גלייך צו אַ קריזיס. אָבער פאַרקלענערן די ארבעט־שטונדן ניט פאַרקלענערנדיג די שכירות, מיינט אָנרירן איינס פון די יסודות פון קאַפּיטאַליזם: די פּראָפיטן פון די פּריוואַטע אונטערנעמער", און דאָס וועלן די קאַפּיטאַליסטן מיט גוטן ניט נאָכגעבן.

דער טעכנאָלאָגישער קריזיס קען פאַר דעם ארבעטער אָן קאַמף ניט געלייזט ווערן. פאַר קאַמף אָבער איז דערווייל דער אַמעריקאַנער ארבעטער ניט צוגעגרייט און ניט דערצויגן. דאָ און דאָרט ברעכן אויס ספּאָנטאַנע קאַמפן, איבערהויפּט אַלס ענטפער אויף די שכירות רעדוצירונגען, אָבער זייענדיג ספּאָנטאַן, ניט צוגעגרייט, אָן פירערשאַפט, אָן אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל דעם קאַמף אויפנעמען און אָנפירן, גייען אָט די קאַמפן פאַרלאָרן (צ. ב. ש. לאָורענס, פּעטערסאָן און אנדערע).

פאַר דעם באַוואוסטזיניגן טייל פון דער אַמעריקאַנער ארבעטערשאַפט, איבערהויפּט פאַר די סאָציאַליסטן, שטייט איצטער אַ שווערע אָבער זייער וויכטיגע אויפ־

גאבע: צוריק אריינברייננגען אין דער ארבעטער באוועגונג דעם מיליטאנטן גייסט פון קלאסן קאמף. אויפהויבן א קאמף אין די יוניאָנס כדי צו פאַרוואַנדלען זיי צוריק אין קעמפנדיגע פּראָלעטארישע אָרגאניזאציעס, העלפן מיט אלע מיטלען צו אָרגאניזירן אין אזעלכע קעמפנדיגע אָרגאניזאציעס די ארבעטער וואָס זיינען נאָך ניט אָרגאניזירט. געווים, דאָס איז א שווערע, זייער א שווערע ארבעט, אָבער יעדער סאָציאַליסט האָט דאָך אלע מאָל געוואוסט, אז דער קאמף פאר סאָציאַליזם איז א שווערער, זייער א שווערער. ווער עס קען קיין פּולווער ניט שמעקן, דארף אין מלחמה ניט גיין. זיך א סאָציאַליסט מיינט זיך דערקלערן גרייט צו גיין אין מלחמה פאר'ן סאָציאַליזם, ווי שווער דאָס זאָל ניט זיין.

מאַרק כינאָי:

# צוועלף יאָר קאָמוניזם אין אַמעריקע

(אַ קורצער סך־הכל)

די אידישע סאָציאַליסטישע פעדעראַציע, פון וועמעס רעשטלאַך עס האָט זיך, אין סעפּטעמבער 1921, אָרגאַניזירט דער אידישער סאָציאַליסטישער פאַרבאַנד, איז געווען די לעצטע שפּראַך־פעדעראַציע זיך צו שפּאַלטן. אַלע אַנדערע שפּראַך־פעדעראַציעס פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי — די רוסישע, יוגאָסלאַווישע, אוקראַינישע, ליטווישע, לעטישע, פינישע, א. אז. וו. האָבן זייערע שפּאַלטונגען נאָך פריער דורכגעמאַכט.

אָנגעפאַנגען האָבן זיי דאָס דורך דעם טרויעריג־באַרימטן „לינקן פליגל״ פון דער ס. פּ. און פאַרענדיגט דורך זייער ערשטן ערפאָלגרייכן פאַרזוך צו שאַפן אַן אמעריקאַנער סעקציע פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל, וואָס האָט זיך דאַן געהאַלטן אין גרינדן.

אַזאַ פּאַרטיי איז טאַקע דאַן געשאַפן געוואָרן.

ריכטיגער — דריי אַזעלכע פּאַרטייען.

ווייל די קאָמוניסטישע פּאַרטיי פון די פאַראייניגטע שטאַטן איז ווי די „הייליגע דריי־איינינגקייט״ פון דער קריסטלאַכער קירכע, געבאָרן געוואָרן מיט „דריי פּנים׳ער״.

אויף איין פּנים איז געשטאַנען די „קאָמוניסטישע פּאַרטיי״,

אויפ׳ן צווייטן — די „קאָמוניסטישע לייבאָר פּאַרטיי״, און

אויפ׳ן דריטן — די „פּראָלעטאַרישע פּאַרטיי״.

און פון איין קוואַל — פון דער אַמעריקאַנער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. 1919.*)

און פון איין קוואַל — פון דער אַמעריקאַנער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי.

אַלע דריי זיינען זיי באַאיינפלוסט געוואָרן פון די רעוואָלוציאָנערע ווינטן, וואָס האָבן דעמאָלט מיט אַזאַ אימפּעט געבלאָזן פון מזרח אייראָפּע און אַלע דריי האָבן דערפאַר באַטראַכט די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי (וואָס האָט ניט געגלויבט, אַז אַ סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע פאַנגט זיך שוין אָן אין אַמעריקע) פאַר צו אָפּאָרטוניסטיש און ניט גענוג רעוואָלוציאָנער.

די פירער פון דעם „לינקן פליגל״ האָבן זיך ניט אָפּגעזאָגט פון דער דאָזיגער מיינונג אויך דאַן, ווען אונזער פּאַרטיי האָט, אין אַ רעפערענדום וואָוט פון אַלע אירע מיטגלידער, מיט אַ גרויסער מערהייט באַשלאָסן אַנצושליסן זיך אָן דעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל, וואָס די רוסישע באָלשעוויסטישע פּאַרטיי האָט דאַן געהאַלטן אין אָרגאַניזירן.

---

*) צוליב פּאַלמער׳ס פּאָליציי רעידס, וואָס האָבן אין נאָוועמבער 1919 אַרויסגעטראָגן אַזאַ חורבן אין אַלע ראַדיקאַלע און סאָציאַליסטישע קרייזן, האָט די „פּראָלעטאַרישע פּאַרטיי״ איר „ערשטע קאָנווענשאָן״ אָפּגעהאַלטן ערשט אין יוני 1920, אָבער די פּאַרטיי גופא איז געשאַפן געוואָרן גלייכצייטיג מיט די אַנדערע קאָמוניסטישע פּאַרטייען.

אַלע דריי קאָמוניסטישע פּאַרטייען האָבן באַטראַכט מאָסקווע פאַר׳ן ירושלים פון די גלויביגע און אַלע דריי האָבן געגלויבט, אַז לענין מיט טראָצקי׳ן זיינען די הויפּט פירער פון דער וועלט־רעוואָלוציע.

דאָס האָט זיי אָבער ניט געשטערט צו פירן איינע געגן די אַנדערע אַ ליידנ־שאַפטלאַכן קאַמף, וואָס האָט שוין דאַן ניט אימער אויסגעמידן „שטאַרקע אַרגומענטן״.

אַלעקסאַנדער סטאַליצקי און נ. קאַליאַ הורוויטש פון דער רוסישער פעדעראַציע און זייערע פינישע, ליטווישע, לעטישע און אַנדערע פרעמד־שפּראַכיגע פּאַרטנערס אין דער „אַמעריקאַנער קאָמוניסטישער פּאַרטיי״ האָבן, ניט קוקנדיג אויף אַלע פּאַר־זוכן, ניט געקענט געפינען קיין געמיינשאַפטלאַכע שפּראַך מיט די ענגליש־שפּרעכנדע קאָמוניסטן פון ניו יאָרק און קליוולאַנד און די „עכט־אַמעריקאַנישע מאַרקסיסטן־קאָמוניסטן״ פון דעטראָיט, באָפאַלאָ און שיקאַגאָ.

ווייל צווישן זיי איז געלעגן אַ טיפער אָפּגרונט פון פּרינציפּיעלע מיינונגס־פאַרשידנהייטן, וואָס אַפילו דער דרוק פון ספּעציעלע שליחים פון מאָסקווע און פון דעם סאָוועטישן אַמבאַסאַדאָר אין ניו יאָרק, נואָרטעווא, האָט ניט געקענט באַזייטיגן.

## „מאַסן־אַקציע״ אָדער „אַקציע פון די מאַסן״.

ספּעציעל ביטער איז געווען דער שטרייט צווישן די פרעמד־שפּראַכיגע פירער פון דער „קאָמוניסטישער פּאַרטיי״ און די „אַמעריקאַנער״ פירער פון דער „קאָמו־ניסטישער לעיבאָר פּאַרטיי״.

ערקלערט האָט זיך דאָס מיט דעם, וואָס די פּראָגראַם פון די ערשטע האָט גערעדט וועגן „מאַסן־אַקציע״ און די פּראָגראַם פון די צווייטע — וועגן „אַקציע פון די מאַסן״ אַלס דעם וויכטיגסטן וואָפן אין דער אַרבעט פון „פאַרניכטן די קאַפּי־טאַליסטישע מלוכה״ און „איינפירן אַ דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט.

דאָס איז געווען דער איינציגער „פּרינציפּיעלער״ פּונקט, אין וועלכן די צוויי פּאַרטייען זיינען זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען.

קיין אַנדערע זיינען ניט געווען.

וויפיל איך האָב ניט גענישטערט און ניט געזוכט אין דער דאַמאָלסטדיגער קאָמוניסטישער ליטעראַטור, האָב איך קיין אַנדערע שטרייט־פּונקטן פון אַן אידעאָ־לאָגישן, אָדער אַפילו אָרגאַניזאַציאָנעל־טאַקטישן כאַראַקטער, ניט געפונען.

דער „קאָמוניסט״, דער „רעוואָלושאַנערי איידזש״ און די איבעריגע לעגאַלע און אומלעגאַלע קאָמוניסטישע צייטשריפטן פון די שטורמדיגע יאָרן 1919 און 1920 באַשטייען כמעט אויסשליסלאַך פון עכט־תלמודיסטישע פּלפּולים און חקירות איבער דעם „טיפן פּרינציפּיעלן אונטערשייד״ צווישן „רעוואָלוציאָנערן״ שלאָגוואָרט „מאַסן־אַקציע״ און דעם אָפּאָרטוניסטישן „אַקציע פון די מאַסן״...

אַן אויסנאַם האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט די דעטראָיטער מאָנאַטשריפט „פּראָ־לעטאַריער״ (ערשיינט איצט יעדע צוויי מאָנאַטן אין ניו יאָרק), הויפּט אָרגאַן פון דער „פּראָלעטאַרישער (קאָמוניסטישער) פּאַרטיי״, וועמעס פירער האָבן דאַן, ווי איצט, אַרויסגעוויזן אַן אויסערגעוויינלאַך ניכטערן און טעאָרעטיש גוט־באַגרינדעטן בליק

אויף דער אַמעריקאַנערווירקלאַכקייט, ניט קוקנדיג אויף דעם, וואָס פאַר אַלע אַנדערע לענדער האָבן זיי אָנגענומען די פּראָגראַם און די דירעקטיוון פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל.

וועגן די צוויי לאָזונגען — „מאַסן־אַקציע" און „אַקציע פון מאַסן" — האָט דער „פּראָלעטאַריער" דאַן געשריבן, אַז דאָס זיינען נעפּלדיגע, פאַרפּירערישע און גאָרנישט זאָגנדיגע פראַזן, וואָס באַהאַלטן אונטער זיך דעם פאַרבאָטענעם לאָזונג פון אַ באַוואפנטן אויפשטאַנד — און זיינען דאָס אין דער אמת'ן ניט.

די צוויי פּאַרטייען — די „קאָמוניסטישע פּאַרטיי" און די „קאָמוניסטישע לעיבאָר פּאַרטיי" — האָבן זיך אין מאַי 1920 „פאַראייניגט" אין איין קערפּער־שאַפט — די „פאַראייניגטע קאָמוניסטישע פּאַרטיי". אָבער די פאַראייניגונג האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זיין אַ פּאַפּירענע. ווייל אויך נאָך דער פאַראייניגונג זיינען פאַרבליבן צוויי פּאַרטייען: אַ „פאַראייניגטע קאָמוניסטישע פּאַרטיי" און אַ סתם „קאָמוניסטישע פּאַרטיי".

צוויי פּאַרטייען, אַ חוץ דער „פּראָלעטאַרישער", וועלכע האָט שוין דאַן פאַרמאָגט אַזוי פיל מיטגלידער, אַז זי האָט זיי לייכט געקענט טרענספּערירן אין איין אַלטן פאָרד פון דעטראָיט קיין שיקאַגאָ, פון שיקאַגאָ קיין באָפאַלאָ און פון דאָרט קיין ניו יאָרק...

## „נאָמבער וואַן" און „נאָמבער טו".

נאָכדעם ווי די „קאָמוניסטישע פּאַרטיי" און די „פאַראייניגטע קאָמוניסטישע פּאַרטיי" האָבן זיך, אונטער דער בייטש פון מאָסקווע, פאַראייניגט, האָט זיך דער אינערלאַכער קאַמף אין די קאָמוניסטישע רייען ניט אָפּגעשטעלט. ער האָט געטראָגן אַן אויסערגעוויינלאַך ביטערן כאַראַקטער אין פאַרלויף פון די אָנדערהאַלבן־צוויי יאָר, וואָס די קאָמוניסטישע פּאַרטייען זיינען געווען אומלעגאַל און האָט ניט פיל געענדערט זיין כאַראַקטער אויך דאַן, ווען די באַוועגונג איז אַרויס פון דעם אומלעגאַלן „בעיסמענט" און געוואָרן — אונטער דער שילד פון דער „וואָירקערס פּאַרטי" — אַ לעגאַלע פּאָליטישע פּאַרטיי.

צוערשט איז אָנגעגאַנגען אַ קאַמף צווישן „בעיסמענט" און „אָפּסטעז", צווישן די „נאָמבער 1" מיטגלידער פון דעם אומלעגאַלן פּאַרטיי־אַפּאַראַט און די „נאָמבער 2" מיטגלידער פון דער לעגאַלער, און דערפאַר ניט כשר'ער, „וואָירקערס פּאַרטי". דערנאָך איז דער זעלבער קאַמף אונטער פאַרשידענע נעמען און מיט פאַרשידענע פירער אָנגעגאַנגען אין דער אָפיציעל שוין פאַראייניגטער און אין גאַנצן לעגאַלער פּאַרטיי.

און ווי אין אָנפאַנג — אין 1919 — אַזוי אויך אין פאַרלויף פון די גאַנצע צוועלף יאָר, וואָס די קאָמוניסטישע באַוועגונג עקזיסטירט, האָט דער אינערלאַכער פּאַרטיי־קאַמף זייער זעלטן געטראָגן אַ פּרינציפּיעלן כאַראַקטער. אין די מערסטע פאַלן זיינען די אמת'ע סיבות פון שטרייטונגען און שפּאַלטונגען געווען ריין פּערזענלאַכע. עס איז געווען מער אַ קאַמף פון פּערזאָנען, ווי פון פּראָגראַמען; אַ געראַנגל פון קליקעס און ניט קיין אויפריכטיגער אויסטויש פון אידייען און

פרינציפּן ; אַ שטריוט איבער דעם, ווער עס זאָל פאַרטרעטן אַמעריקע אין מאָסקווע און מאָסקווע אין אַמעריקע און ניט איבער דעם ווי צו געווינען דעם אַמעריקאַנער אַרבעטער פאַר דער „וועלט־רעוואָלוציע״.

איבער דער לעצטער פראַגע האָט מען ניט געקעמפט. ניט געוואַגט צו קעמפן אַפילו דאַן, ווען עס זיינען געווען אמת׳ע מיינונגס־פאַרשידנהייטן.

פראַגן פון פּראָגראַם און פּראָבלעמען פון טאַקטיק זיינען דאַן, ווי איצט, באַשטימט געוואָרן פון דעם מאָסקווער קאָמאינטערן און אַלע צדדים פלעגן זיך צואײלן זיי אָנצונעמען אָן קריטיק און אָן פראַגע־צייכנס.

די קעמפנדע צדדים האָבן בלויז געזוכט צו באַווייזן מאָסקווע, אַז דער צווייטער צד איז ניט אויפריכטיג אין אָננעמען די „דירעקטיוון״, אָדער האָט ניט בדעה זיי ווי געהעריג דורכצופירן.

און אַזוי האָט דאָס אָנגעהאַלטן קנאַפּע צען יאָר און זיך געענדיגט מיט די צוויי לעצטע שפּאַלטונגען פון דער „וואָירקערס פּאַרטי״, ווען אַ מערהייט פון איר צענטראַל קאָמיטעט האָט צוערשט אויסגעשלאָסן די מינדערהייט (קענאָן און קאָמפּאַני) און איז דערנאָך אַליין, לויט אַ ספּעציעלן אָרדער פון מאָסקווע, אויסגעשלאָסן געוואָרן פון אַ גאָר קליינע מינדערהייט פון אייגענע חברים.

אַזוי אַז די קאָמוניסטישע באַוועגונג, וואָס איז געבאָרן געוואָרן אין אַן אַטמאָספערע פון שפּאַלטונגען און אינערלאַכע רייסערייען, האָט פאַר די 12 יאָר פון איר עקזיסטענץ זיך ניט געענדערט. הייגט, ווי מיט צוועלף יאָר צוריק, ציילט די לינקע באַוועגונג ניט ווייניגער ווי דריי קאָמוניסטישע פּאַרטייען און אַ צאָל קאָמוניסטישע גרופּן, „ליגס״, „קאָנפערענצן״, „בונדן״, און „פאַרבאַנדן״, וואָס האַלטן אָן אַ זעלבסטשטענדיגע „רעוואָלוציאָנערע״ עקזיסטענץ און קאָנקורירן מיט דער אָפּיציעלער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין איר פאַרזוך „אָנצופאַנגען אין אַמעריקע אַ קאָמוניסטישע רעוואָלוציע אויף׳ן באָלשעוויסטישן שטייגער״...

און אַלע צוזאַמען, ווי מיר׳ן דאָס באַלד זען, פאַרמאָגן זיי ניט מער ווי אַכט טויזנט מיטגלידער.

## די „עוואָלוציע״ פון דער קאָמוניסטישער „רעוואָלוציע״.

נאָר אויב די קאָמוניסטישע באַוועגונג האָט אין די 12 יאָר פון איר עקזיסטענץ זיך ניט שטאַרק געענדערט אין איר שפּאַלטונגס־פּאָליטיק, האָט זי אויף׳ן געביט פון אידייען און פּרינציפּן דורכגעמאַכט אַ גאָר ראַדיקאַלע עוואָלוציע.

איר פּראָגראַם, טאַקטיק און גאַנצער בליק אויף דער אַמעריקאַנער ווירקלאַכקייט האָט זיך פאַר די צען־צוועלף יאָר אַזוי געביטן, אַז עס גלויבט זיך קוים, אַז דאָס איז די זעלבע לינקע באַוועגונג, מיט וועלכער מיר האָבן זיך געראַנגלט אין די שטורמיש־טראַגישע יאָרן פון 1919—1921.

עס איז אַ מערקווירדיגע ענדערונג, וואָס פאַרדינט אַ באַזונדער אָפּהאַנדלונג. צוליב מאַנגל אין פּלאַץ וועלן מיר דאָס מאָל זיך מוזן צופרידנשטעלן מיט אַ פּאָרביישפּילן.

## געגן פּאָליטישער אַמניסטיע.

די „אינטערנעשאָנאַל לעיבאָר דעפענס" („אי־על־די") און אירע שטענדיגע קאַמפּעינס פאַר אַמניסטיע פון פּאָליטישע אַרעסטירטע פאַרנעמען איצט, קאָן מען זאָגן, דעם אויבנאָן אין דער טומלדיגער טעטיגקייט פון דער גאַנצער קאָמוניסטישער באַוועגונג אין אַמעריקע. די דאָזיגע קאַמפּעינס פאַר אַמניסטיע שטעלן מיט זיך פאָרם דעם מיטל־פּונקט, דעם צענטער כמעט פון אַלץ וואָס די קאָמוניסטישע פּרעסע שרייבט און וואָס די קאָמוניסטישע אָרגאַניזאַציעס טוען.

מיט 12 יאָר צוריק האָט זיך אַ קאָמוניסט צו דער דאָזיגער אַרבעט ניט גע־טאָרט צורירן. פון קאָמוניסטישן שטאַנדפּונקט איז דאָס געווען אַ „קאָנטער־רעוואָ־לוציאָנערע" אַרבעט, וואָס האָט געקענט בלויז אָפּציען די אויפמערקזאַמקייט פון די פּראָלעטאַרישע מאַסן פון דער איינציגער רעוואָלוציאָנערער אויפגאַבע — אַ באַוואַפנטן אויפשטאַנד געגן דער גאַנצער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג, דורכגעפירט באַלד, שוין.

דאָס איז געווען דער שטאַנדפּונקט פון דעם „לינקן פליגל" אין 1919 און אויף דעם גרונט האָבן 5 לינקע שפּראַך־פעדעראַציעס פּראָטעסטירט צו דער נאַציאָ־נאַלער עקזעקוטיוו פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי געגן איר באַשלוס צו רופן אַן אַמניסטיע קאָנווענשאָן.

די פינף פעדעראַציעס האָבן אולטימאַטיוו געפאָדערט פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו אָפּצוזאָגן זיך פון׳ם פּלאַן און אויפגעבן דעם גאַנצן אַמניסטיע קאַמפּעין.

און ווען דאָס האָט ניט געהאָלפן, האָבן די 5 פעדעראַציעס צוזאַמען מיט נאָך איינער — אויך, נאַטירליך, אַ לינקער — אַרויסגעשיקט בריף צו אַלע זייערע ברענ־טשעס צו שטערן און סאַבאָטאַזשעווען דעם „רעאַקציאָנערן" קאַמפּעין, וואָס די פּאַרטיי האָט דאַן אָנגעפאַנגען אין איר פאַרזוך צו שאַפן אַ ברייטע פּאָלקס־באַוועגונג אַרום דער פאָדערונג פון אַן אַלגעמיינער אַמניסטיע פאַר אַלע פּאָליטישע אַרעסטירטע און אַלע קרבנות פון קלאַסן יוסטיץ און מלחמה פאַרבלענדעניש.

אַרויסגייענדיג פון דער זעלבער רעוואָלוציאָנערער פילאָסאָפיע האָט אַ קאָנ־ווענשאָן פון „לינקן פליגל" אין מאַסאַטשוסעטס סטעיט, אין מאַי 1919, באַשלאָסן צו באַפרייען די פּאָליטישע אַרעסטירטע „דורך אַלגעמיינע פּאָליטישע סטרייקס און דעמאָנסטראַציעס" און ניט דורך אַמניסטיע קאַמפּעינס און אַמניסטיע קאָנווענשאָנס.

אַ לייט־אַרטיקל אין דעם דאַמאָלסטדיגן הויפּט־אָרגאַן פון דעם לינקן פליגל, אין „רעוואָלושאָנערי איידזש" (פון 24טן מאַי), האָט דעם שטאַנדפּונקט טעאָרעטיש באַגרינדעט:

„מיר ווילן ניט קיין אַמניסטיע פאַר זיי (די פּאָליטישע אַרעסטירטע — מ. כ.). מיר ווילן, אַז די אינדוסטריעלע מאַכט פון דעם פּראָלעטאַריאַט, זיין קלאַסנבאַוואוסטע אַקציע, זאָל זיי באַפרייען..."

## געגן רעפאָרמען, פאַר אַן אויפשטאַנד.

די פּראָגראַם פון דער ערשטער קאָמוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין די פאַראייניגטע שטאַטן, דעם לינקן פליגל פון 1919, האָט אַטאַקירט די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי דערפאַר וואָס... זי אַגיטירט ניט פאַר אַ בירגער־קריג.

„די פאַרטיי, ווערט געזאָגט אין איר פּלאַטפאָרמע, מוז לערנען, פּראָפּאַגאַנדירן און אַגיטירן אויסשליסלאך פאַר דער אומשטירצונג פון קאַפּיטאַליזם און דער איינפירונג פון סאָציאַליזם דורך אַ פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור. די סאָציאַליסטישע קאַנדידאַטן, וואָס ווערן ערוויילט צו אַן עפנטלאַכן אַמט, דאַרפן אומבדינגט נאָכקומען די דאָזיגע דירעקטיוון". א

דערפר האָט טאַקע די סטעיט קאָנווענשאַן פון מישיגען אָנגענומען אַ פּלאַטפאָרמע, וואָס האָט פאַרבאָטן די לאָקאַלע פּאַרטיי אָרגאַניזאַציעס פון יענעם סטעיט צו שטיצן אירגענד וועלכע רעפאָרמען. די אָרגאַניזאַציע, וואָס וועט דאָס ניט פאָלגן, וועט פאַרלירן איר טשאַרטער, האָט די קאָנווענשאָן געוואָרנט.

ניט רעפאָרמען, נאָר רעוואָלוציע איז געווען דער קאַמפּס-געשריי פון די לינקע.

און אַזוי ווי די פירער פון דער ס. פּ. זיינען דאַן ניט געווען אינגאַנצן זיכער, אַז די אַמעריקאַנער אַרבעטער זיינען גרייט שוין, היינט, אָנצופאַנגען די סאָציאַלע רעוואָלוציע, האָט מען צוריקגעוויזן זייער פאַרלאַנג זיך אָנצושליסן אָן דעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל האָבן די קאָמוניסטן באַשלאָסן די פּאַרטיי צו פאַרכאַפּן אָדער — אויב דאָס וועט זיך ניט איינגעבן—צו צוברעכן, צושפּליטערן, פאַרניכטן...

די קאָמוניסטן און זייערע אָרגאַניזאַציעס זיינען דאַן געווען געגן געוויינלאַכע אויפקלערונגס אַרבעט פון אַ סאָציאַליסטישן כאַראַקטער. געגן געוויינלאַכע פּראָפּאַגאַנדע און אַגיטאַציע; געגן רעפאָרמען, ווי וויכטיג און דרינגענד נויטיג זיי זאָלן ניט זיין; געגן עקאָנאָמישע און פּאָליטישע פאָדערונגען, וואָס פאַרלייכטערן באַלד די מאַטעריעלע לאַגע פון דעם אַרבעטער קלאַס; געגן דער געוויינלאַכער אַרבעט אין און אַרום די יוניאָנס; געגן דעם פּראָגראַם-מינימום אין אַלע אירע צווייגן.

אָנשטאָט צוויי פּראָגראַמען — אַ פּראָגראַם-מינימום און אַ פּראָגראַם-מאַקסימום — ווי דאָס איז דער פאַל מיט די סאָציאַליסטן פון דער גאַנצער וועלט — און מיט די אַמעריקאַנער קאָמוניסטן פון יאָר 1931! — האָבן די קאָמוניסטישע פּאַרטייען דאַן געהאַט נאָר איין „פּראָגראַם-מאַקסימום" — סאָציאַליזם, סאָוועטן-שטאַט, אָנגעפירט פון אַ פּראָלעטאַרישער (קאָמוניסטישער) דיקטאַטור...

„אין דעם איצטיגן היסטאָרישן פּעריאָד פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע" — ווערט געזאָגט אין דער פּראָגראַם פון דער „קאָמוניסטישער פּאַרטיי" — „דאַרפן אַלע אונזערע פּלאַטפאָרמען אַנטהאַלטן נאָר איין פאָדערונג: די איינפירונג פון פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור"...

אין דער פּראָגראַם פון דער 2טער קאָמוניסטישער לייבאָר פּאַרטיי" (אָנגענומען אויף דער גרינדונגס-קאָנווענשאָן אין שיקאַגאָ, אָנפאַנג סעפּטעמבער 1919, דער זעלבער גרינדונגס-קאָנווענשאָן, וואו די קאָמוניסטישע באַוועגונג האָט זיך צושפּאָלטן אויף צוויי — פאַקטיש אויף דריי — פּאַרטייען) ווערט געזאָגט, אַז אויב מיטגלידער פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי ווערן ערוויילט צו געזעצגעבנדע קערפּערשאַפטן, „טאָרן זיי ניט פאָרשלאָגן אָדער שטיצן אירגענד וועלכע רעפאָרם בילס".

אין די דאָזיגע געזעצגעבנדע קערפּערשאַפטן האָבן די ערוויילטע קאָמוניסטן

(אָלדערמען, אַסעמבלימען, סענאַטאָרן און קאָנגרעסלייט) נאָר איין איינציגע אויפ־גאַבע: „ארויסברייגען דעם טיראַנישן כאַראַקטער פון דער קאַפּיטאַליסטישער מלוכה"...

דערביי האָט די קאָנווענשאָן פאַרבאָטן דער פּאַרטיי ארויסצושטעלן קאַנדידאַטן פאַר אַזוינע עפנטלאַכע אַמטן, ווי מעיאָר, גאָווערנאָר און פּרעזידענט. „עס איז ערלויבט צו באַטייליגן זיך נאָר אין די וואַלן פון אַזוינע געזעצגעבנדע קערפּערשאַפטן ווי שטאָט־ראַטן, סטעיט לעדזשיסלייטשורס און קאָנגרעס"...

עטוואָס שפּעטער האָט זיך די קאָמוניסטישע פּאַרטיי אָפּגעזאָגט אויך פון באַ־טייליגונג אין וואַלן פון געזעצגעבענדע קערפּערשאַפטן. זי האָט זיך אָפּגעזאָגט פון „פּאַרלאַמענטאַריזם" אין וועלכער ניט איז פאָרמע.

## באָיקאָטירט די וואַלן!

אין אָקטאָבער 1920, ערב די פּרעזידענט־וואַלן, האָט די קאָמוניסטישע פּאַרטיי פאַרעפנטלאַכט אַ מאַניפעסט: „באָיקאָטירט די קומענדע וואַלן!"

„די קאָמוניסטישע פּאַרטיי", האָט דער מאַניפעסט געשריבן, „איז פאַר אַ מאַסן־אַקציע פון באַוואָפנטע אַרבעטער אין אַן אָפענעם אויפשטאַנד און בירגער־קריג אַלס דעם איינציגן מיטל צו געווינען פּאָליטישע מאַכט פאַר די אַרבעטער. און דערפאַר רופן מיר אייך, קאָלעגן אַרבעטער און חברים קאָמוניסטן פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, אייך, אַמעריקאַנער אַרבעטער, אַז איר זאָלט באָיקאָטירן די קומענדע וואַלן!"

וואָס פאַר אַ מהלך צווישן די דאָזיגע „פּראָגראַמען" און די איצטיגע פּראָגראַמען פון די אַמעריקאַנער קאָמוניסטישע פּאַרטייען!

אפילו די לינקסטע צווישן זיי — די טראָצקיסטישע — וואָלט ערקלערט פאַר אַן אַנאַרכיסט און ארויסגעוואָרפן פון אירע רייען אירגענד וועלכן מיטגליד אירן, וואָס וואָלט געוואגט צו פאַרטיידיגן אַזאַ פּראָגראַם.

נאָך איין ביישפּיל צו אילוסטרירן די אינטערעסאַנטע עוואָלוציע, וואָס אונזערע רעוואָלוציאָנערן האָבן פאַר די לעצטע יאָרן דורכגעמאַכט.

דער „קאַמף פאַר אַ לעיבאָר פּאַרטיי" איז, ווי באַקאַנט, איצט אייינער פון די לאָזונגען, וואָס די קאָמוניסטן וועלן ניט מיד צו ווידערהאָלן. מיט אַ פאָר יאָר צוריק האָבן זיי אפילו געפּרואווט צו אָרגאַניזירן אַ נאַציאָנאַלע קאָנווענשאָן פון טרייד יוניאָנס, פאַרמער אָרגאַניזאַציעס, פאַרמער־לעיבאָר פּאַרטיס און סאָציאַליסטישע לאָקאַלן כדי צוזאַמען צו שאַפן אַ נאַציאָנאַלע פאַרמער־לעיבאָר פּאַרטי. און ווען די סאָציאַליסטן האָבן ניט געשיקט זייערע קאַנדידאַטן, האָבן די קאָמוניסטן די קאָנווענשאָן „געקעפּטשורט" און געשאַפן אַן אייגענע „פעדערייטעד פאַרמער־לעיבאָר פּאַרטי".

גאַנץ אַנדערש האָט דער קאָמוניזם געקוקט אויף דער פראַגע אין די אור־אַלטע צייטן פון 1919, 1920 און 1921.

אַ פּאָר אויסציגע וועלן דאָס באַשטעטיגן:

„אַ לעיבאָר פּאַרטיי קען ניט דינען אַלס אַ געציי[ג]

אין דער באפרייאונג פון ארבעטער קלאס... לעיבאָריזם איז ניט קיין קלענערע געפאר פאר דעם רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט ווי דער „מעסיגער" סאָציאַליזם;ביידע קענען ניט אויסגענוצט ווערן אַלס וואפן אין קאמף פאר מאכט" (פּלאַטפאָרמע פון לינקן פליגל אין 1919).

„מיר זיינען געגן א פאַרבינדונג מיט אירגענד וועלכער גרופּע, וואָס שטייט ניט אויפ'ן שטאַנדפּונקט פון רעוואָלוציאָנערן קלאסן-קאמף" (פּלאַטפאָרמע פון קאָמוניסטישער לעיבאָר פּאַרטיי, 1919).

דער זעלבער שטאנדפונקט איז דאן אויך פאַרטיידיגט געוואָרן פון דער צייט-שריפט „קאָמוניסט", אָרגאַן פון דער קאָמוניסטישער פּראָפּאַגאַנדע ליג, וואָס האָט שפּעטער געגרינדעט די „קאָמוניסטישע פּאַרטיי".

היינט אָבער האָט מען קענאָנען און זיינע חברים טראָצקיסטן אויסגעשלאָסן פון קאָמוניסטישן צענטראַלן קאָמיטעט, ווען עס איז בלויז געשאפן געוואָרן א פּאַרדאַכט, אַז זיי זיינען געניינט צו צווייפלען אין דעם שפּיל מיט דער אידייע פון א לעיבאָר פּאַרטיי אין אַמעריקע.

## דער געיעג נאָכ'ן פּראָלעטאַריאַט.

נאָר פּיליכט האָט די דאָזיגע עוואָלוציע פון אונזערע רעוואָלוציאָנערן זיי געגעבן א געלעגנהייט צו געפינען דעם שליסל צום אמעריקאנער ארבעטער?

פּיליכט האָט די דאָזיגע פאַרוואַנדלונג פון זייערע פּרינציפּן און אידייען זיי געהאָלפן צו געווינען די ברייטע מאַסן אמעריקאנער ארבעטער, נאָך וועלכע עס יאָגן זיך שוין עטלאָכע דורות אַמעריקאַנער סאָציאַליסטן מכל המינים?

אויב מען זאָל גלויבן דעם ערשטן וויים-פּרעזידענט פון דער אַמעריקען פעדע-רעישאָן אָוו לעיבאָר, מעטיו וואָל, איז דער ענטפער אויף דער פראגע א פּאָזיטיווער „יע", די קאָמוניסטן האָבן איצט אויף די אמעריקאַנער מאַסן א געוואַלדיג גרויסן איינפלוס.

אין די פאַראייניגטע שטאַטן, האָט ער געוואַרנט די פיש-קאָמיטע פון קאָנגרעס, זיינען איצט דאָ 500 טויזנט קאָמוניסטן און קאָמוניסטישע סימפּאַטיקער.

עס איז אמת, אַז צווישן די יוניאָנס און אָרגאַניזירטע ארבעטער, מיט וועלכע וואָל איז אמבעסטן באַקאַנט, איז די צאָל קאָמוניסטן און זייער איינפלוס זייער קליין, אָבער אויסער די יוניאָנס, אין די שולן און אוניווערסיטעטן, אין דער ארמיי און אין דער נעיווי, צווישן די פּראָפעשאָנעלס און אינטעליגענטן — האָט וואָל פאַר-זיכערט — איז דער קאָמוניזם שטאַרק פאַרשפּרייט...

500 טויזנט.

א גרויסע ציפער, א באַדייטנדע דערגרייכונג.

גלויבט אָבער מעטיו וואָל אין דעם וואָס ער האָט געזאָגט, ווען ער האָט געזוכט איינרעדן זיך און אנדערע, אַז אין אַמעריקע זיינען שוין דאָ א האַלבער מיליאָן קאָמוניסטן?

איך צווייפל אין דעם.

ווייל וואָל איז געוויינלאַך אַ גרויסער בריה אין גריבלען זיך אין ציפערן, און די ציפערן שילדערן אַ גאַנץ אַנדער בילד.

דעם איינפלוס פון אַ פּאָליטישער פּאַרטיי קען מען מעסטן מיט פאַרשידענע מאָסן. די וויכטיגסטע פון זיי זיינען, אין די פרייע דעמאָקראַטישסטע לענדער אמוויינינגסטן, די צאָל שטימען, וואָס די קאַנדידאַטן פון דער פּאַרטיי באַקומען און די צאָל מיטגלידער, וואָס די פּאַרטיי פאַרמאָגט.

ווען מיר נעמען די צאָל שטימען, וואָס דער הויפּט קאַנדידאַט פון דער קאָמוניסטישער באַוועגונג, איר באַנערטרעגער, האָט באַקומען אין די לעצטע צוויי פּרעזידענטן־וואַלן, איז דער רעזולטאַט אַ זייער נעבאַכדיגער.

אין 1924 האָט דער קאָמוניסטישער קאַנדידאַט פאַר פּרעזידענט באַקומען 33 טויזנט שטימען קעגן די 99 מיליאָן און 58 טויזנט, וואָס זיינען אָפּגעגעבן געוואָרן פאַר קאַנדידאַטן פון אַנדערע פּאַרטייען.

אין 1928 איז דער וואוט געווען 48 טויזנט פאַר דעם קאָמוניסטישן קאַנדידאַט און 36 מיליאָן 831 טויזנט פאַר די אַנדערע ניט קאָמוניסטישע קאַנדידאַטן.

דאָס אַליין ציינגט, ווי קליין, ווי נישטיג עס איז דער איינפלוס פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי נאָך אַזוי פיל יאָרן אַרבעט און נאָכדעם ווי זיי האָבן אַרומגעטרימט און אַרומגעשאָרן זייער „פּראָגראַם“.

און די וואָס וואָלטן געקענט זען אין די צוויי ציפערן — 33 טויזנט און 48 טויזנט — אַ צייכן פון פאָרטשריט, דאַרפן ניט פאַרגעסן, אַז די 33 טויזנט שטימען פון 1924 קומען פון דרייצן סטעיטס און די 48 טויזנט פון 1928 — פון דריי און דרייסיג סטעיטס.

אַז די לאַגע האָט זיך ניט פאַרבעסערט זינט 1928 באַווייזט דער רעזולטאַט פון די לעצטע וואַלן אין דער הויפּט פעסטונג פון דער קאָמוניסטישער באַוועגונג — אין ניו יאָרק (אין נאָוועמבער, 1931).

אין די וואַלן פאַר באָראָ־פּרעזידענט פון מאַנהעטן זיינען פאַר פאַרשידענע קאַנדידאַטן אָפּגעגעבן געוואָרן 360 טויזנט שטימען. פון זיי האָט דער הויפּט קאַנדידאַט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, אַמטער, באַקומען ווייניגער פון 1800 שטימען.

דער סאָציאַליסטישער קאַנדידאַט האָט אין די זעלבע וואַלן באַקומען איבער 48 טויזנט שטימען.

נאָך דער ערשטער קאָמוניסטישער קאָנווענשאָן, אין סעפּטעמבער 1919, האָבן די פירער פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פאַרזיכערט אין זייערע באַריכטן, אַז אויף דער קאָנווענשאָן זיינען געווען פאַרטראָטן 58 טויזנט מיטגלידער. ווען די דאָזיגע ציפער וואָלט געווען אַ ריכטיגע, וואָלט דאָס געמיינט, אַז די גאַנצע קאָמוניסטישע באַוועגונג האָט נאָך 9 יאָר אַרבעט איבער'ן גאַנצן לאַנד באַקומען ווייניגער שטימען (48 טויזנט), ווי איין קאָמוניסטישע פּאַרטיי (פון די דריי, וואָס האָבן דאַן עקזיסטירט) האָט געהאַט מיטגלידער אין 1919.

אין דער אמת'ן אָבער איז דאָס ניט אינגאַנצן ריכטיג. די ציפער פון 58 טויזנט מיטגלידער אויף דער שיקאַגאָער קאָנווענשאָן איז געווען שטאַרק איבער־

טריבן. נאָך דער שפּאַלטונג פון דער ערשטער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, ווען א טייל פון איר האָט זיך אויף א באַפעל פון מאָסקווע אָפּגעשפּאָלטן און צוזאַמען מיט די רעשטלאַך פון דער „קאָמוניסטישער לעיבאָר פּאַרטיי" געשאַפן די „פאַראייניגטע קאָמוניסטישע פּאַרטיי", האָט איר צענטראַל קאָמיטעט זיך מודה געווען אַז אויף דער שיקאַגאָער קאָנווענשאָן פון סעפּטעמבער 1919 זיינען געווען פאַרטראָטן ניט 58 טויזנט נאָר 26 טויזנט מיטגלידער.

און מיט דעם ווערט באַשטעטיגט דער פריערדיגער חשבון פון דזשיימס אָניל, אַז פון די 70 טויזנט מיטגלידער, וואָס די ס. פּ. האָט פאַרלאָרן אין די שפּאַלטונגען פון 1919 זיינען מיט די קאָמוניסטישע פּאַרטייען אַוועק ניט מער ווי 35 טויזנט.

אין 1922, נאָך דריי יאָר „רעוואָלוציאָנערע" ארבעט, האָבן די פאַרשיידענע קאָמוניסטישע פּאַרטייען זיך פאַראייניגט מיט דער לינקער מערהייט פון אידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע און מיט אַנדערע ניי־געבאַרענע קאָמוניסטן, וואָס האָבן, צוזאַמען מיט דעם „וואָירקערס קאָונסיל" פאַרלאָזן די סאָצ. פּאַרטיי. דערביי האָט זיך ארויסגעוויזן, אַז אַלע צוזאַמען פאַרמאָגן זיי נאָר 12,058 מיטגלידער.

אַזוי דערציילן די אָפיציעלע פּראָטאָקאָלן פון דער „פערטער קאָנווענשאָן פון דער וואָירקערס (קאָמוניסטישער) פּאַרטיי", וואָס די „דעילי וואָירקערס פּאָבלישינג קאָמפּאַני" האָט ארויסגעגעבן באַלד נאָך דער שיקאַגאָ'ר קאָנווענשאָן פון אויגוסט 1925.

דער זעלבער אָפיציעלער באַריכט דערציילט (זייטן 25—39), אַז זייער צאָל האָט זיך פאַרגרעסערט ביז 15,395 אין 1923; ביז 17,058 אין 1924, און ביז 16,325 אין דזשון 1925, ווען עס האָבן זיך ווידער באַמערקט סימנים פון אַ מיט־גלידערשאַפט־וואוקס אויף צוריק... ווייל אין 1926 איז די צאָל מיטגלידער אין דער דאַן פאַראייניגטער קאָמוניסטישער פּאַרטיי געפאַלן ביז 8,698.

אין 1927 האָט די מיטגלידערשאַפט זיך עטוואָס אַ הויב געטאָן און דערגרייכט איבער'ן גאַנצן לאַנד און אין אַלע שפּראַך־סעקציעס, 9,642.

אַלץ נאָך ווייט פון די 500 טויזנט, מיט וועלכע מעטיו וואָל האָט אין דער פיש קאָמיטע געסטראַשעט דעם אַמעריקאַנער קליינבירגער.

אין יאַנואַר 1930 איז די צאָל מיטגלידער פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, אריינגערעכנט די וואָס צאָלן ניט קיין דיוס צוליב ארבעטסלאָזיגקייט, געפאַלן ביז זעקס טויזנט הונדערט פינף און פערציג (6,145).

אין פאַרלויף פון דעם יאָר 1930 האָט די קאָמוניסטישע פּאַרטיי אין אַ רייע מעמבערשיפּ־דרייווס אריינגענומען 6,167 נייע מיטגלידער. וואָס דאָס מיינט, אַז זי האָט אין איין יאָר צייט פאַרדאָפּלט איר מיטגלידער: 6,145 אַלטע מיטגלידער, 6,167 נייע — אַ טאָטאַל פון 12,312 מיטגלידער.

אין דער אמת'ן אָבער איז דאָס ניט געווען דער פאַל.

ווי עס ווייזן די אָפיציעלע באַריכטן פון קאָמוניסטישן צענטראַל קאָמיטעט, האָט דער פּאַרטיי זיך ניט איינגעגעבן איינצוהאַלטן אין אירע רייען די נייע רעקרוטן פאַר אַ קאָמוניסטישער רעוואָלוציע. די מערסטע פון זיי זיינען זיך צולאָפן, ווי נאָר זיי האָבן געהאַט אַ געלעגנהייט אריינצוקוקן אין דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי.

און פאַסירט האָט דאָס ניט בלויז דאָס מאָל. זינט די קאָמוניסטישע באוועגונג האָט, אונטער דעם איינפלוס פון רוסישן באָלשעוויזם, אָנגענומען אָרגאַניזאַציאָנעלע פאָרמען איז זי געשטאַנען פאַר דער פּראָבלעם פון פּאַרטיי־דעזערטירן. די מיטגלידער האָבן געהאַלטן אין איין צולויפן זיך.

אין יוני 1919 האָט די לינקע באוועגונג ארומגעכאַפּט אַ מעמבערשיפּ פון אומגעפער 70 טויזנט. אין דריי מאָנאַטן ארום — אויף דער סעפּטעמבער־קאָנווענשאָן — איז פון די 70 טויזנט געוואָרן 35 טויזנט.

אין 1922 האָט די קאָמ. פּאַרטיי ארייַנגענומען 4,271 נייע מיטגלידער, אָבער אַ דאַנק דעם געלויף פון דער פּאַרטיי האָט זי באַגעגנט דעם נייעם יאָר בלויז מיט 15,395 מיטגלידער.

אין 1923 האָט די פּאַרטיי ארייַנגענומען 6,532 נייע מיטגלידער, און איר מיטגלידערשאַפט האָט זיך פאַרגרעסערט נאָר אויף 1,982.

אין 1924 האָט זי אַריינגענומען 8,456 מיטגלידער, אָבער די צאָל פון איר מיטגלידערשאַפט האָט זיך אין דער אמת'ן פאַרקלענערט אויף 1,052.

און דאָס זעלבע אויך אין די ווייטערדיגע יאָרן. די צאָל אנטרונענע מיטגלידער איז די גאַנצע צייט געווען אַזוי גרויס, אויב ניט גרעסער, ווי די צאָל אריינגעקומענע.

די קאָמוניסטישע „רעוואָלוציאָנערי אידיש", וואָס לאָוסטאָן'ס און גיטלאָוו'ס „מערהייטס"־פּאַרטיי גיט ארויס, האָט מיט אַ פּאָר מאָנאַטן צוריק (אין נומער פון 12טן סעפּטעמבער, 1931) איבערגעדרוקט פון דעם בולעטין פון דער אָפיציעלער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין ניו יאָרקער דיסטריקט אַן אינטערעסאַנטן אויסצוג, פון וועלכן די פאָלגענדע שורות זיינען זייער כאַראַקטעריסטיש:

„אין פאַרלויף פון 17 מאָנאַטן — פון יאַנואַר 1930 ביז דעם 1טן יוני 1931 — האָבן פאַרלאָזן די פּאַרטיי צוויי טויזנט צוויי הונדערט מיטגלידער".

און דאָס אין ניו יאָרק אַליין, וואו די דורכשניטלאכע צאָל מיטגלידער אין אַלע פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס דערגרייכט קוים אַ פּאָר טויזנט.

אין יאַנואַר 1930 האָט די קאָמוניסטישע פּאַרטיי געציילט 6,145 מיטגלידער, צוזאַמען מיט די וואָס צאָלן ניט קיין דיוס צוליב אַרבעטסלאָזיגקייט. איצט פּרעטענדירט די קאָמוניסטישע פּאַרטיי, לויט די באַריכטן אין „מיליטענט" און „רעוואָלושיאָנערי אידיש" צו האָבן נאָענט צו 7 טויזנט מיטגלידער איבער'ן גאַנצן לאַנד. וואָס דאָס שיינט, אז צוזאַמען מיט דער זייער קליינער צאָל מיטגלידער אין די אַנדערע קאָמוניסטישע גרופּן און „פּאַרטייען" האָבן זיי איצט אין אמעריקע ניט מער ווי 8 טויזנט פּאָליטיש אָרגאַניזירטע קאָמוניסטן (פון וועלכע ארום 3 טויזנט זיינען אין ניו יאָרק).

## אַ באָלשעוויסטישע אַכסניה.

די קאָמוניסטישע פּאַרטיי אזוי פאַר די 12 יאָר, וואָס זי עקזיסטירט אין אַמעריקע געווען און פאַרבלייבט אַ מין באָלשעוויסטישע אַכסניה, פון וואַנען די געסט אַנטלויפן נאָך דער ערשטער באַקאַנטשאַפט מיט דער צו גרויסער צאָל פּאַראַזיטן...

זי איז געווען א מין פּאָליטישער האָספּיטאַל, וואו ראַדיקאַל־געשטימטע ארבע־טער קורירן זיך אויס פון זייערע קאָמוניסטישע און האַלב־קאָמוניסטישע אידייען.

אזוי אויפ'ן פּאָליטישן פעלד און אזוי אויך אין די יוניאָנס און ארבעטער רינג.

צום באַדויערן זיינען ניטאָ קיין אורזאַכן צו גלויבן, אז די ענטוישטע מיט־גלידער פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי געפינען זייער פּאָליטישע היים אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אָדער אין אנדערע ראַדיקאַלע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס; די מערסטע פון זיי פאַרלירן, ווי עס שיינט, צוזאַמען מיט'ן קאָמוניזם אויך דעם גלויבן אין סאָציאַליזם. זיי ווערן אויף אַ מער־ווייניג לענגערער צייט אינגאַנצן פאַרלאָרן פאַר דער ראַדיקאַלער אַרבעטער־באַוועגונג.

מיט דעם ווערט אַן איבעריגן מאָל באַשטעטיגט די רעאַקציאָנערע ראָלע וואָס די „רעוואָלוציאָנערע" קאָמוניסטישע פּאַרטייען שפּילן אין אונזער באַוועגונג.

אזוי אין אַמעריקע, און אַזוי אויך אין אנדערע לענדער.

ל. פאָגעלמאַן:

# וואוהין גייען מיר?

דער אימפעט פון אמעריקאַנעס לעבן און די ענדערונגען, וועלכע קומען אין אים פאָר

אמעריקע האָט זיך אַנטוויקלט מיט אַ מערקווירדיגן אימפעט. זי איז ארויס־געטראָטן אויף דער וועלט־בינע זייער שפּעט, פיל שפּעטער ווי די איבעריגע לענדער, און זי האָט זיך גענומען יאָגן נאָך די עלטערע לענדער מיט אַזאַ קראַפט, וואס מען קען זעלטן זען אין דער וועלט־געשיכטע.

אין פארלויף פון אַ קאַרגע פאַר הונדערט יאָר האָט זי דורכגעמאַכט אַ וועג, אויף וועלכן אַנדערע לענדער האָבן אָוועקגעגעבן הונדערטער יאָרן. יעדער צענ־דליג יאָר פון דער אַמעריקאַנער געשיכטע קען לייכט פאַרגליכן ווערן מיט אַ הונדערט יאָר פון אייראָפּעאישער געשיכטע לויט דער ארבעט, וואָס איז דאָ אָפּ־געטאָן געוואָרן. און אמעריקע האָט ניט נאָר דעריאָגט אייראָפּע, נאָר אין פיל הינזיכטן אריבערגעיאָגט.

פאַראַן, פארשטייט זיך, ערנסטע אורזאַכן פארוואָס אַמעריקע איז געלונגען דורכצומאַכן אַזוי שנעל און אַזוי ערפאָלגרייך דעם לאַנגען וועג, אויף וועלכן עס האָט זיך געפאָדערט ארבעט פון הונדערטער יאָרן.

אמעריקע האָט פאַר זיך געהאַט פאַרטיגע מוסטערן פון עקאָנאָמישן און פּאָ־ליטישן לעבן, און זי האָט זיי קאָפּירט און איבערגענומען אַזוי ברייט און אַזוי אָפט ווי ס'האָט זיך נאָר געלאָזן. זי האָט ניט געדאַרפט אליין דורכלעבן יענע ביטערע ערפאַרונגען מיט יענע אָפטע טעות'ן און דורכפאַלן, וועלכע די אייראָ־פּעאישע לענדער האָבן געמוזט דורכמאַכן אין זייער געשיכטע.

אַמעריקע האָט זיך ניט געשעמט צו באָרגן און לייען פון יענער זייט ים; זי האָט גענומען פון וואַנען עס האָט זיך נאָר געמאַכט. זי האָט איבערגענומען און קאָפּירט כמעט פאַרטיגערהייט די מוסטערן פון אייראָפּעאישן פּאָליטישן לעבן; זי האָט גענומען און אַדאָפּטירט די פאַרטיגע מוסטערן פון אייראָפּע־אישער ליטעראַטור און קונסט; זי האָט געבאָרגט און געליען אייראָפּעאישע געלערטע, שרייבער און קינסטלער; זי האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט פאַר קיין שום זאַך אין איר הייסער שטרעבונג וואָס גיכער זיך צו שטעלן אויף אייגענע פיס, וואָס גיכער צו דעריאָגן אירע עלטערע שוועסטער אויף יענער זייט ים.

און זי איז געוואָרן אַן אויפגעקומענע גביר'טע, וועלכע האָט זיך צולעגט מיט איר באַלעבאַטישקייט אין דער ברייט און אין דער לענג. מיט אירע גע־זונטע, שטאַרקע אָקסלען פון אַ פּיאָנערן־לאַנד האָט אַמעריקע אַזאַ שטויס גע־טאָן די ראָד פון איר געשיכטע, אַז דער וואָגן האָט זיך אַ קייקל געטאָן און פארלאָפן העט־העט ווייט פון ביידע ים'ען, איבער די ברייטע, ווילדע פּרעריעס, איבער די פאַרטרוימטע הויכע, שטיינערנע בערג און איבער די ברייטע און פאַרדרייטע טייכן.

דער אמעריקאנער פול־בלוטיגער, קרעפטיגער קאָלאָניסט, מיט די פון ווינט פארברוינטע באקן, מיט די פארזשמורעטע אויגן און מיט דער אייביגער ליולקע אין זיין שטייפן מויל, איז א פּאָר געטאָן מיט זיינע פארדעקטע וועגענער איבער די אונענדלאכע וועגן פארביי די וויסטע פעלדער און איבער די שטעגעלאך צווישן די געדיכטע וועלדער, און האָט געבויט איין שטאָט נאָך דער צווייטער, איין שטאָט נאָך דעם צווייטן און אזוי האָט ער אויפגעבויט א מעכטיגע, אייגנארטיגע לאנד פון צענדליגער באזונדערע שטאָטן.

ס'איז באמת א קאָפּ־שווינדלענדיגער גאנג, א צויבערלאכער מארש פון עטלאכע דורות ריזיקאלישע, פאר'עקשנ'טע אוואנטוריסטן מיט שטאָלענע מוס־קולן און אייזערנע כאראקטערס. ווער עס לייענט די אמעריקאנער געשיכטע און טראכט זיך אין איר אריין, מוז באוואונדערן דעם האסטיגן אימפעט, מיט וועלכן זי איז געגאנגען פאָרווערטס, מוז זיך אפּשטעלן מיט א פארכאפּטן אָטעם און א טראכט טאָן: סארא וועג! סארא טריט!...

און אין דערזעלבער צייט מוז דורכלויפן אין קאָפּ א געדאנק: ניין, אזא לאנד מוז זיין אייגנארטיג, מוז זיין גאָר אנדערש ווי אנדערע לענדער; אזא לאנד קען מען גאָרניט מעסטן מיט דער זעלבער מאָס, מיט וועלכער מען מעסט אנדערע לענדער; מען מוז צוגיין צו איר מיט אן עכט אמעריקאנער מאָס; און מען מוז די אמעריקאנער ערשיינונגען באלויכטן מיט אן עכט־אמעריקאנישן ליכט.

א היבש ביסל נעגאטיווע ערשיינונגען פון דעם אמעריקאנעם לעבן, וועל־כע מיר זיינען גרייט בלויז צו פארדאמען מיט ביטערקייט און וועלכע מיר קע־נען אפילו אָפט ניט באגרייפן, אויב מיר באטראכטן זיי דורך אייראָפּעאישע ברילן, ווערן פאר אונז קלאָר און פארשטענדלאך, ווען מיר ווארפן אויף זיי דעם ליכט פון דעם אמעריקאנעם פּראָזשעקטאָר, ווען מיר קוקן אריין הינטער די קוליסן, פון וואנען אזעלכע ערשיינונגען זיינען געקומען, ווען מיר דערמאָנען זיך אָן דער געשיכטע פון דעם קאָלאָניסט מיט זיין „פארדעקטן וואָגן".

יא, אמעריקע האָט זיך אנטוויקלט און איז געלאָפן פאָרווערטס מיט אן אויסערגעוויינלאכן אימפעט; יא, זי האָט זיך אויפגעבויט זייער שנעל. אָבער אלץ, וואס בויט זיך צו שנעל, מוז זיך בויען אויבערפלעכלאך, מוז זיך בויען מער אין דער הויך און אין דער ברייט, איידער אין דער טיף. וואָס מיר געווינען אין שנעלקייט, פארלירן מיר אין גרינדלאכקייט.

די מאטעריעלע קולטור, וואס אמעריקע האָט אויפגעבויט, איז געשאפן גע־וואָרן אויף שנעל, און זי טראָגט ניט אויף זיך קיין ציכנס פון איינגעפונדע־וועטער טראדיציע. אלץ איז דאָ געבויט אָן אן אינדיווידועלן שטעמפּל, ווי אן עכטער מאסן־פּראָדוקט, וואס איז אויסגעארבעט לויט איין און דעם זעלבן מוסטער, און א ביסל אויף א טאנדעטנעם אופן. אלע געביידעס, אלע וועגן, אלע איינריכטונגען זיינען דאָ אזוי ענלאך, אזוי מאָנאָטאָן, ווי איין מאמע וואָלט זיי געבאָרן. אלץ, וואס מיר געפינען אין די הייזער, איז אויך געשאפן געוואָרן לויט איין מוסטער; אלע מאכן נאָך איין מאָדעל, און טראָגן כמעט ווי סאָל־דאטן איין יוניפאָרם. אָפּגעווישט די אינדיווידועלע שטריכן, וואס זיינען אזוי כאראקטעריסטיש פאר דער אייראָפּעאישער מאטעריעלער קולטור.

און נאָך שאַרפער פילט זיך די שנעלקייט אין דער גייסטיגער קולטור, וואָס האָט מער ווי די מאַטעריעלע קולטור געליטן דאָ פון דעם צו שנעלן אימפּעט, מיט וועלכן זי איז געוואַקסן. גייסטיגע קולטור קען ניט וואַקסן צו שנעל; זי מוז זיך איינפונדעווען און דורכגיין געוויסע שטופן אין איר אַנטוויקלונג. זי מוז גיין מיט אַ געוויסן טעמפּאָ פון איין דור צו אַ צווייטן, שאַפנדיג טראַדיציעס, וועלכע לייגן אַרויף אַ שטעמפּל אויף דעם גאַנצן גייסטיגן לעבן פון אַ פאָלק.

מען קען זיך איינשאַפן אין איין טאָג אַן ענציקלאָפּעדיע, מען קען אָבער אין איין טאָג ניט ווערן קיין ענציקלאָפּעדיסט.

קיין פאָלק אין דער וועלט קען זיך אין איין צענדליג יאָר ניט שאַפן קיין אייגענע ליטעראַטור, קיין אייגענע קונסט, קיין אייגענע גייסטיגע קולטור בכלל, ווייל אַ גייסטיגע קולטור איז אַ ירושה־זאַך.

מען קען ווערן אַן אויפגעקומענער גביר, מען קען אָבער ניט ווערן קיין אויפגעקומענער למדן. מען קען זיך איינקויפן אין יחוס, מען קען אָבער פּלוצלינג ניט ווערן קיין אמת׳ער געבאָרענער יחסן.

אַמעריקע האָט עס באַוויזן אַמבעסטן. זי האָט אויף שנעל געשאַפן וואונדערבאַרע בריקן, עלעוועיטאָרס, הימל־קראַצערס, געפּלאַסטערטע וועגן, אָבער קיין אייגענע רייכע ליטעראַטור און קונסט האָט זיך זיך ניט געקענט איינשאַפן אין דער קורצער צייט פון איר געשיכטע. זי האָט געמוזט אַדאָפּטירן ליטעראַטור און יוריספּרודענץ פון ענגלאַנד, און קונסט ביי אַנדערע אייראָפּעאישע לענדער; אפילו אין איר קאָנסטיטוציע האָט זי געמוזט אָפּשפּיגלען פרעמדע אידייען, די אידייען פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע.

און צוליב דעם אייגנאַרטיגן וועג, וואָס אַמעריקע האָט דורכגעמאַכט, צוליב דעם ספּעציעל אַמעריקאַנישן אימפּעט פון איר געשיכטע, האָט זיך אין דעם אַמעריקאַנעם געמוזט אויסאַרבעטן אַ ספּעציפיש אַמעריקאַנישער גייסט, און אַן אייגנאַרטיגע פּסיכאָלאָגיע.

עס האָט זיך געמוזט אַנטוויקלען אין אים אַ פּיאָנערן־גייסט, אַ פעסטער גלויבן אין זיך און אין זיינע אייגענע קרעפטן. עס האָט זיך געמוזט אויסאַרבעטן דער אידעאַל פון אַ פּערזענלאַכקייט, וואָס קען אַליין איר שטעטל באַשטיין. דער גלויבן אין זיך האָט געמוזט פאַרטונקלען דעם גלויבן אין דעם כלל. דער יחיד האָט געמוזט ווערן מער יחסן ווי די מאַסע, ווי דער קאָלעקטיוו. אַנשטאָט אַ קאָלעקטיוויסטישן גייסט האָט זיך דאָ געמוזט אויסאַרבעטן אַן אינדיווידואַליסטישער גייסט. אַנשטאָט דעם סאָציאַלן באַוואוסטזיין האָט זיך דאָ געמוזט באַפעסטיגן דער אינדיווידועלער באַוואוסטזיין. אַנשטאָט אַ קלאַס האָט דעם אויבנאָן דאָ פאַרנומען די פּערזאָן. דער „סעלף מעיד מען״, דער מענש, וועלכער האָט זיך אַליין אַרויפגעאַרבעט און איז אַליין אַרויפגעקראָכן אויפ׳ן געזעלשאַפטלאַכן לייטער, איז געוואָרן דער מוסטער־מענש פאַר אַמעריקע.

ניט אַזוי צו וועמען דו באַלאַנגסט, נאָר וואָס דו אַליין האָסט דערגרייכט — איז געוואָרן די הויפּט מאָס, מיט וועלכער עס ווערט געמאָסטן די פּערזאָן אין אַמעריקע. דו אַליין הויבסט אָן דיין אייגענעם יחוס; דו אַליין ביזט דער באַלעבאָס פון דער

וועלט. און דו אַליין האָסט בלויז דעם וואָרט פון דעם, וואָס דו האָסט באוויזן צו דערגרייכן. דאָס איז די אַמעריקאַנער דורכשניטלאַכע פּסיכאָלאָגיע. דאָס אַמערי־קאַנער ווערטל: „ער איז ווערט אַזוי פיל און אַזוי פיל דאָלער", איז ניט קיין צו־פעליגער אויסדרוק. ניין, דאָס איז אַן אָפּקלאַנג פון דער באַציאונג צו מענשן און צו דער וועלט.

און ניטאָ אויך קיין צאַמען פאַר דיין וועג, פאַר דיין איניציאַטיוו, פאַר דיין גאַנג. פאַרקערט, ווער עס קען דורכברעכן אַלע צאַמען מיט זיין שטאַרקן אויל־בויגן, יענער איז דער העלד פון טאָג, וועמען עס קומט דער אויבנאָן. „ענריטש יורסעלף!" (ווער רייך!), דאָס איז געווען דער הויפּט לאָזונג פאַר דעם דורכשניט־לאַכן אַמעריקאַנעם אין פאַרלויף פון דורות, און דאָס איז געוואָרן זיין אידעאַל אין דעם פּראַקטישן לעבן.

און אין איינקלאַנג מיט אַזאַ פילאָזאָפיע האָט זיך אויסגעאַרבעט ביי דעם אַמע־ריקאַנעם אויך דער בליק אויף אַמעריקע ווי אויף אַ לאַנד פון גוואַלדיגע געלעגנ־הייטן („לענד אָוו אָפּאָרטיוניטיס").

דער איינגעאָרטיגער אַמעריקאַנישער אינדיווידואַליזם, צוזאַמען מיט דעם אָפּאָר־טוניזם, וואָס כשר'ט אַלע מיטלען פאַר דעם ציל, האָט געשאַפן אין אַמעריקע אַ גינסטיגן באָדן פאַר אַ הפקר'דיגן פּאָליטישן לעבן און אויך פאַר אַ געוויסער גייס־טיגער הפקרות און וויסטעניש. צוזאַמען מיט דער אמת'ער דעמאָקראַטיע איז דאָ דאַריבער אויך געוואַקסן די קאָרופּציע. צוזאַמען מיט דער קולטור איז דאָ אויך געוואַקסן די עם־הארצות, וואָס האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און איז אַריינגעדרונגען אין אַלע ווינקלען פון לעבן.

דער מעכטיגער שטראָם פון אימיגראַציע אין אַמעריקע און דער באַזונדערער גייסט, וואָס האָט זיך אויסגעאַרבעט ביי דעם אימיגראַנט, האָט געשאַפן אַן אומגינ־סטיגן באָדן פאַר צוטיילונג פון קלאַסן אין דער אַמעריקאַנער געזעלשאַפט; און נאָך ווייניגער גינסטיג איז געווען דער באָדן פאַר אַ ספּעציעלער קלאַסן־פּסיכאָלאָגיע. דער ברייטסטער, דער פאַרשפּרייטסטער קלאַס איז געוואָרן דער געשעפטסמאַן, דער מענש פון דעם מיטל־קלאַס. ער האָט אָנגעהויבן צו שפּילן די הויפּט ראָלע אין דעם עקאָנאָמישן און פּאָליטישן לעבן פון לאַנד. ער האָט מיט זיין גייסט באַאיינ־פלוסט גאַנץ אַמעריקע. ער האָט אויך געשאַפן די עכט־אַמעריקאַנישע פּאָליטישע סיסטעם פון צוויי פּאַרטייען, דעם מאָדנעם דואַליזם אין דעם אַמעריקאַנעם פּאָלי־טישן לעבן.

אַזוי האָט ער דאָ געשאַפן דאָס לעבן און אַזוי איז עס פאַרבליבן אויף דורות.

ווען מיר, דער נייער דור אימיגראַנטן, זיינען געקומען אהער, האָבן מיר פאַר זיך געפונען אַזאַ קאָמפּליצירטע געזעלשאַפט און אַזאַ קאָמפּליצירטן גייסט, וועלכע זיינען אונז אינגאַנצן פרעמד געווען און וועלכע זיינען ביז אַ געוויסער מאָס אונז פאַרבליבן פרעמד ביז דעם היינטיגן טאָג. מיר האָבן געקענט קריצן מיט די ציין קעגן אַזאַ גייסט, אָדער שילטן און היסטעריש שרייען פון וויטאָג און פאַרצווייפלונג, די לאַגע אָבער האָבן מיר ניט געקענט ענדערן.

דער אויסוועג איז געווען אָדער שלום צו מאַכן אינגאַנצן מיט אַמעריקע, און פּיליכט אַליין באַאיינפלוסט ווערן פון דעם עכט־אַמעריקאַנישן גייסט, אָדער צו

פאַרבליבן אויף שטענדיג פאַ־כיטערטע, אַנטוישטע אייראָפּייער, וועלכע וואוינען דאָ אין אַמעריקע און ווארפן פאַרבענקטע בליקן אויף יענער זייט ים, וואו אונזער יוגנט איז פאַרגאַנגען.

דאָ, וואו פּאָליטיק איז פונקט אַזאַ געשעפט ווי אַנדערע געשעפטן, האָט דער רעוואָלוציאָנערער אידעאַליזם, וועלכן מיר האָבן אַריינגעבראַכט פון אונזער אַלטער היים, ניט געפונען קיין פּלאַץ. די קערנער, וועלכע מיר האָבן דאָ געפּרוּווט זייען, זיינען געפאַלן אויף אַ שטיינערנעם באָדן; און די פיר אָדער פינף צענדליג יאָר פון אונזער אָפּפערווילליגער אַרבעט האָבן געגעבן זייער מאָגערע פרוכט, וועלכע האָבן אונז גאָרניט געקענט ערמוטיגן.

מיר האָבן ניט געקענט זיך צופּאַסן צו די אַמעריקאַנער אומשטענדן און צו דער אַמעריקאַנער פּסיכאָלאָגיע ווי גרויס עס איז ניט געווען אונזער פאַרלאַנג דאָס צו טאָן; און צווישן אונז און דעם אַמעריקאַנעם דזשאָן און ביל איז ביז דעם היינטיגן טאָג פאַרבליבן אַ טיפער אָפּגרונט, וועלכן אונז איז דערווייל ניט געלונגען צו פאַרשיטן.

די הויפּט אויפגאַבע, וואָס איז פאַר אונז געשטאַנען און שטייט נאָך איצט אויך, איז ווי אַזוי צו געפינען דעם ריכטיגן וועג צו די הערצער פון דעם דזשאָן און ביל. ביז וואַנען אָט די אָנגעווייטאָגטע פראַגע איז ניט פאַרענטפערט, ביז וואַנען דער וועג איז ניט געפונען געוואָרן, מוזן מיר זיך פילן פרעמד און מוזן בלייבן אָן קיין שום איינפלוס אויף דער אַמעריקאַנער געזעלשאַפטלאַכער מיינונג.

איז אָבער מעגלאַך אַזאַ וועג צו געפינען? זעען מיר פאַר זיך וועלכע ס'איז ליכטיגע אויסזיכטן פאַר דער צוקונפט?

דער ענטפער איז, צום גליק, יאָ.

עס מערקן זיך אין דעם אַמעריקאַנעם לעבן נייע ערשיינונגען, וועלכע קענען אונז ערמוטיגן און קענען אונז געבן באַרעכטיגטע האָפנונגען פאַר דער צוקונפט. אין דער אַמעריקאַנער געזעלשאַפט קומען פאָר טיפע ענדערונגען, וועלכע ס'איז ניט לייכט צו באַמערקן אויפ'ן ערשטן בליק. די ענדערונגען זיינען סאַי גייסטיגע, סאַי עקאָנאָמישע.

עס מערקט זיך אַ טיפע אומצופרידנהייט ביי דער אַמעריקאַנער אינטעליגענץ מיט דעם פאַרגליווערטן גייסטיגן און פּאָליטישן לעבן פון אַמעריקע. אַזעלכע העכערע און בעסערע פאָרשטייער פון דער אַמעריקאַנער אינטעליגענץ ווי טשעיס, עדעמס, דיוּאי, בירד, האַלטן אין איין רעוואָלטירן געגן דער אַלטער אַמעריקע. זייערע ווערטער קלינגען אָפט ווי אַ שווערע באַשולדיגונג געגן די אַלטע פאָרמען פון אַמעריקאַנעם לעבן. זיי קומען אַליץ נעענטער צו אונז גייסטיג; פונקט אַזוי ווי עקאָנאָמיש האָט אַמעריקע פאַר די לעצטע יאָרן אויך געמוזט קומען נענטער צו אייראָפּע. אַמעריקע און אייראָפּע האָבן זיך שטאַרק דערנענטערט. ס'איז איצט בכלל געוואָרן איין וועלט, וואו יעדע לאַנד איז בלויז איין רינג אין דער לאַנגער קייט.

די גייסטיגע ענדערונגען פון אַמעריקע פאַר די לעצטע יאָרן זיינען מערקווירדיגע. אַמעריקע אַרבעט אויס אירע אייגענע גייסטיגע ווערטן און אירע אייגענע קולטורעלע ווערטן. זי שאַפט איצט איר אייגענע נאַציאָנאַלע קולטור, אַרויסגעבנדיג אינטערע־סאַנטע מוסטערן פון אייגענער דראַמע, אייגענעם ראָמאַן, אייגענער קונסט און

אייגענע מוזיק. געגוג צו דערמאָנען די נעמען פון טעאָדאָר דרעיזער, סינקלעיר לואיס, אַפּטאָן סינקלעיר און יודזשין אָניעל, מען זאָל זען וואס אַמעריקע האָט אויפגעטאָן אין די לעצטע יאָרן אויף דעם געביט פון ליטעראַטור און דראַמע.

אַמעריקע וואַכט איצט אויף גייסטיג, און ביסלאַכווייז הויבט זי אָן צו דער־יאָגן אייראָפּע אויך קולטורעל. פריער איז זי געווען פאַרטאָן אין מאַטעריעלער קולטור; איר גאַנצע אויפמערקזאַמקייט און ענערגיע זיינען געגאַנגען אויף איין וועג, אויף דעם וועג פון טעכנישע אויסבעסערונגען; איצט הויבט אָן אַמעריקע צו דעריאָגן אייראָפּע אויך גייסטיג, און ווער ווייסט, מעגלאַך אַז גאָר אינגיכן וועט אייראָפּע האָבן זייער פיל וואָס איבערצונעמען ביי דער אַמעריקאַנער גייסטיגער קולטור.

גאָר ניט לאַנג האָט אייראָפּע געקוקט אויף אַמעריקע פון אויבן אַראָפּ, ווי אויף דעם אומוויסנדן אויפגעקומענעם גביר; מעגלאַך, אַז אין גיכן וועט אַמעריקע דאַרפן קוקן אויף אייראָפּע ווי אויף אַן אַלטער יחסנ'טע, וואָס האַלט זיך בלויז ביי איר אַלטן יחוס און ביי איר אַלטער פאַרשטויבטער ירושה.

די ראָד פון דער געשיכטע דרייט זיך: היינט איז איין פאָלק אין דער הויך, איין ראַסע שטייט אויף די הויכע שטאַפּלען, — מאָרגן זיינען זיי שוין אונטן און אַן אַנדער פאָלק, אַן אַנדער ראַסע ווערט דערהויבן.

מיט דער גייסטיגער אויפוואַכונג פון אַמעריקע זיינען פאַרבונדן אונזערע האָפ־נונגען. צוזאַמען מיט אַ גייסטיגער אויפלעבונג מוז קומען אויך אַן אויפלעבונג אין דעם פּאָליטישן און געזעלשאַפטלאַכן לעבן פון אַמעריקע. דער פאַרשלאָפענער פּאָלי־טישער געדאַנק פון אַמעריקע מוז זיך אויך אויפוועקן; דער באַוואוסטזיין פון דעם אַמעריקאַנער מוז אויך מיט דער צייט קומען צום לעבן.

ס'איז אַ דוייערנדער פּראָצעס. עס קומט ניט פאַר אין איין טאָג, איבער איין נאַכט. עס מוז נעמען צייט.

אָבער אַמעריקע איז דאָך אַ מערקווירדיג לאַנד, מיט אַ מערקווירדיגער געשיכטע, מיט אַ מערקווירדיגן אימפּעט. דאָס, אויף וואָס אייראָפּע האָט גע'פטר'ט הונדערטער יאָרן, קען דאָ דערגרייכט ווערן פיל, פיל שנעלער.

עס מוז איצט קומען דער אַמעריקאַנער רענעסאַנס, די גייסטיגע אויפלעבונג פון אַמעריקע. און מיר זעען שוין קלאָרע סימנים פון אַזאַ אויפלעבונג. מיר דאַרפן זיך נאָר צוהערן גוט צו די נייע קלאַנגען, מיר דאַרפן זיך נאָר צוקוקן נעענטער צו די נייע ערשיינונגען פון לעבן. עס וועט זיך דאָ עפענען אַ ברייטע פעלד פאַר גייסטיגער, פּאָליטישער און געזעלשאַפטלאַכער אַרבעט.

דער אַמעריקאַנער רענעסאַנס קומט; אָבער ער טאָר אונז ניט געפינען ניט קיין צוגעגרייטע אָדער אַנטמוטיגטע, מיט אַראָפּגעלאָזענע הענט. מיר דאַרפן זיך צוגרייטן צו דער נייער צייט, וואָס קומט אָן.

אויב די נייע צייט וועט אונז געפינען ניט קיין צוגעגרייטע, נאָר אַנטוישטע און פאַרצווייפלטע, וועט זי אונז בלויז אָפּשטויסן אָן אַ זייט און וועט גיין איר וועג פאַרויערטס אָן אונז, אָן די, וועלכע טרוימען וועגן איר אַזוי לאַנג.

אונזער גורל וואָלט דאַמאָלסט געווען באמת אַ טראַגישער; וואָס קען זיין טראַגישער, ווי אונטערצוגיין גראַד אין דעם געגאַרטן מאָמענט, ווען דער ווייטער ציל ווערט אַלץ נעענטער און נעענטער און האַלט שוין באַלד ביים דערגרייכט ווערן?

ה. לאַנג:

# עטלאַכע געדאַנקען

(וועגן פאַרבאַנד)

אודאי ווילט זיך ניט זיין וואָכעדיג ביים יובילעי פון פאַרבאַנד; זיך פאַר־יום־טוב'ן איז אָבער שווער. געברויכן די יום־טוב פראַזע, וואָס אַ יובילעי רופט געוויינלאַך אַרויס, וואָלט געווען ניט אויפריכטיג. די צען יאָר, וואָס זיינען אַוועק, האָבן איבערגעלאָזן אַן אומגעבונג, אין וועלכער אידישע סאָציאַליסטן מוזן זיך פילן איינזאַם. שוין דער פאַקט, וואָס דער פאַרבאַנד, וועלכער איז געקומען ווי אַ רעוואָלוציע אין דער אידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג פון אַמעריקע, איז קיין בויענדער כח ניט געוואָרן, איז געבליבן שטיין ביי זיין צווייטן אָדער דריטן טראָט, רעדט גאָר אַ סך—רעדט אין אַן אומעטיגן טאָן, אַ ליד פון עלנד, אַ געשיכטע פון זאָרג. ווי אַזוי זעט אויס די אידישע אַרבעטער באַוועגונג היינט צו טאָג?

* * *

מ'קוקט גלייך אויף די יוניאָנס, ווען דער טערמין „אידישע אַרבעטער באַוועגונג" ווערט אַוועקגעשטעלט. דאָס איז אַ פּראָבלעם פאַר זיך אַליין. „אידישע יוניאָנס", דער אויסדרוק, איצט, פּאַסט זיך אפשר ניט. מיט אַ פּול מויל זאָגט מען אים שוין סאַי ווי ניט אַרויס. פאַראַן עטלאַכע צענדליג טויזנט אידישע אַרבעטער אין אַ גרופּע יוניאָנס; דער כאַראַקטער פונ'ם כלל, פון די אָרגאַניזאַציעס, ווערט פון זיי ניט באַשטימט. אַמאָל איז דאָס, פאַרשטייט זיך, אַנדערש געווען. אין די אַזוי גערופענע אידישע טריידס שפּילן איצט די דאָמינירנדע ראָל אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן. אַזוי איז דאָס אפילו דאָרטן, וואו אידן זיינען נאָך אין אַ מאַיאָריטעט. די מאַיאָריטעט ווערט אַלץ קלענער און קלענער, אָפט אומבאַמערקט, און דער לעבנס־שפּיל פון דורות האָט אויך אַן אומגעהויערע ווירקונג. אין די טרעידס, וואו אידן האָבן אימער פאַרנומען די ברייטסטע פּאָזיציעס, איז צו מייסטנס געבליבן אַ אידישער אַרבעטער־עלעמענט פונ'ם עלטערן דור. יוגנט איז ניט צוגעקומען. דער אָפּשטעל פון אימיגראַציע פון איין זייט, פון דער צווייטער זייט די נייגונג ביי דער אויסגעהאָדעוועטער אידישער יוגנט אין אַמעריקע זיך אַוועקצוציען פונ'ם שאַפּ־לעבן פון די פאַטערס, און טאָקע וואָס שנעלער און וואָס ווייטער, זיינען די אידישע אַרבעטער־פּאָזיציעס אין די טרעידס ממילא געבליבן נאָר פאַר דעם עלטערן אימיגראַנט. ניט אַזוי איז ביי די אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן. זיי ברייננען יאָ אַריין יוגנט אינ'ם שאַפּ־לעבן, די זין מיט די טאַטעס, אָדער די זין אויף די פּלעצער פון די טאַטעס. דער נאַציאָנאַליטעטן־קאַמף איז דערפאַר אַן אומגלייכער. דער עלטערער איד און דער יונגער איטאַליענער — דער איד פאַרלירט. און מאַשין־אַנטוויקלונג פאַרגרעסערט די טראַגעדיע. יעדע ענדערונג אין דער שאַפּ־ווירטשאַפט וואַרפט אַרויס גרופּעס אידישע אַרבייטער, און פאַר זיי צו גיין אַנדערש־וואו ווערט שווער און שווערער. זיי הערן דערפאַר אויף צו זיין די באַשטימער אפילו פון זייערע אייגענע אינטערעסן, וואָרים יעדע יוניאָן מוז שוין

דיכטן אירע טעטיגקייטן, זיך רעכענענדיג הויפטזאכלאך מיט דעם ניט־אידישן עלעמענט אין די טרעידס. אויך דאָס קומט פּאָר כמעט אומבאמערקט. ס'איז אזוי צו זאָגן, א „נאַטירלאַכער פּראָצעס". דער אידישער כאַראַקטער גייט־אָפּ פון די יוניאָנס, און מיט דעם — די ווירקונג פון דער אידישער סאָציאַליסטישער באוועגונג.

* * *

דאָס אידישע אַרבעטער־לעבן אין אַמעריקע היינט צו טאָג, דאָס אַרבעטער־לעבן פון אונזער דור מיט'ן אימיגראַנטישן כאַראַקטער, איז עקאָנאָמיש א טראַגעדיע. און די טראַגעדיע איז פיל טיפער ווי זי זעט זיך אָן פון אויבן־אויף. אָן אויס־פאָרשונג אין די טרעידס (ספּעציעל ביי מענער־שניידעריי) ווערט באוויזן, אז טירן פון א טייל אידישע שעפּער זיינען אינגאַנצן פאַרקלאַפּט געוואָרן פאַר אידישע אַרבעטער. ביסלאַכווייז זיינען גאַנצע שעפּער אַריבער אין איטאַליענישע הענט. די פירמעס זיינען געבליבן אידישע ; די פּראָדוקציע צוגייט זיך אין די אידישע קוואַרטאַלן ; אידישע מאַנופעקטשורערס און אידישע קלאָדינג־סטאָרס, און אידישע קונים, אָבער צו דער אַרבעט ווערן אידן ניט צוגענומען. דירעקטע רשעות שטעקט דאָ אפשר ניט. אָן אָנגעזעענע צאָל איטאַליענישע אַרבעטער אין א שאַפּ, ווערט דער פאָרמאַן אַן איטאַליענער, און לאַנדסלייט זאָרגן פאַר לאַנדסלייט, און עס קומט צו א מינימום אידן, און דאַן גאָרניט קיין אידן. עקאָנאָמיש א טראַגעדיע — פאַלן שאָטנס פון שאַפּ־דיסטריקט אַריין אין די אַרבעטער־היימען, און די הערשנדע שטימונג איצט אין די אידישע אַרבעטער־היימען איז — כעס אויף די יוניאָנס, א פרעסנדע ביטערקייט. און אין די אידישע אַרבעטער־היימען איז דאָך איינגע־וואָרצלט, אז יוניאָנס דאָס זיינען סאָציאַליסטן, איז דער קרענקלאַכער געפיל גע־ווענדט צו די סאָציאַליסטן. אויסערהאַלב יוניאָנס, ווערן סאָציאַליסטן רעספּעקטירט אינ'ם אידישן לעבן. דער אידישער טרעיד־יוניאָניזם האָט אַמאָל פאַרמאָגט שפּאַ־נונג, דראַמע, אויך א פּאָעטישן אידעאַליזם ביז אבסאָלוטן זעלבסט־אָפּפער, און א פאַרהייליגונג פונ'ם סטרייקער, פונ'ם פּיקעט, און תורה איז אין אים געווען — די קאָלעקטיווע אַגרימענטס מיט אַלערליי פּירושים. דאָס איז געווען אזוי צוגע־פּאַסט צו דעם אידישן גייסט. דאָס איז איצט אַוועק.

* * *

אין אַזאַ געמיט־צושטאַנד ווי עס זיינען איצט די אידישע אַרבעטער צו די טרעידס און די יוניאָנס זייערע, א געמיט־צושטאַנד א רעזולטאַט פון זייער עקאָנאָ־מישן צוזאַמענברוך, זיינען אין ממשלה צוויי פינסטערע כוחות — די וואולגאַרע רעוואָלוציאָנערע פראַזע און ציניזם, וואָס פירט צו קאָרופּציע. זיי גייעןביידע האַנט אין האַנט. די „רעוואָלוציאָנערע באַגייסטערונג" פאַר „מאַקסימאַלע פאָדע־רונגען" צום באַלעבאָס איז אָפט שפּייז פאַר קאָרופּציע. און איך מיין דאָ ניט אומערלאַכקייט פון באַאַמטע. די פראַגע פון ערלאַכקייט אין יוניאָן־עמטער שאַפט צומישעניש אין אָרגאַנען פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. געהעריג פּסק'ענען איז שווער. ס'טרעפט, אויף אַן ערלאַכן האַנגלט מיט באַשולדיגונגען, און אַן אומ־ערלאַכער קריגט א פרייען פּאַספּאָרט. אין פאַרלויף פון די צען יאָר פאַרבאַנד,

איז דער פאַרבאַנד טייל מאָל געגאַנגען טראָט אין טראָט פון דער פריערדיגער „פעדע־ראַציע”, געגן וועלכער ער האָט רעוואָלטירט, געניט „געלע לאַטעס” אויף יוניאָן־באַאַמטע, און דער אמת איז מער ווי איין מאָל געווען אין אַן אַנדער ריכטונג. דירעקטע אומערלאַכקייט אין יוניאָן־לעבן איז שווער צו באַווייזן. ביי יעדער באַ־שולדיגונג קענען זיין צווייערליי פאַקטן. און ניט אַלע מאָל קומען די באַשולדיגער אויף ריינע מלאָכים־פליגלען. די געפאַלענע מאָראַל פון'ם אידישן טרעיד יוניאַניזם ליגט אויפ'ן פונדאַמענט, אָפּגעזען פון באַאַמטע. איר געדענקט מסתמא, אַז פון די ברען־פונקטן אין אַלע צוזאַמענשטויסונגען צווישן יוניאָנס און באַלעבאַטים איז געווען דיסקרימינאַציע אויף יוניאָן־טעטיגקייט. באַלעבאַטים האָבן זיך געהיט פון אַקטיווע יוניאָן־לייט. זיי האָבן טרייע יוניאָן־מיטגלידער אַנטזאָגט פון דער אַרבעט. אַ טרייער יוניאָן־מיטגליד איז אודאי געווען דער, וועלכער האָט זיך באַטיי־ליגט אין יוניאָן־מיטינגען, זיך גע'קהל'ט אַרום דער יוניאָן. ער איז אָפּט געווען אַ מאַרטירער, און די יוניאָן האָט אים געזוכט צו באַשיצן. אַלע ביטערקייטן אין סטרייקס האָבן זיך דערפון גענומען. מיט רעכט האָט יעדער יוניאָן געשטעלט אין קאָן איר עקזיסטענץ פאַר דעם שוץ פון אירע פאַרקעמפּער. בלעטערט די געשיכטע פון יוניאָנס און איר וועט דאָס געפינען אַלס דעם וויכטיגסטע קאַפּיטל. מ'האָט אָפּגעשטעלט טרעידס דורך סטרייקס פאַר דעם, און וועגן דעם זיינען אָנגעגאַנגען די וויכטיגסטע אַרביטריישאָן־פאַרהאַנדלונגען. פּרינציפּ און מעטאָדע זיינען אין דעם געווען פאַרוויקלט. פון'ם קלאָוקמאַכער סטרייק אָן, אין יאָר 1910, און אַלע ווייטערע סטרייקס, אין אַלע טרעידס, איז דאָס געווען פון די וויכטיגסטע שטרייט־פראַגעס. און ווען דאָס איז אויסגעפאָכטן געוואָרן, און אין אַלע טרעיד־אַגרימענטס איז יוניאָן־טעטיגקייט געוואָרן ניט נאָר אַן אַנערקענטע רעכט, נאָר אַ פעסט־גע־שטעלטע פליכט, האָט דער אידישער טרעיד־יוניאַניזם מיט דעם שטאָלצירט. און דער אַמעריקאַנער טרעיד־יוניאַניזם איז פון אים באַאיינפלוסט געוואָרן. אַ צירונג און אַ הייליגקייט אינ'ם אידישן טרעיד־יוניאַניזם, וואָס איז דערפון געוואָרן? ערשט דער נאָענטער צו אַ יוניאָן, דער אַרבעטער, וועלכער קהל'ט זיך אַרום דער יוניאָן, ווערט געזוכט פון'ם באַלעבאָס, וועלכער וויל זיך אויסהיטן פון דער יוניאָן. אַ טייוולאָניש געלעכטער. איר האָט דורכגעמאַכט בלוטיגע סטרייקס כדי דער, וועלכער איז אַקטיוו פאַר דער יוניאָן, זאָל ניט אַרויסגעוואָרפן ווערן פון שאַפּ; דער „אַקטיווער יוניאָן־מאַן” ווערט איצט געהאַלטן אין שאַפּ, כדי די יוניאָן זאָל ניט זיין צו־אַקטיוו אַרום דעם שאַפּ. דאָס איז די קאָרופּציע. דער פונדאַמענט פון יוניאָניזם איז אונטערגעשלאָגן. יוניאָנס זיינען געוואָרן אַגענטורן פאַר הייפעלאַך אַרבעטער, די מער פייאיגע צו זיין אין פראָנט. און דאַרף מען אויסרעכענען אַלע ווילדע געוויקסן איצט אינ'ם יוניאָן־לעבן? קיין געזעלשאַפטלאַכן כוח שטעלן די יוניאָנס מער ניט פאָר, וואָס קען זיין זייער שייכות מיט דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג?

* * *

דער פאַרבאַנד איז געווען אַ האָפענונג. ער איז געבוירן געוואָרן אין דער צייט, ווען „רעוואָלוציאָנערע אָראַטאָריע” צו אידישע אַרבעטער אין אַמעריקע איז שוין געווען ניט נאָר באַנאַל, לאַנגווייליג, און ניט נאָר וואולגאַר, אָפּשטויסנד, נאָר

טאקע א דארבענדע ווירקונג האט זיך שוין דערפון געזען. ווי א צענטער פון אידישע סאָציאַליסטן האט ער געזאָלט ווערן דער קוואַל פון פאַראַנטוואָרטלאַכע כוחות פאַר די אינטערעסן פון די אידישע ארבעטער. און ער איז געווען אַ האָפנונג פאַר פיל מער — ער וועט גיין אויף די אמעריקאַנער וועגן אויף וועלכע דאָס גאַנצע אַמעריקאַנער אידישע לעבן ריכטעט זיך, און ער וועט אויף אַזאַ שטייגער ווירקן פאַר טיפערע סאָציאַליסטישע סענטימענטן אינ׳ם אידישן לעבן. דאָס איז אייגנטלאַך געווען זיין פליכט אלס א טייל פון דער אַלגעמיינער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. ער האט אזוי אנגעהויבן גיין, און איז געבליבן שטיין. זיין פּנים איז איצט צו אַמעריקע ניט געווענדט. אַ צופעליג ראַדיקאַלע גרופּע, וואָס „קיבעצט״ די אמעריקען פעדערייישאַן אָוו לייבאָר, איז זיין גאַנצע אמעריקאַנישקייט. און מיט אַן איבערזעצטע רעדע, צופעליג געהאַלטן פון אַן אמעריקאַנער סאָציאַליסט, קומט ער אָפּ זיין חוב. און דערביי איז אינטערעסאַנט — וויכטיגע אמעריקאַנער סאָציאַליסטישע רעדנער פאַר אידישע צוהערער ווערן אָפטער געבראַכט אין די אידישע בירגערלאַכע קלאַבס ווי אויף די פּלאַטפאָרמעס פון פאַרבאַנד. דער גרויסער אויסשפּרייט פון נייע אידייען איצט אין אמעריקאַנער לעבן, סאָציאַלע אידייען, פּייערלאַך וואָס זאָגן אָן דערנענטערונגען צום סאָציאַליזם, גרייכט אים ניט. ער איז אזוי אָפּגעזונדערט אינ׳ם אייגענעם ווינקל, אז די ברייטערע אמעריקאַנער וועלט איז אים פרעמד, און אַפילו טרעיף. און פרעמד איז אים אויך דאָס ברייטע אידישע לעבן אין אַמעריקע. סאָציאַליסטן איבער דער גאַנצער וועלט וואַרימען די שטרעבונגען פון זייערע פעלקער; אינ׳ם אידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד איז דאָ אזוי ווייניג אידישע פאָלקס-וואַרימקייט, אז אַ סאָציאַליסטישע פאַרטיי פון פאַלעסטינע איז אויך ניט פון זיין פאַמיליע. אין ציוניזם זעט ער רעאקציע; אין אידישיזם מיט א ווינקלדיגען נאַציאָנאַליזם זעט ער פּראָגרעס. ער טרייבט דאָס ערשט און האלזט דאָס צווייטע. ס׳איז בכלל שווער צו אורטיילן דעם איצטיגן כאראקטער פון פאַרבאַנד. ווי אַן אמעריקאַנער סאָציאַליסטישע פאַרטיי-אָפּטיילונג, לאָזט ער פון זיך קוים הערן; ווי אַ אידישע אָרגאַניזאציע, טרעט ער אפילו ניט ארויס אין אידישע ענינים, וואס זיינען פון אים ניט גע׳פּסל׳ט געוואָרן. אָפט איז ער גאָר ווי אַן אַגענטור פון אויסלענדישע גרופּירונגען, הויפּטזעכליך פון פּוילישן בונד. וואס איז ער אַליין? שווער צו זאָגען און שווער צו זיין יום-טוב׳דיג ביי זיין איצטיגן יובילעי....

* * *

איך בין זיכער, אַז גאָר אַ סך פאַרבאַנד-גענאָסן וועלן זיך ניט אונטערשרייבן אונטער די קריטישע באַמערקונגען. זיי וועלן זיי צוריקוואַרפן. איך בין אָבער אויך זיכער, אַז ביי אַ סך פאַרבאַנד-גענאָסן איז דאָס אויפ׳ן הארצן. אומשטענדן זיינען דאָ מער שולדיג ווי די אָדער יענע גרופּע מענשן. אפשר איז נויטיג, אז די אמעריקאַנער אידישע סאָציאַליסטן פון דער אַלגעמיינער פאַרטיי זאָלן ווערן מער אַקטיוו אין די פאַרבאַנד-ברענטשעס און אין דער פאַרבאַנד-פירערשאַפט? אפשר איז נויטיג אַן איבערסאָרטירונג פון די אידייען, שטרעבונגען און שטימונגען, וואָס האָבן זיך אָנגעקליבן אינ׳ם פאַרבאַנד? די אַנגעוואָרפענע געדאַנקען פאָדערן געוויס אַ טיפע פאַרטראַכטונג און אַ ברייטע דיסקוסיע.

הלל ראָגאָף:

# אַ לעסאָן פון דער פּראָספּעריטי און איר יורש, דער קריזיס

די פּראָספּעריטי וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט די לעצטע מלחמה יאָרן און זיך געענדיגט מיט אַ קורצער צייט צוריק, האָט פאַרצייכנט אַ געוואַלדיגן פאָרט־שריט פאַר דער אַנטוויקלונג פון גרויס קאַפּיטאַל אין אַמעריקע. עס איז זיך שווער פאָרצושטעלן אַז עס וואָלט מעגלאַך געווען אונטער נאָרמאַלע אומשטענדן פאַר די גרויסע באַזיצער פון קאַפּיטאַל אַריינצונעמען אַזוי פיל מאַכט אין זייערע הענד, ווי זיי איז עס געלונגען צו טאָן אין די פיבערשע יאָרן פון דער מלחמה און פון דעם קריגערישן פרידן.

פריער ווי אַלץ האָט די פּראָספּעריטי מיטגעבראַכט אַז די באַציאונג פון די גרויסע מאַסן צו גרויס קאַפּיטאַל זאָל זיך ענדערן. ביז דעם אויסברוך פון דעם וועלט קריג האָט דער גרויסער עולם אין אַמעריקע געקוקט מיט קנאה און פאַר־דאַכט און אונצופרידנקייט אויף די טראַסט מאַגנאַטן און באַנקירן. אַ גרויסער קאַ־פּיטאַליסט האָט דאַן ניט געקענט האָפן ערוויילט צו ווערן צו אַ הויכן רעגירונגס־אַמט. אין וואַשינגטאָן איז דער קאָנגרעס אימער געווען ביזי מיט זוכן נייע וועגן, נייע געזעצן ווי אַזוי איינצוצוימען די געלד מענשן. יעדער קאָנגרעס האָט געפונען פאַר נויטיג צו באַשטימען קאָמיטעס אויסצופאָרשן די פאַרברעכנס אָדער די זינד פון דער אָדער יענער געלד־גרופּע. אַ פּאָליטיקער וואָס האָט געזוכט אויפצו־בויען פאַר זיך אַ נאָמען צווישן די גרויסע מאַסן, האָט פאַרדאַמט די גרויסע קאַ־פּיטאַליסטן. אין יעדער פּאַרטיי פּלאַטפאָרמע זיינען אַריינגעשריבן געוואָרן פאַר־שפּרעכונגען וועגן מיטלען צו באַשיצן דאָס לאַנד געגן די געפערלאַכע מאַכט פון גרויס קאַפּיטאַל.

די פּראָספּעריטי האָט געבראַכט אַ גרויסע ענדערונג אין דער באַציאונג פון דער עפענטלאַכער מיינונג. דער גרויסער אַמעריקאַנער עולם האָט זיך פּלוצלונג דערפילט אַלס איינער פון דעם קאַפּיטאַליסטישן קלאַס. מיליאָנען מענשן, וועלכע האָבן פריער אפילו ניט געוואַגט צו חלום׳ען וועגן אַרויסרייסן זיך פון זייער אָר־בעטער אָדער מיטל־קלאַס, האָבן פּלוצלונג גענומען ספּעקולירן מיט סטאָקס און באָנדס און דערזעען פאַר זיך מעגלאַכקייטן צו ווערן רייך. די ווילדע בערזע געמב־לעריי האָט באַשאַפן אַ בריק צווישן די קלאַסן. אַלע זיינען מיט אַמאָל געוואָרן „גלייכע יחסנים״.

די גרויסע קאַפּיטאַליסטן האָבן פאַרשטאַנען ווי אַזוי דעם פּסיכאָלאָגישן מאָמענט אויסצונוצן. ניט נאָר האָבן זיי באַנוצט די געלעגנהייט אויפצובויען אינדוסטריעלע קאָמבינאַציעס, וואָס דער געזעץ האָט פאַרבאָטען, זיי האָבן אויך גע־שאַפן „מעגלאַכקייטן״ פאַר די גרויסע מאַסן צו ווערן „שותּפים״ אין זייערע פאַר־גרעסערטע אונטערנעמונגען. זיי האָבן געמאַכט אַמאַלגאַמיישאָנס און מאָיר־

דזשערם און איינגעלאַדן די מאסן צו קויפן די באָנדס און סטאַקס אַלס אַ זיכערער מיטל רייך צו ווערן. דער עולם האָט זיך געלאָזט פאַרפירן. מיליאָנען זיינען גע־קומען אויף דער פרעמדער חתונה וואס גרויס קאַפיטאַל האָט געפייערט. מען האָט זיי דארטן געלאָזט אביסל א טאַנץ טאָן, זיי צוגעוואָרפן כלומר'שט אַ שטיקל לעקאַך און דערנאָך זיי געשיקט האלב פאַר'שיכור'טע, האלב צודולטע צוריק צו זיך אהיים.

די חתונה האָט זיך שוין לאַנג געענדיגט. שוין צוויי יאָר אז דער נאַרישער טאַנץ איז פאַראיבער. דער גרויסער עולם האָט זיך שוין פון זיין שיכרות אויס־געניכטערט. ער ווייס שוין איצט אז ער איז דאַן געווען א נאַר. אָבער די חברה וועלכע האָבען אים פארדרייט די קאָפּ זיינען געבליבן ביי דאָס זייעריגע. פאַר זיי איז די חתונה געווען דער גרעסטער גליק, דער בעסטער געווינס.

גרויס־קאַפיטאַל איז היינט בעסער פאַראייניגט, שטאַרקער אָרגאַניזירט, מעהר מעכטיג ווי ער האָט ווען עס איז געהאָפט צו זיין. אַמעריקאַנער גרויס קאַפּיטאַל איז איצט קעניג ניט בלויז אין זיין אייגענער לאַנד, נאָר טאַקע הערשער איבער דער גאַנצער וועלט.

דאָס וואס אמאָל פלעגט געטאָן ווערן באהאלטענערהייט ווערט איצט געטאָן אָפן און קיינער וואונדערט זיך אפילו ניט. אמאָל אז דער פּרעזידענט אין וואַ־שינגטאָן פלעגט זיך וועלן מישב זיין מיט א פאָרשטייער פון גרויס קאַפּיטאַל, פלעגט ער מורא האָבן איהם איינצולאַדן צו זיך. היינט ווערן אזוינע קאָנ־פערענצן אָפּגעהאַלטן מיט גרויס פאַראַד און מיט גרויס פּובּליסיטי. עס שאַפט זיך דער איינדרוק אַז דער פרעזידענט האַלט עס גאָר פאַר א כבוד ווען די גרויסע באַנקירן אָדער אינדוסטריעלע מאַגנאַטן ווילִיגן איין צו אים צו קומען און לאָזן אים פאַרנעמען זייער צייט.

און היינט ווערט קיין איין וויכטיגער שריט אין פינאַנציעלע אָדער אינ־דוסטריעלע אַנגעלעגנהייטן ניט גענומען אין וואַשינגטאָן אָן א באַראַטונג מיט די פאָרשטייער פון קאַפּיטאַל. עס ווערט אויף אזא אופן צוגעגעבן, אז די רעגי־רונג שטייט אין דינסט פון גרויס קאַפּיטאַל, אז די רעגירונג אונטערנעמט בלויז אזוינע שריט וועלכע ווערן פריער גוטגעהייסן פון די פאָרשטייער פון קאַפּיטאַל.

און דאָס מערקווירדיגסטע איז, אז קיינער האַלט עס ניט פאַר אויסערן ווער, קיינער זעט ניט אין דעם א פאַרשוועכונג פון די פליכטן און אויפגאַבן פון דער רעגירונג!

עס ווערט פון גאַנצן לאַנד איצט פאַקטיש אַנערקענט אַז גרויס קאַפּיטאַל רע־גירט. וואָס באַווייזט עס אַלץ?

עס באַווייזט, אַז די גרויסע מאַסן פון אַמעריקע האָבן ענדלאַך אַנערקענט אַן אמת, וועלכן זיי האָבן אין די פריערדיגע יאָרן ניט געוואָלט אַנערקענען. אַמאָל, פאַר דער מלחמה, האָבן זיי זיך געלאָזט איינשמועסן, אַז די רעגירונג איז זייערע, אַז זיי קענען האָפן דאָס די מאַכט פון דער רעגירונג וועט זיי באַשיצן געגן דער מאַכט פון גרויס קאַפּיטאַל. אַמאָל, פאַר דער מלחמה האָבן די גרויסע מאַסן גע־גלויבט, אַז עס איז מעגלאַך צו האָבן צוויי באַזונדערע קעניגרייכן אין לאַנד, איינע איבער דער פּאָליטיק און די צווייטע איבער דער עקאָנאָמיק.

איצטער ווייסט דער עולם, אז דאָס איז א טעות. ער ווייס אז די צוויי הער־שאַפטן האנדלען צוזאמען, טוען זייער ארבעט בשותפות. דער עולם ווייסט, אדער ער אנערקענט עס אינסטינקטיוו, אז די מענשן, וואָס האָבן קאָנטראָל איבער די עקאָנאָמישע כוחות פון לאנד, האָבן ממילא אויך קאָנטראָל איבער די פּאָליטישע כוחות. ער זעט, אז עס איז אזוי, און ער אנערקענט, אז אזוי מוז עס זיין.

די נייע באציאונג פון די גרויסע מאסן צו גרויס־קאַפּיטאָל קען אפשר אויס־ווייזן אלס אן ערגערע, ווי די פריערדיגע. עס איז אמת, אז דיזע באציאונג איז לכתחילה געשאפן געווארן דורך א נארישן פּראָספּעריטי־טרוים, דורך א פּראָס־פּעריטי שיכרות, וואָס האָט קיין האַפט ניט געהאַט. אָבער איצטער, נאָכדעם ווי דער טרוים האָט זיך אויסגעוועבט, וועט די נייע באַציאונג ברענגען גרויסע נוצן. דער עולם וועט איצטער גיכער קענען באגרייפן די אמת'ן פּראָבלעמען פון דער פּאָליטישער און עקאָנאָמישער ארדנונג אין וועלכער מיר לעבן. ער וועט איצט קענען לייכטער פארשטיין דעם ענטפער וואס די סאָציאַליסטן גיבן אויף די פּראָבלעמען.

דער גרויסער אמעריקאנער עולם פאנגט איצטער ענדלאך אָן צו באגרייפן אז פּאָליטיק און עקאָנאָמיק מוזן גיין צוזאמען, אז אום צו האָבן מאכט אין איין פעלד, מוז מען באזיצן די מאַכט אין דעם צווייטן פעלד. די פאָרשטייער פון קאַ־פּיטאָל האָבן עס אימער געוואוסט און דערפאר האָבן זיי אימער טאקע געהאַט די מאכט אין זייערע הענד. די גרויסע מאסן הויבן עס איצט אָן צו באגרייפן. און זיי וועלן מיט דער צייט לערנען, ווי אזוי די פארשטענדנים אויסצונוצן אין זייער פראַקטישן, פּאָליטישן און עקאָנאָמישן לעבן.

דאָס איז איינער פון די וויכטיגע לעסאָנס, וואס די פּראָספּעריטי און איר יורש, דער קריזיס האָט געלערנט די גרויסע מאסן. א גוטער, א נויטיגער לעסאָן.

ר. אבראמאָוויטש:

# צען יאָר סאָציאַליסטישער אינטערנאַציאָנאַל

דאָס יאָר 1921 איז געווען דאָס יאָר פון היסטאָרישן איבערברוך אין דער ענטוויקלונג פון דער אינטערנאַציאָנאַלער ארבעטער־באַוועגונג נאָך דער מלחמה.

די גייסטיגע מהומה, וואָס איז אנטשטאַנען אין דעם אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליזם אין די יאָרן פון דער מלחמה און פון די רעוואָלוציעס 1917־1918, האָט דערגרייכט דעם העכסטן פונקט ענדע 1920, ווען דער איינפלוס פון דעם רעוואָלוציאָנערן באָלשעוויזם אין דער גאַנצער וועלט איז געשטאַנען אויף דעם העכסטן פונקט און דורך אַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען פון דער וועלט איז אַדורך אַ כוואַליע פון צושפּאַלטונג און אידעאישער צושיידונג.

דאָס איז געווען די צייט, ווען די רויטע אַרמיי האָט מאַרשירט אויף וואַרשע און עס האָט זיך געדוכט, אַז אָט־אָט וועט די רוסישע באָלשעוויסטישע רעוואָלוציע פאַרפלייצן פּוילן און דייטשלאַנד און וועט ליפערן די לעצטע אנטשיידנדע שלאַכט צו דעם מערב-אייראָפּעאישן קאַפּיטאַליזם אויף די ברעג־געס פון רהיין. דאָס איז געווען די צייט, ווען דער אייראָפּעאישער קאַפּיטאַליזם האָט זיך אויסגעדוכט צו זיין אַזוי טיף דערשיטערט, אַז מען האָט זיך גאָר נישט געקאָנט פאָרשטעלן, אַז ער זאָל ווען עס איז קומען צו זיך. אַלס אַ מעכטיגער פאַקל איז אויפגעגאַנגען דער שטערן פונ'ם דריטן אינטערנאַציאָנאַל, און אַן איינזאַמער, אַ פאַרלאָזענער, אָן מאָראַלישן פּרעסטיזש און איינפלוס אויף די ברייטע מאַסן, איז געשטאַנען דער רעשטל פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, אין וועלכן עס זיינען נאָך געבליבן עטלאַכע רעכטע פּאַרטייען. אין זומער און הערבסט 1920 האָט מען אויף די גאַסן פון מאָסקווע און אין די זיצונגס־זאַלן פון קרעמל געקאָנט באַגעגענען די שליחים פון כמעט אַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען פון דער וועלט, וואָס זיינען געקומען קיין מאָסקווע, כדי צו פאַרהאַנדלען וועגן אַריינטרעטן אין קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל. מען האָט דאָרטן געקאָנט טרעפן קריספּין און דיטמאַן פון דער דייטשער אומ־אָפּהענגיגער פּאַרטיי, וואָס האָט זיך יעמאָלט אַרויסגעוויזן אַלס די שטאַרקסטע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי אין דייטשלאַנד. מען האָט דאָרט געזען די כאַראַקטעריסטישע פּנים'ער פון מאַרסעל קאַשען און פראָסאַר, וואָס זיינען געקומען אין נאָמען פון דער פראַנצויזישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי; דעם קלוגן פּראָפּיל פון סעראַטי און די ווייסע פּאַטריאַרכאַלישע באָרד פון דאַראַגאָנאַ, אַרום וועלכער עס האָט אַרומגעטאַנצט די קליינינקע שוואַרצינקע באַלאַבאַנאָוואַ, וואָס האָבן פאָרטראַטן די איטאַליענישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי; אַ גרויסע דעלעגאַציע איז געקומען פון דער ענגלישער אַרבעטער־פּאַרטיי און די טרייד־יוניאָנס, און אין מאָסקווער גרויסן טעאַטער האָט בען טורנער און מרס.

סטאודען, פיליפ סנאוּאָען׳ס פרוי, געזונגען שבתים צו דער רוסישער באָל־שעוויסטישער רעוואָלוציע. דאָס בונטע און פילפאַרביגע בילד האָבן פאַר־פולשטענדיגט דעלעגאַטן פון אַמעריקע, שווייצאַריע, האָלאַנד, שפּאַניען, שוועדן, נאָרוועגן און צענדליגער אַנדערע קלענערע און גרעסערע סאָציאַליסטישע פּאַר־טייען פון דער גאַנצער וועלט. ביי זינאָוויעוו׳ן אין פּאָרצימער איז מען גע־שטאַנען אין „לאַין״, כדי צו דערשלאָגן זיך דעם כבוד אריינגענומען צו ווערן אין דעם דריטן אינטערנאַציאָנאַל, און נאָר די גאָר גרויסע און חשוב׳ע געסט זיינען זוכה געווען דערלאָזן צו ווערן אויף אַן אוידיענץ צו לענינען און באַ־קומען פון אים אינסטרוקציעס, ווי אַזוי ווייטער צו פירן דעם רעוואָלוציאָנערן און סאָציאַליסטישן קאַמף אין זייערע לענדער.

אָבער דער דריטער אינטערנאַציאָנאַל האָט נישט אַלעמען אריינגעלאָזן אין זיין הייליגטום. ער האָט געשטעלט באַדינגונגען. אַמאָל 21, אַמאָל ווייניגער, אַמאָל מער. און דער פּרעסיטזש פון דער רוסישער רעוואָלוציע און פון איר אינטערנאַציאָנאַל איז געווען אויף אַזויפיל גרויס, אַז אויף דער קאָמאַנדע פון זינאָוויעוו׳ן האָבן זיך געשפּאָלטן אין אייראָפּע די שטאַרקסטע סאָציאַליס־טישע פּאַרטייען. עס האָט זיך געשפּאָלטן די איטאַליענישע פּאַרטיי, עס האָט זיך געשפּאָלטן די פראַנצויזישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי (דער איצטיגער פראַנ־צויזישער מיניסטער־פּרעזידענט פּיער לאַוואַל איז געשטאַנען יעמאָלט אויף דעם לינקן פליגל פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, וואָס האָט נישט אַנדערש געוואָלט גיין צום דריטן אינטערנאַציאָנאַל, און לעאָן בלום, פּאָל פּאָר, בראַק זיינען געווען פאַר אים צו רעכטע, צו גרויסע אָפּאָרטוניסטן!), אָבער אויך די קלענערע פּאַרטייען האָבן זיך געשפּאָלטן לויט דעם באַפעל פון מאָסקווע. און איך דאַרף זיכער נישט דערמאָנען די גענאָסן אין אַמעריקע, ווי אַזוי די שפּאַל־טונג איז דורכגעגאַנגען אויך אין זייערע רייען.

אָבער די ערשטע באַגייסטערונג פאַר דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע, וואָס האָט ארומגעכאַפּט די סאָציאַליסטישע באַוועגונג פון דער גאַנצער וועלט, איז באַלד אָפּגעשוואַכט געוואָרן. דער פּרואוו צו טראָגן די וועלט־רעוואָלוציע קיין אייראָפּע אויף די באַיאָנעטן פון דער רויטער אַרמיי האָט געליטן אַן אנטשיידנדע מפּלה אונטער די טויערן פון וואַרשע. אין דער זעלביגער צייט איז קלאָר געוואָרן דער עקאָנאָמישער צוזאַמענברוך פון „מיליטערישן קאָמו־ניזם״ אין רוסלאַנד, און קיינע פּאַראַדן אויף דעם רויטן פּלאַץ אין מאָסקווע האָבן נישט געקאָנט מער פאַרדעקן פאַר די אויגן פון די אויסלענדישע דעלע־גאַטן דאָס אמת׳ע בילד פון שרעקלאַכן הונגער, וואָס איז אויסגעבראָכן אין סאָוועט־רוסלאַנד. דער אויפשטאַנד פון די קראָנשטאַטער מאַטראָסן און לע־נינ׳ס טיילווייזער צוריקקער צום קאַפּיטאַליזם („נעפּ״) האָבן געגעבן דעם שטאַרקסטן קלאַפּ צו דער ראָמאַנטישער פאַרגעטערונג פון דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע, וואָס איז געווען אַזוי שטאַרק אין יענער צייט, ווען רוסלאַנד איז געווען אָפּגעשניטן פון דער גאַנצער וועלט דורך דער בלאָקאַדע און קיינער האָט נישט געוואוסט, וואָס דאָרטן טוט זיך.

און אין דער זעלביגער צייט האָט די עקאָנאָמישע און פּאָליטישע ענטוויק־

לונג אין די אייראָפּעאישע לענדער באַוויזן, אַז דער קאַפּיטאַליזם, וועלכן מען האָט שוין געהאַלטן פאַר אַ בר־מינן, פאַרמאָגט נאָך זייער גרויסע לעבעדיגע כחות און הויבט אָן פון דאָס נײַ אויפצושטעלן די צושטערטע פּראָדוקציאָן. עס איז געוואָרן אַלץ קלאָרער און קלאָרער פאַר די אייראָפּעאישע סאָציאַליסטן, אַפילו פאַר די לינקע, אַז אין די אַנטוויקלטע לענדער פון אייראָפּע הויבט זיך אָן אַ נײַע תקופה פון קאַפּיטאַליסטישן אויפשטײַג אויף אַ מער מאָדערנער באַזיס.

און צוזאַמען מיט דעם, ווי עס איז אַלץ מער געפאַלן דער פּרעסטיזש פון באָלשעוויזם און עס האָט זיך אַלץ מער פון דאָס נײַ באַפעסטיקט (סטאַביליזירט) דער אייראָפּעאישער קאַפּיטאַליזם, איז אויך אַלץ קלאָרער אַרויסגעטראָטן דער פאַקט, אַז דער פּראַקטישער אויפטו פון דריטן אינטערנאַציאָנאַל אין אייראָפּע באַשטייט דערווײַל ניט אין דער פאַרשטאַרקונג פון רעוואָלוציאָנערע געפילן, נאָר אין דעם, וואָס ער צושפּאַלט און צוברעכט די כחות פון דעם לינקן פליגל פון אייראָפּעאישן סאָציאַליזם און פאַרשטאַרקט דערמיט די רעכטע רעפאָרמיסטישע ריכטונג, וואָס האָט שוין געהאַט באַנקראָטירט גײַסטיג און מאָראַליש בשעת דער מלחמה. אָדער, ווי דאָס האָט אויסגעדריקט מ אַ ר ט אָ ו ו אין זײַן באַרימטן אַרטיקל, וואָס איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין 1922־טן יאָר אין „וועסטניק" און אין ווינער „קאַמף", — „דער רעפאָרמיזם (דער רעכטער פּאַטריאָטישער סאָציאַליזם) האָט געבאָרן דעם באָלשעוויזם, דער באָלשעוויזם געבערט פון דאָס נײַ דעם רעפאָרמיזם".

דער דאָזיגער גײַסטיגער איבערברוך האָט זיך דייטלאַך אַרויסגעוויזן ערשט ענדע 1921—אָנהויב 1922. אָבער פילע פירער פון די לינקע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען האָבן אים פאָרויסגעזען שוין ענדע 1920. אָט יעמאָלט איז אויפגעקומען דער געדאַנק, — און ווי אַלע געדאַנקען, וואָס ווערן אַרויסגערופן דורך די באַדערפעניש פון לעבן, איז ער אויפגעקומען מיט אַמאָל אין פאַרשיידענע ערטער, — צו שאַפן אַ פאַראייניגונג פון לינקע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, וואָס זאָל איינהאַלטן דעם שטראָם פון דער לינקער באַוועגונג, נישט דערלאָזן אים אַרײַנגיסן זיך אין דעם ים פון קאָמוניזם, וואו ער וואָלט גיין פאַרלאָרן, אָבער אויך נישט דערלאָזן אים דערנאָך, אונטער דעם איינפלוס פון ענטוישונג, זיך אַ קער צו טאָן צוריק אויף רעכטס, אויף די פּאָזיציעס פון רעפאָרמיזם און סאָציאַל־פּאַטריאָטיזם.

מיט דעם דאָזיגן געדאַנק איז אַרויסגעטראָטן אַ טייל פון דער פראַנצויזישער פּאַרטיי, מיט אים האָט זיך אַרומגעטראָגן די עסטרייכישע פּאַרטיי, בראש מיט פריץ אַדלער (אגב אורחא, די איינציגע לינקע פּאַרטיי, וואָס האָט נישט געשיקט קיין שלוחים קיין מאָסקווע), צו אים איז צוגעשטאַנען דער „רעכטער" פליגל פון דער שווייצארישער פּאַרטיי (דער לינקער איז געווען אינגאַנצן קאָמוניסטיש) און אויף דעם זעלביגן שטאַנדפּונקט איז געשטאַנען שוין פון לאַנג די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי (מענשעוויקעס), וואָס האָט צוליב דעם צוועק שוין אין אָקטאָבער, 1920, אַרויסגעשיקט קיין אויסלאַנד אַ באַזונדערע דעלעגאַציע (מאַרטאָוו און אַבראַמאָוויטש).

אין דעצעמבער, 1920, איז צוזאַמענגעקומען אין בערן די ערשטע באַראַטונג פון די לינקע פּאַרטייען, וואָס האָבן זיך נישט געוואָלט אומקערן צום צווייטן

אינטערנאַציאָנאַל, וואָס האָבן אָבער אין דערזעלביגער צייט איינגעזען די אומ־מעגלאַכקייט צוזאַמען צו אַרבעטן מיט דעם דריטן אינטערנאַציאָנאַל. אין פעבּ־רואַר, 1921, — גראָד אין די טעג, ווען די גרוזינישע דעמאָקראַטישע רעפּובליק איז איינגענומען געוואָרן פון דער רויטער אַרמיי, — איז אין ווין פאָרגעקומען דער ערשטער קאָנגרעס פון דעם אַזויגערופענעם „ווינער אינטערנאַציאָנאַל", צו וועלכן עס זיינען צוגעשטאַנען די עסטרייכישע פּאַרטיי, די שווייצאַרישע, די דייט־טשע אומאָפּהענגיגע (אין וועלכער עס זיינען נאָך דער שפּאַלטונג איבערגע־בליבן אַ דריי־פיר הונדערט טויזנט מיטגלידער), די פראַנצויזישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, וועלכע איז שטאַרק אָפּגעשוואַכט געוואָרן נאָך דער שפּאַלטונג, אָבער נאָך אַלץ אַ באַדייטנדע פּאַרטיי, — די ענגלישע אומאָפּהענגיגע, די טשעכיש־דייטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן און נאָך אַ רייע קלענערע סאָציאַליסטישע גרופּן.

די גרינדער פון ווינער אינטערנאַציאָנאַל האָבן זייער גוט פאַרשטאַנען, אַז זיי בויען דאָ אַ בנין נישט אויף קיין לאַנגער צייט. עס איז געווען פון אָנהויב אָן קלאָר, אַז קיין דריי אינטערנאַציאָנאַלע פאַראייניגונגען קען און דאַרף דער וועלט־פּראָלעטאַריאַט נישט האָבן. אין דעם ערשטן מאַניפעסט פון דעם ווינער אינטערנאַציאָנאַל איז געווען דעריבער בפירוש דערקלערט, אַז מען האָט נישט אין זינען צו בויען אַ נייעם אינטערנאַציאָנאַל, נאָר, אַז מען וויל בלויז שאַפן אַן אָרגאַן, וואָס זאָל זיך פאַרנעמען מיט אָרגאַניזירן אַ גרויסן אמת'ן אינטער־נאַציאָנאַל, וואָס זאָל אַרומנעמען אַלע סאָציאַליסטישע אַרבעטער פון דער גאַנצער וועלט. דערבּיי האָט מען געהאַט אין זינען, אַז בּאַ געוויסע באַדינגונגען קען זיך איינגעבן אַריינצוציען אין דעם פאַראייניגטן אינטערנאַציאָנאַל אויך די מאַסן פון די קאָמוניסטיש־געשטימטע אַרבעטער אין אייראָפּע.

די וויטערדיגע ענטוויקלונג איז אַוועק אַזוי, ווי מאַרטאָוו האָט פאָרויסגעזאָגט. דער באָלשעוויזם האָט דורך זיין טעראָריסטישער טאַקטיק אין רוסלאַנד, און דורך זיינע „פּוטשען" (אויפשטאַנדן) און זיין שפּאַלטונגס־אַרבעט אין אייראָפּע אַלץ מער צושטערט יעדע מעגלאַכקייט פון אַ „פאַראייניגטן פראָנט" און אַלץ מער פאַרשטאַרקט די פּאָזיציעס פון דעם רעכטן, רעפאָרמיסטישן פליגל פון דער אַר־בעטער־באַוועגונג. אין דער זעלביגער ריכטונג האָט געווירקט אויך דער שטענ־דיגער פּראָצעס פון סטאַביליזירונג וואָס האָט, נישט קוקנדיג אויף די צייטווייליגע דערשיטערונגען אין די באַזיגטע לענדער (דייטשלאַנד, עסטרייך), אַלץ מער אַרומ־געכאַפּט די גאַנצע קאַפּיטאַליסטישע וועלט.

און דער לעבן האָט אַלץ דרינגענדער געפאָדערט אַ פאַראייניגטן קאַמף פון אַלע אַרבעטער, ווייניגסטנס פון די, וועלכע האָבן יע די גייסטיגע און פּסיכאָלאָגישע מעג־לאַכקייט זיך צו פאַראייניגן אין אַ געמיינזאַמען קאַמף געגן דעם זיך פאַרשטאַרקנ־דיגן קאַפּיטאַליזם. עס האָט זיך געפאָדערט בייצוקומען די טרויעריגע ירושה פון דער מלחמה, די שאַרפע נאַציאָנאַלע קאַמפן צווישן איינצלנע לענדער, דעם אייביגן געגנזאַץ צווישן די זיגער און די באַזיגטע. דער אַריינפאַל פון פראַנקרייך אין רור־געגנד און דער עקאָנאָמישער חורבן, וואָס איז דורך דעם אַרויסגערופן גע־וואָרן אין דייטשלאַנד, האָט פון דאָס ניי געשטעלט אין סכנה דעם פּאָליטישן

און עקאָנאָמישן גלייכגעוויכט, וואָס איז דערגרייכט געוואָרן מיט אזויפיל מאַטער־ניש, און האָט געדראָט מיט אַ נייער מלחמה. נאָך די פאַראייניגטע קרעפטן פון אַלע סאָציאַליסטישע ריכטונגען האָבן געקאָנט פאַרהיטן אַ נייע קאַטאַסטראָפע און העלפן אויסהיילן און פאַרבינדן די טיפע וואונדן, וואָס זיינען איבערגעבליבן פון דער מלחמה־צייט. דעם ווייענער אינטערנאַציאָנאַל האָט זיך איינגעגעבן אויף אַ מאָמענט צו פאַראייניגן אַלע דריי אָרגאַניזאַציעס פון אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט אויף אַ באַשטימטער פּלאַטפאָרם: דאָס איז געווען אין פרילינג, 1922, אויף דער באַרימטער „באַראַטונג פון דריי אינטערנאַציאָנאַלן" אין בער־לין. אָבער עס האָט זיך זייער גיך אַרויסגעוויזן, אַז די באַטייליגונג פון דעם דריטן אינטערנאַציאָנאַל אין דער באַראַטונג איז געווען נישט מער, ווי אַ „מאַ־נעווער" אויף אָפּצונאַרן די אַנדערע צדדים. עס איז געוואָרן קלאָר, אַז קיין אמת'ער, ערלאַכער, אויפריכטיגער פאַראייניגטער פראָנט מיט די קאָמוניסטן איז נישט מעגלאַך. און עס איז פאַר דעם ווייענער אינטערנאַציאָנאַל נישט גע־בליבן קיין אַנדער ברירה, ווי צו פאַראייניגן ווייניגסטנס די כחות פון יענע צוויי פּראָלעטאַריער שטראָמען, צווישן וועלכע אַן ערלאַכע מיטאַרבעט איז יאָ געווען מעגלאַך, נישט געקוקט אויף אַלע חלוקי דעות.

צו דעם האָט געפירט אויך די אַנטוויקלונג פון דער פּראָלעטאַרישער באַ־וועגונג אין די איינצלנע לענדער. אין דייטשלאַנד איז פאָרגעקומען ענדע 1922 אַ פאַראייניגונג פון די אומאָפּהענגיגע מיט די רעכטע סאָציאַל־דעמאָקראַטן. אין ענגלאַנד האָט זיך די „אינדעפּענדענט לעיבאָר פּאַרטי" דערנענטערט צו דער לעיבאָר־פּאַרטי. אין פראַנקרייך האָט זיך די לינקע מערהייט אונטער דער ווירקונג פון דער קאָמוניסטישער שפּאַלטונג ענגער פאַרבונדן מיט דעם רעכטן פליגל, א. אז. וו.

די צוזאַמענאַרבעט אין די יאָרן 1921-1922 פון דעם ווייענער אינטערנאַציאָ־נאַל מיט דעם צווייטן (און מיט דעם טרעיד־יוניאַן אינטערנאַציאָנאַל אין אַמ־סטערדאַם) אין קאַמף געגן די רור־אָקופּאַציע פון די פראַנצויזישע אימפּעריאַ־ליסטן, געגן דער משוגעת פון איבערגעטריבענע „רעפּאַראַציעס" און נייע מילי־טערישע בונדן האָט באַוויזן, אַז ס'איז פאַראַן אַ פּאָליטישער און אַ פּסיכאָלאָ־גישער פונדאַמענט אויף צו פאַרוואַנדלען די דאָזיגע צוזאַמענאַרבעט אין אַ שטענ־דיגע פאַראייניגונג.

אַזוי אַרום איז עס געקומען צו דער פאַראייניגונג פון די ביידע אינטער־נאַציאָנאַלן אין מאַי, 1923, אין האַמבורג. פון יעמאָלט אָן האָבן מיר פונדאַסניי אַ פאַראייניגטן סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל, וואָס האָט אַריינ־גענומען אין זיך (מיט גאָר ווינציגע אויסנאַמען) אַלע עלעמענטן פון דער סאָ־ציאַליסטישער און אַרבעטער־באַוועגונג אין דער גאַנצער וועלט. אַלס לעצטע פּאַרטיי, וואָס איז אַ לאַנגע צייט נאָך געשטאַנען אויסערהאַלב פון אינטערנאַ־ציאָנאַל, איז אין אים אַריינגעטראָטן אין אָנהויב פון דעם יאָר, דער פּוילישער בונד.

גרויסע מאַסן־באַוועגונגען, אפילו אַזעלכענע דיסציפּלינירטע און גוט־אָרגאַ־ניזירטע, ווי די סאָציאַליסטישע אַרבעטער־פּאַרטייען, אַנטוויקלען זיך קיינמאָל נישט

אויף אַ גראַדער ליניע און איין שטרענג־אַנגעצייכנטער ריכטונג, און איין אויפ־שטייגענדן באַרג אַרויף. זיי גייען אַרויף און אַראָפּ, זיי באַוועגן זיך אויף רעכטס און אויף לינקס. די ליניע פון זייער ריכטונג גייט אין זיג־זאַגן, דער פּראָצעס פון זייער אַנטוויקלונג איז דיאַלעקטיש, אין ווידערשפּרוכן. „ווי עס שיינט, מוז זיך יעדע אַרבעטער־פּאַרטיי פון אַ גרויסן לאַנד אַנטוויקלען נאָר אין אַינערלאַכע קאַמפן, אַזוי ווי דאָס איז בכלל באַגרינדעט אין די דיאַלעקטישע געזעצן פון אַנטוויקלונג", אַזוי האָט פרידריך ענגעלס אין אָקטאָבער, 1882, געשריבן צו עדוואַרד בערנשטיין. דאָס איז חל נישט נאָר אויף די איינצלנע פּאַרטייען, נאָר אויך אויף דער גאַנצער אינטערנאַציאָנאַלער באַוועגונג. די יאָרן 1924־1929 זיינען געווען פאַר די מייסטע לענדער פון איראָפּע אַ צייט פון אַן אינדוסטריע־לער פּראָספּעריטי. נישט פון אַזאַ גרויסער און שטענדיגער פּראָספּעריטי ווי אין אַמעריקע, וואו די ענטוויקלונג באַרג־אַרויף איז געגאַנגען כמעט אומאומ־טערבראָכן, אָבער דאָך אַ גאַנץ גרויסער און באַדייטנדער. די פּראָדוקציאָן איז אומגעהויער געוואַקסן און האָט ניט נאָר דעריאָגט, נאָר אַריבערגעיאָגט די פּראָ־דוקציע פון דער צייט וואָס פאַר דער מלחמה. און אין דעם פּעריאָד פון עקאָנאָ־מישן אויפשטייג איז געווען מעגליך פאַר'ן פּראָלעטאַריאַט אין פילע לענדער פון איראָפּאַ צו דערשלאָגן זיך צו אַ פאַרבעסערונג פון זייער עקאָנאָמישן מצב, אָדער ווייניקסטנס איינצוהאַלטן יענע דערגרייכונגען, וועלכע דער אַרבעטער־קלאַס האָט אויסגעקעמפט אין דער ערשטער צייט נאָך דער מלחמה, ווען דער פּאָליטישער איינפלוס פון פּראָלעטאַריאַט איז אַזוי שטאַרק און אַזוי גיך אויסגעוואַקסן. צוזאַמען מיט דער עקאָנאָמישער סטאַביליזירונג איז אָבער אויך געגאַנגען די באַ־פעסטיגונג פון דער פּאָליטישער אָרדענונג אין איראָפּע און זי איז געגאַנגען, מיט אַן אויסנאַם פון די האַלב־אַגראַרע אָפּגעשטאַנענע לענדער (איטאַליען, שפּאַניען, פּוילן, רומעניען) אויף דעם באָדן פון דעמאָקראַטיע, ד. ה. אויף דעם וועג, וואָס האָט געגעבן דעם אָרגאַניזירטן אַרבעטער־קלאַס די מעגלאַכקייט צו פאַרשטאַרקן זיין פּאָליטישן איינפלוס אין די היינטיקע מלוכות. און אָט די פאַרשטאַרקונג פון זיין פּאָליטישן איינפלוס, וואָס איז אין תוך געווען די שטרע־בונג צו דער פּאָליטישער מאַכט, האָט דער איראָפּעאישער פּראָלעטאַריאַט אין די יאָרן פון פּראָספּעריטי פאַרווירקלאַכט אויף דעם וועג פון קאָמפּראָמיסן מיט די בורזשואַזע פּאַרטייען, פון „טיילן די מאַכט". אין מאַנכע לענדער איז עס פאָרגעקומען אין דער פאָרם פון אַן אָפענער קאָאַליציע, ד. ה. פון בילדן געמיינ־זאַמע רעגירונגען מיט די מער דעמאָקראַטישע בורזשואַזע פּאַרטייען; אין אַנ־דערע לענדער איז עס געגאַנגען אין דער פאָרם פון אַזוי גערופנע „מינדערהייט־רעגירונגען" (לעיבאָר־רעגירונג אין ענגלאַנד, סאָציאַליס־דעמאָקראַטישע מינדער־הייט־רעגירונג אין דענמאַרק), וואָס קענען זיך האַלטן ביי דער מאַכט נאָר מיט דער אונטערשטיצונג פון די ליבעראַלע בורזשואַזע פּאַרטייען געגען די רעאַקציאָ־נערע. עס איז גענוג צו דערמאָנען וועגן די האָפענונגען און אילוזיעס, וואָס זיינען אַרויסגערופן געוואָרן אין גרויסע טיילן פון דער סאָציאַליסטישער וועלט, בשעת עס איז אויפגעקומען די ערשטע אַרבעטער־רעגירונג פון מעקדאָנאַלד'ן, כדי צו פאַרשטיין, מיט וואָס פאַר אַ גייסט עס איז געווען אָנגעזאַפּט אין יענעם פּעריאָד

די אַרבעטער־באַוועגונג פון אייראָפּע, וואָס האָט איבערגעלעבט יעמאָלט דעם האָניג־חודש פון א נייעם „רעפאָרמיזם", פון א נייעם רוק אויף רעכטס.

דער נייער פאַראייניגטער אינטערנאַציאָנאַל האָט זיך געוויס אין א שטאַרקער מאָס געפונען אונטער דעם איינפלוס פון די דאָזיגע שטימונגען. אָבער אין אים האָבן געשפּילט א באַדייטנדע ראָלע אויך די מער לינקע עלעמענטן. ער האָט אויסגענוצט די יאָרן פון דער רואיגער ענטוויקלונג אין אייראָפּע, כדי אױ־דעאיש און אָרגאַניזאַטאָריש שטאַרק צו באַפעסטיגן דעם בנין פון פּאָליטישן און געווערקשאַפטלאכן אינטערנאַציאָנאַל, כדי אָנצופירן אן איינגעשפּאַרטן, מעטאָ־דישן קאַמף פאַר דער ליקווידירונג פון אַלע רעשטלאַך פון דער מלחמה, פאַר דער עקאָנאָמישער און פּאָליטישער דערנענטערונג פון די פעלקער, פאַר דער אָנט־וואַפענונג פון די מלוכות, פאַר דער באַפעסטיגונג פון די סאָציאַלע און פּאָליטישע רעכט פון דעם אַרבעטער־קלאַס. ווי באַשיידן עס זיינען נישט געווען די דער־פאָלגן פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־באַוועגונג, וואָלט פונדעסטוועגן געווען אינגאַנצן פאַלש און נישט יושר'דיג אָפּצושאַצן צו נידעריג דעם קאָלאָסאַלן אויפטו פון דעם אָרגאַניזירטן אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליזם פאַר די פאַרגאַנגענע זעקס־זיבן יאָר, און פריער פאַר אַלץ דעם פאַקט, אז ער האָט געראַטעוועט אײ־ראָפּע פון א נייער קאַטאַסטראָפע אין די יאָרן 1922־1923. אמת, עס זיינען אין זיין טעטיגקייט אָפּגעטראַטן אָן א זייט יענע פּראָבלעמען פון דירעקטן, אוממיטל־באַרן קאַמף פאַר'ן סאָציאַליזם, וואָס זיינען געשטאַנען אויפ'ן סדר־היום למשל, פון דער דייטשער אָדער ענגלישער אַרבעטער־באַוועגונג אין די יאָרן 1918 און 1919. אָבער יעדע צייט האָט זיך איר אייגענע פּראָבלעמען און די טאָג־פראַגן פון אן אַרבעטער־באַוועגונג זיינען אין דער צייט פון א סטאַביליזירטן קאַפּיטאַליזם און פון אינדוסטריעלער פּראָספּעריטי גאָר אַנדערע, ווי אין דער צייט פון א דער־שיטערטן און צובראָכענעם קאַפּיטאַליזם, אין דער עפּאָכע פון א געפאַלענער און צושטערטער פּראָדוקציאָן.

ווי יעדע תקופה פון אינדוסטריעלער פּראָספּעריטי אין דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג, האָט אויך די פּראָספּעריטי פון 1924—1929 געטראָגן שוין אין זיך די זאמען פון א נייעם קריזיס. און דער קריזיס איז אויסגעבראָכן אין די יאָרן 1930—1931 מיט א שאַרפקייט און א פאַרנעם, וואָס איז נאָך נישט געזען גע־וואָרן אין דער געשיכטע פון אַלע קאַפּיטאַליסטישע קריזיסן. די אומגעהויערע פאַרגרעסערונג פון דער אינדוסטריע דורך דער איינפירונג פון נייע טעכנישע מעטאָדן און מאַשינען (ראַציאָנאַליזאַציע) האָט שוין אין די לעצטע יאָרן פון דער פּראָספּעריטי (1928־1929) געבראַכט סיי אין אמעריקע, סיי אין אייראָפּע צו א לאַגע, וואָס די פאַרגרעסערונג פון דער פּראָדוקציאָן האָט שוין נישט געבראַכט צו א פאַרגרעסערונג פון דער צאָל באַשעפטיגטע הענט. פאַרקערט, אין מאַנכע געביטן פון דער אינדוסטריע איז די גוואַלטיגע פאַרגרעסערונג פון דער פּראָדוק־ציע באַגלייט געוואָרן דורך א פאַרקלענערונג פון דער צאָל אַרבעטער. נאָך ערגער איז געוואָרן, פאַרשטייט זיך, די לאַגע, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן דער פי־נאַנציעלער און אינדוסטריעלער צוזאַמענברוך, און צענדליגער מיליאָנען אַרבעטס־

הענט האָבן אויפגעהערט צו דרייען די רעדער און זיינען פאַראורטיילט געוואָרן צו רוען אָן ארבעט.

איך קען זיך דאָ נישט אָפּשטעלן אויף דער באַשרייבונג פון דעם היינטיגן קריזיס און דער אונטערזוכונג פון זיינע אורזאַכן. פאַר דער ווייטערדיגער אנט־וויקלונג פון דער ארבעטער־באַוועגונג איז אָבער וויכטיג פאָלגנדעס: איינע פון די גרעסטע דערגרייכונגען פון דער אינטערנאַציאָנאַלער באַוועגונג אין אייראָפּא איז געווען די סאָציאַלע פאַרזיכערונג. די נייע תקופה פון דער קאַפּיטאַליס־טישער ענטוויקלונג נאָך דער מלחמה איז געווען כאַראַקטעריזירט נישט נאָר דורך דעם, וואָס אַנשטאָט אַ „פרייען קאַפּיטאַליזם“, איז אויפגעקומען אַן „אָרגאַניזיר־טער קאַפּיטאַליזם“, מיט אַ גוט־אויסגעאַרבעטער סיסטעם פון קאַפּיטאַליסטישע טראָסטס, רינגען, סינדיקאַטן מיט אַ סיסטעם פון קאַפּיטאַליסטישע מאָנאָפּאָליעס. פונקט אַזוי כאַראַקטעריסטיש איז געווען פאַר דעם מאָדערנעם קאַפּיטאַליזם אויך דער פאַקט, וואָס די דעמאָקראַטיש־קאַפּיטאַליסטישע מלוכה האָט איבערגענומען צו זאָרגן — אין דער צייט פון דעפּרעסיעס און קריזיסן — פאַר דעם גורל פון די אַרבעטער, וואָס ווערן קרבנות פון די אומפאַרמיידלאַכע חסרונות פון דער קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפט. סאָציאַלע פאַרזיכערונג געגן אַרבעטסלאָזיג־קייט איז איינער פון די וויכטיגסטע סמנים פון'ם היינטיגן קאַפּיטאַליזם אין איי־ראָפּע, אַ דערגרייכונג, מיט וועלכער די אָרגאַניזירטע ארבעטער פון אייראָפּע האָבן געקאָנט שטאָלצירן.

אָבער דער שרעקלאַכער קריזיס, וואָס בושוועט איצטער אין אייראָפּע, האָט באַוויזן, אַז די סאָציאַלע פאַרזיכערונג האָט באַשטימטע, און טאַקע שמאָלע גרע־ניצן. ווען די צאָל אַרבעטסלאָזע ווערט זייער גרויס און די דויער פון אַ קריזיס זייער לאַנג, קען די מלוכה נישט אויסברייינגען יענע אומגעהויערע מיטלען, וואָס פאָדערן זיך אויף צו באַוואָרענען אַ גענוגענדע פאַרזיכערונג פון די מיליאָנען אַרבעטסלאָזע. נישט נאָר דערפאַר, ווייל די קאַפּיטאַליסטן ווילן אויסנוצן די שווערע לאַגע פון אַרבעטער־קלאַס, כדי צו שניידן זיינע ווייזדושעס און זיין סאָ־ציאַלע הילף, נאָר אויך דערפאַר, וואָס אין אַ צייט פון אַזאַ גרויסן קריזיס קען די מלוכה פשוט נישט אַרויסבאַקומען פון דער פאַרקלענערטער ווירטשאַפט יענע אומגעהויערע מיטלען, וועלכע זיינען נויטיג, כדי צו דערהאַלטן מיליאָנען מענטשן אין אַ משך פון יאָרן און יאָרן.

די ענטוויקלונג פון אייראָפּע פאַר די לעצטע אַנדערהאַלבן יאָר באַווייזט איצטער דעם גאַנצן פּראָלעטאַריאַט, אַז דער „אָרגאַניזירטער קאַפּיטאַליזם“, וואָס האָט זיך באַרימט, אַז ער קען, ערשטענס, גאַראַנטירן אַן אייביגע פּראָספּעריטי, און צווייטענס, אין פאַל פון אַ קריזיס, פאַרזיכערן אַ גענוגנדע הילף פאַר זיינע קרבנות, — קאָן נישט האַלטן זיין וואָרט. ער קאָן נישט גאַראַנטירן דעם אַר־בעטער־קלאַס אַן אַנשטענדיגן פעסטן „סטאַנדאַרד אָוו ליווינג“, ער קען נישט פאַרהיטן קיין קריזיסן, ער איז נישט בכח צו ראַטעווען צענדליגער מיליאָנען מענטשן פון הונגער, נויט און עלנד.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז נישט נאָר דער פריערדיגער, דער אַלטער,

קאפיטאליזם פון מלך־סאָבעצקים יאָרן, נאָר אויך דער היינטיגער, דער מאָדערנער קאפיטאליזם איז פון היסטאָרישן שטאַנדפונקט א באנקראָט.

דאָס מוז האָבן א באשטימטע פסיכאָלאָגישע ווירקונג אפילו אויף יענע טיילן פון דעם ארבעטער קלאַס, וואס זיינען אין דער תקופה פון פּראָספּעריטי און קאָאליציע געווען אָנגעשטעקט מיט אילוזיעס און פאַלשע האָפענונגען. עס האָבן זיך קלאָר און בולט באוויזן די היסטאָרישע גרעניצן פון קאפיטאליסטישן „פּראָגרעס", און עס עפנט זיך פאַר'ן פּראָלעטאריאַט פּאָליטיש און פסיכאָלאָגיש א נייע תקופה פון ענטוויקלונג.

דער קריזיס האָט ביז איצט אָפּגעשוואַכט און פארשלעכטערט די לאַגע פון דעם אייראָפּעאישן ארבעטער־קלאַס, סיי עקאָנאָמיש, סיי פּאָליטיש. ער האָט אים געצוואונגען פון אטאקע אריבערצוגיין צו פארטיידיגונג, און גראָבט אונטער זיין סאָציאַלן פונדאמענט אַלץ מער און מער. אויב עס וועט גיין אויך ווייטער אזוי, קען זיין, אז די עפּאָכע פון קריזיס וועט זיך ענדיגן מיט א צייטווייליגער מפּלה פון פּראָלעטאריאַט, ד. ה. אז דעם קאפיטאליזם וועט זיך איינגעבן צו פארענדיגן דעם קריזיס אויף דעם חשבון פון די ארבעטער און פון דאָס ניי אויפשטעלן זיין ממשלה. אָבער אין דערזעלביגער צייט, קעמפענדיג געגן דעם, אונטער דער פירונג פון סאָציאליסטישן אינטערנאציאנאל, וועט דער אייראָפּעאישער ארבעטער־קלאַס מוזען איבערלעבן א טיפע גייסטיקע, אידייאישע, און פסיכאָלאָגישע ענדערונג.

עס שאפט זיך דער באָדן פאַר א נייער פאַזע פון דער ארבעטער־באוועגונג, פאַר א נייעם זיג־זאַג אויף לינקס. דאָס וועט זיין אָבער א טיפערע, א גרינדלאָבערע און אין תוך גאָר אן אנדער באוועגונג אויף לינקס, איידער יענע באַאיווע, אויבערפלעכלאכע און ראָמאנטישע באגייסטערונג פאַר'ן באָלשעוויזם, וועלכן מיר האָבן איבערגעלעבט מיט 10־11 יאָר צוריק.

די דאָזיגע ענטוויקלונג שטעלט נייע, זייער שווערע אויפגאַבן פאַר'ן סאָציאליסטישן אינטערנאציאנאל, פאַר דער אינטערנאציאנאלער פאראייניגונג פון די סאָציאליסטישע ארבעטער אין אייראָפּע.

דאָס יאָר 1931 קאָן ווערן פונקט אזא וויכטיגע דאַטע פון היסטאָרישן איבערברוך אין דער געשיכטע פון דער אינטערנאציאָנאלער ארבעטער־באוועגונג, ווי דאָס יאָר 1921.

יעקב לעשצינסקי:

# דער היסטאָרישער איבערבראָך

## 1

די גאַנצע מענשהייט לעבט איבער א קריזיס — פאַרכאַפּט זיינען פון אים אַלע פעלקער, אָנהויבנדיג פון די ציוויליזירטסטע און ענדיגנדיג מיט די אָפּגעשטאַנענסטע. אזוי צוזאַמענגעפלאָכטען זיינען היינט די פעלקער, אַז ווען אין כינע איז א בירגער־קריג און מ׳קויפט ווייניגער סחורות, ליידן ענגלאַנד און פוילן; ליידן אַרגענטינע און קענעדע, וואָס שטעלן צו ווייץ קיין ענגלאַנד; ליידט דייטשלאַנד, וואָס פאַרקויפט מאַשינעס קיין פוילן; ליידן די פאַראייניגטע שטאַטן, וואָס פאַרקויפן בוים־וואָל קיין ענגלאַנד און פוילן.

האָט זיך דייטשלאַנד אַ בויג געטאָן רעכטס און א שווארצע קאַץ איז דורכגעלאָפן צווישן איר און פראַנקרייך, האָט אַ ציטער געטאָן די גאַנצע וועלט־קרעדיט־מאַשין: האָט מען אָנגעהויבן אַרויסנעמען הלוואות ביי די דייטשע באַנקירן; האָבן אָנגעהויבן פּלאַצן און קראַכן דייטשע בענק און פירמעס; האָבן זיך אין בערלין געשלאָסן די בענק, האָבן באַלד געמוזט נאָכטאָן אַלע גרויסע בענק אין אַלע שטעט פון דייטשלאַנד און פון די שכנות׳דיגע לענדער (ווין, בודאַפּעסט און אַנדערע); איז די מגפה דערגאַנגען ביז לאָנדאָן און האָט אַזאַ ווארג געטאָן דעם קרעדיט־גיגאַנט, דעם הונדערט־יאָריגן וועלט־מלוה, אַז די פינאַנץ־מיוחסטע פון דער וועלט האָט זיך געמוזט אָפּזאָגן פון איר גאָלד־וואַלוטע; זיינען באַלד געווען געצוואונגען נאָכצוטאַנצן אַלע לענדער פון צפון־אייראָפּע — און די אונטערערדישע שטויסן פון דער דאָזיגער ענגלישער באַנק־ציטערניש יאָגן זיך ערשט נאָך נייע קרבנות און מען ווייסט נאָך ניט ווי גרויס זייער צאָל וועט זיין. אַלענפאַלס פילט מען שוין אין ניו יארק אויף דער בערזע די דאָזיגע ערד־שטויסן און די מגפה פון באַנק־קראַכן האָט זיך פאַרשטאַרקט.

אָט אַזוי פלעכט זיך און קניפּט זיך דער קנויל פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט, און אַ דעפּעקט אין איין עק וועלט, אַן אומגליק אָדער אַ מלחמה־שאָטן אין איין וועלט־ווינקל געפינען דעם סאַמע הילכסטן אָפּקלאַנג אין אַנדערע קאָנטינענטן און אין די ווייטסטע מעבר־לים׳דיגע לענדער

אָבער די מענשהייט, באַזונדערס די פירנדיגע קולטור־פעלקער, לעבט איבער ניט נאָר אַן עקאָנאָמישן קריזיס. ניט ווייניגער טיף און טראַגיש איז דער פּאָליטישער און קולטורעלער קריזיס. צוזאַמען מיט׳ן צעפאַלן פון דער קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפט־באַזע פאַלן איין אויך די העכערע עטאַזשען: צעוואַלגערן זיך די פּאָליטישע אינסטיטוציעס און באַגריפן; ווערן חרוב די טראַדיציאָנעלע זיילן פון דער בירגערלאָכער קולטור; ווערן ווי איינגעשלונגען פון אַן אָפּגרונט גייסטיגע באַגריפן און השגות, טראַדיציעס און אמונות, וואָס האָבן געוועלטיגט טויזנטער יאָרן.

דער מיטל־קלאַס און די פּראָפעסיאָנעלע אינטעליגענץ זיינען שוין, אָדער ווערן אַלץ מער פּאַראַרימט. צוויי טויזנט מיליאָנערן אין דייטשלאַנד האָבן אַ פּאַרמעגן, וואָס גלייכט דעם פּאַרמעגן פון 50 מיליאָן מענטשן; 150 מולטימיליאָנערן פּאַרמאָגן אַזוי פיל, וויפיל 15 מיליאָן פּשוט'ע דייטשן. די צעשפּאַלטונג פון דער געזעלשאַפט אויף צוויי געגנזעצלאַכע קלאַסן מיט אַ שטאַרק פּאַראָרימטן און פּאַרצאָרנטן מיטל־שטאַנד האָט דערגרייכט איר העכסטע מדרגה. דער קאַפּיטאַליזם איז באַנקראָט אין די אויגן פון די ברייטסטע שיכטן פון אַלע פעלקער — ער קאָן נאָר פּראָדוצירן, אָבער ניט אָרגאַניזירן דעם קאָנסום, אַז ער זאָל האַרמאָנירן מיט דער פּראָדוקציע. דער קאַפּיטאַליסטישער טייוול איז געווים אַ גוטער קונצמאַכער און קאָן מאַכן אַ סך שענערע און וואונדערבאַרערע קונצן, ווי ציען סטענגעס פון בויך אָדער מאַכן דעם בויך רעדן און זינגען — ער האָט זיך דערטראַכט ווי צו מאַכן פון קוילן אייל און ווי צו פליען ווי פויגלען. אָבער דער זעלבער טייוול האָט זיך אַרויסגעוויזן שוואַך ביים באַהערשן די געשאַפענע פון אים כחות, ביים אָרגאַניזירן די אַרויסגעשליידערטע פון זיינע כשוף־מאַשינעס און צויבער־אינסטרומענטן פּראָדוקטן און סחורות; און בשעת די שפּייכלערס און סקלאַדעס פון דער קליינער גרופּקעלע פינאַנץ־הערשער זיינען איבערפילט און מען מוז די כשוף־מאַשינעס אָפּשטעלן און לאָזן זשאַווערן, הונגערן הונדערטער מיליאָנען נפשות, גייען אַרום נאַקעט צענדליגער מיליאָנען. צע־פאַלט זיך און צעשרויפט זיך די גאַנצע קונציגע מאַשין — קראַכן בענק, פּלאַצן פירמעס, שליסן זיך פאַבריקן, זשאַווערן מאַשינעס, פוילן ווייץ און בוימוואָל, שטייען וואַך פּאָליציסטן און היטן, מ'זאָל ניט פאַמפּען מער קיין פּעטראָלעאום פון די אי־בערפולטע קוואַלן, פאַרניכטעט מען תבואות און קולטור־פּלאַנצן אויף די פעלדער; לויפן אַרום די געגעראַלן פון דער צעשרויפּטער מאַשין — די בורזשואַזע רעגירונגען — ווי פאַר'סמ'טע מייז, זוכן דאָקטוירים, זיינען גרייט כאַפּן יעדן טאָטער ביי דער פּאָלע און אים בעטן, ער זאָל געבן אַ רפואה, אַ תרופה, אַן אויסוועג, ווי צוזאַמענ־צושרויפן צוריק די אַזוי גוט ערשט ניט לאַנג פונקציאָנירטע וועלט־ווירטשאַפטלאַכע מאַשין.

און וואָס זעען מיר אין פּאָליטיש, אין גייסטיגן און קולטור־לעבן פון די פעל־קער? די פיל־פעלקער־מלוכות זיינען זיך שוין כמעט אַלע צעפאַלן און די טענדענץ מלוכה־פאָלק, ריכטיגער פאָלק־מלוכה ווערט אַ פאַקט. די קאָלאָניאַלע אימפּעריעס צופאַלן זיך, און די קאָלאָניאַלע פעלקער ווערן פון אָביעקטן פון קאַפּיטאַליס־טישער „ציוויליזאַציע" סוביעקטן פון מאָדערנער אַנטוויקלונג און פון אייגענעם גורל. דער פּאָליטישער ליבעראַליזם און דער ווירטשאַפטלאַכער אינדיווידואַליזם פיבערן שטאַרק. וואָרום ס'איז איצטער ניטאָ קיין איין מאָדערן לאַנד, וואו די רע־גירונג זאָל זיך ניט שטאַרק אריינמישן אין די ווירטשאַפטלאַכע ענינים, זאָל ניט רעגולירן די באַציאונגען צווישן קלאַסן, זאָל ניט האָבן קיין מלוכה־אונטערנעמונ־גען, זאָל ניט האָבן קיין קאָנטראָל אויף ווירטשאַפטלאַכע אינסטיטוציעס א. אַ. וו. דער פאַמיליע־בנין איז אַזוי צערודערט, אַז נאָר אַ ראַדיקאַלע רעפאָרם און ניט קיין בירגערלאַכע קרעכצן און קליינבירגערלאַכע לאַטעס קאָנען דאָ עפּעס העלפן. דער דעמאָקראַטיזם, וואָס האָט געוואָלט ניט נאָר גלייכבארעכטיגן און גלייכשטעלן אַלע מענטשן, נאָר אויך גלייכווערטן און גלייכשעצן אַלע סוביעקטן, לעבט איבער אַ שווערן

קריזיס. ס'גייט אַ גרינדלאַכער איבערצאַצונג אין דער פראַגע וועגן דער ראָלע פון דער פערזענלאַכקייט אין דער געשיכטע, ווי אויך אין דער פראַגע, צי זיינען מענשן באַרופן נאָר צו אָרגאַניזירן און רעגולירן פון אָביעקטיוון געשיכטלאַכן פּראָצעס־געשאַפענע פאַקטן און פאַקטאָרן אָדער ניט ווייניגער איז דעם מענשנ'ס אויפגאַבע צו שאַפן נייע פאַקטן און פאַקטאָרן און ניט נאָר איבעראַנדערשן און איבערבויען די וועלט, נאָר אויסבויען און באַשאַפן נייע וועלטן. דער פּאַרלאַמענטאַריזם מיט זיין קאָמפּליצירטער שטים־מאַשין און נאָך מער קאָמפּליצירטער אינסטאַנציעס־סיסטעם, זוכט אַ וועג זיך צו ראַטעווען דורך מאַכן קאָנצעסיעס דער אַדמיניסטראַטיווער מאַכט, דורך שאַפן פאַקטישע מעגלאַכקייטן פאַר גיכע און זעלבשטענדיגע מעשים פון דער אויספיר־מאַכט און פון דער פירנדיגער פּערזענלאַכקייט אין דער אויספיר־מאַכט, באַהאַלטנדיג די אילוזיע פון פּאַרלאַמענטאַרישן קאָנטראָל.

אָט אַזוי גייט דורך אַן ערד־ציטערניש דורך דער גאַנצער קאַפּיטאַליסטישער וועלט, פון אירע טיפסטע יסודות ביז די העכסטע עטאַזשן, פון די העכסט אינדוסטריאַליזירטע לענדער ביז די סאַמע אָפגעשטאַנענסטע, וואָס זיינען ביז איצט געווען נאָר הכסנה־קוואַלן און קנעכט־קאָלאָניעס פאַר די ערשטע.

2

אין די דאָזיגע אַלע קריזיסין האָבן אידן אַ גאַנץ פעטן חלק — שוין דאָס אַליין, וואָס אידן האָבן אַ גרעסערן פּראָצענט מיטל־שטאַנד און ליבעראַלע פּראָפעסיעס, אין דורכשניט בערך אַ דאָפּלטן פּראָצענט ווי די ארומיגע פעלקער; שוין דאָס אַליין, וואָס אידן זיינען מער אורבאַניזירט און פאַרגרויסשטאָטישט, אָט דאָס אַליץ מוז שוין פאַרגרעסרן און פאַרשטאַרקן די צרות און ליידן, פיין און יסורים פון די אידן אין דער היסטאָרישער איבערגאַנג־תקופה, וועלכע די גאַנצע וועלט לעבט איבער. די פאַראַרימונג פון מיטלשטאַנד און פון דער פּראָפעסיאָנעלער אינטעליגענץ ביי אידן באַטייט די פאַופּעריזירונג פון סאַמע אָנזעעוודיגן און סאַמע פּראָנטאָוון טייל פון אידנטום, ווען ביי ניט־אידן שטייען אין די אינדוסטריאַליזירטע לענדער די גרויס־קאַפּיטאַליסטן און די אַרבעטער אין פּראָנט פון לעבן און ביי די אַגראַר־לענדער די פויערים און די אַרבעטער און די פּריצים און די אינדוסטריעלע. דער צעפאַל פון דער פאַמיליע, די נייע מאַן און ווייב־באַציאונגען, דער מאָראַלישער בין־השמשות, דאָס איבערשאַצן פון אַלע קולטור־ און גייסט־ווערטן, דער דראַנג פון ווערט־ענדערונגען אויף אַלע געביטן פון אינדיווידועלן און געזעלשאַפטלאַכן לעבן — אָט די אַלע טיפּישע ערשיינונגען פון אונזער עפּאָכע האָבן דאָס אידנטום פאַרכאַפּט אין אַ שטאַרקערער און אין אַ גרעסערער מאָס. אַ סך סיבות זיינען גורם צו דעם ראשית, געפינען זיי זיך געאָגראַפיש אוןווירטשאַפטלאַך אין די אייידלסטע און פיל־באַרסטע קניפּ־צענטרען פון דער קאַפּיטאַליסטישער ערדציטערניש. ביז גאָר וויכטיג איז, וואָס דער געוויכט פונ'ם שעפעריש־באַנייענדיגן קלאַס, פון דעם יורש פון דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט, פון דעם קלאַס, וואָס טראָגט אין זיך די נויטיגע געזעלשאַפטלאַכע ענערגיע אויף איבערבויען אַלטע און אוסראָטן נייע וועלטן, איז ביי אידן אָדער קוואַנטאַטיוו (אין די אינדוסטריאַליזירטע לענדער) אָדער קוואַ־

לטאַטיוו (אין די שוואַך אינדוסטריאַליזירטע לענדער) אַ סך שוואַכער, ווי ביי דער ארומיגער באַפעלקערונג. ניט קיין קליינע ראָלע שפּילט דאָ אָבער אויך דער נאַ־ציאָנאַלער מאָמענט. ווייל די אידן פאַרמאָגן אַזאַ גרויסן פּראָצענט רואינירטע מיטל־שטאַנד און פריִע פּראָפעסיעס, וועלכע שטעלן צו פירער און אידעאָלאָגען פאַר אַלע ראַדיקאַל־לינקע באַוועגונגען; ווייל די אידן האָבן אַם שטאַרקסטן געוואונען פון דער קאַפּיטאַליסטישער עפּאָכע און האָבן זיך ביי דעם ווירטשאַפט־לאַכן אינדיווידואַליזם און פּאָליטישן ליבעראַליזם אַם בעסטן געפילט; ווייל זיי זיינען היסטאָריש געווען מער צוגעגרייט און מער באַרופן צו טרייבן די קאַפּיטאַליס־טישע קוואַליעס ביז דער העכסטער מדרגה און אויף אַזאַ אופן זיי טרייבן צום וואָס־גיכסטן אויפרייס פון די אינווייניגסטע סתירות און געגנזאַצן, וועלכע זיינען געלעגען אין דער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם; ווייל זיי פאַרנעמען אַ גאַר אַנזעעוודיג אָרט אין די סאַמע העכסטע שפּיץ־אָרגאַניזאַציעס פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעל־שאַפט, וועלכע זיינען שטאַרק פאַרפלאָכטן מיט די רעגירונגס־אַפּאַראַטן — אָט צו־ליב די דאָזיגע אַלע סיבות, וועלכע בילדן אַ גאַנץ קאָמפּליצירטן קנויל גאָר פון געגנזעצלאַכע אויסווירקונגען, וואַרפט זיך אויף אידן דער אַנטיסעמיטיזם מיט'ן גאַנצן שוים פון אונטערגייענדיגע, זיך טרינקנדיקע קלאַסן; זיינען צו זיי אַקטיוו פיינדלאַך פון קנאה די פאַרטרעטער פון דער גרויס־בורזשואַזיע, וועלכע זיצן פונ־דעסטוועגן מיט זיי אין די דערמאָנטע קאַפּיטאַליסטישע שפּיץ־אָרגאַניזאַציעס; לאָזט אויס צו זיי דאָס שווערע הארץ די צערייצטע און פאַרלאָרענע פּראָפעסיאָנעלע אינ־טעליגענץ; איז צו זיי פיינדלאַך דער ניט־אָרגאַניזירטער טייל פון אַרבעטער־קלאַס און ס'מוז צו זיי קאַלט זיין אַפילו דער אָרגאַניזירטער אַרבעטער־קלאַס. אין דער איבערגאַנג־עפּאָכע מיט זיין געמישטער סיסטעם פון מלוכה־קאַפּיטאַליזם און פריי־וואַט־ווירטשאַפט, אין אָט דער אָנפאַנגס־עפּאָכע פונ'ם סאָציאַליזם, ווען די קרבנות זיינען גרויס און די פּאָזיטיווע רעזולטאַטן זיינען ערשט אין דער פּערספּעקטיוו, ווען דער קאַמף צווישן דער גרויס־בורזשואַזיע און פּראָלעטאַריאַט ווערט באַזונדערס שאַרף און ווערט דורכגעקרייצט פון רואינירטן און צערייצטן מיטל־און קליין־בירגערטום, וואָס וואָלט געוואָלט ביידע צדדים באַגראָבן, אָט אין דער דאָזיגער אָנגעלייגטער תקופה פון קלאַסן־געראַנגל פאַר דער מאַכט און פאַר דער אָנפירנ־דיגער ראָלע אין דער געשיכטע, שאַפט זיך פאַר'ן אידנטום זייער אַ שווערע און געפערלאַכע אַטמאָספער. ביים באַפרייען די אייראָפּעאישע געזעלשאַפט פונ'ם פע־אָדאַליזם און ביים שאַפן פריִע באַדינגונגען פאַר'ן בירגערטום, זיינען די אינטערעסן פונ'ם אַבסאָלוט גאַנצן אידנטום (קיין פעאָדאַלן זיינען ביי אידן גאָר ניט געווען!) געלעגן אויפ'ן שליאַך פון קאַמף פון די אויפקומענדיגע און צום זיג באַרופענע קלאַסן, אויפ'ן שליאַך פון באַפרייאונגס־קאַמף און אין האַרמאָניע מיט'ן דעמאָלט רעוואָלוציאָנערן בירגערטום. איצט איז די לאַגע גאָר אַנדערש. נאָר אַ קליינער טייל, און זייער אַ שוואַכער טייל פון אידנטום, קאָן סאָציאַל פאַרבינדן זיין גורל מיט'ן גורל פונ'ם קעמפנדיגן קלאַס. פאַרקערט, די אידישע געזעלשאַפט, טאַקע אויך געגנוג דיפערענצירט און צעגלידערט אויף געגנזעצלאַכע קלאַסן, זעט דאָך אויס מער בירגערלאַך, מער פאַרוואַקסן עקאָנאָמיש, סאָציאַל־פּאָליטיש און קולטורעל מיט די אָפּשטאַרבנדיגע און אוועקגייענדיגע קלאַסן. און אַזוי ווי דאָס אידנטום איז גע־

ווען אין דער גאנצער צייט פון קאפּיטאַליסטישן אויפבלי איינער פון די גרעסטע געניסער פון דאָזיגן אויפבלי, און איינער פון די געפערלאַכסטע קאָנקורענטן פאַר די קאַפּיטאַליסטישע קלאַסן־חברים פון אנדערע פעלקער, געפינט ער זיך ניט נאָר אין אַ היסטאָרישן קאָנפליקט מיט די נייע אויסקומענדיגע קלאַסן, נאָר אויך אין אַ פאַרביטערטן קאַמף מיט זיינע אייגענע קלאַסן־חברים פון דער אונטערגייענדיגער וועלט. די פּראָלעטאַרישע עלעמענטן אין אידנטום זיינען אפילו אין די מזרח־אייראָפּעאישע לענדער ניט אַזוי גרויס אין צאָל און ניט אַזוי שוואַך אין וואָג, אַז זיי זאָלן קאָנען אָפּווישן און פאַרווישן דעם אויבנאויפיגן איינדרוק און די טיף־איינגעוואָרצלטע מיינונג וועגן אידנטום אַלס וועגן אַן אויסגעשפּראָכן בירגערלאַכער גרופּע — על אחת כמה וכמה איז דאָס אונמעגלאַך אין מערב־אייראָפּע, וואו אידן זיינען אין אַ סך אַ גרעסערער מאָס פאַרטראָטן אין דער ג ר ו י ס ־ ב ו ר ז ש ו א ז י ע, וואו ס'פעלן די גרויסע אָרימע דלות'דיגע אידישע מאסן, וועלכע שוואַכן אָפּ די בורזשואזע פאַרב פון מזרח־אידנטום, און וואו ענדלאַך קיין אידישע אָרגאַניזירטע סאָציאַליסטישע באַוועגונג איז ניטאָ און אין די אויגן וואַרפט זיך ניט דער אידישער פּראָלעטאַריער, וועלכער פעלט ניט אויך אין מערב־אייראָפּע (ביי די דייטשע אידן זיינען מער פון 40% פון אַלע עקאָנאָמיש־אַקטיווע לוין־נעמער), נאָר דער אידישער סאָציאַליסטישער אידעאַלאָג און פירער, וועלכער רופט, פאַרשטייט זיך, נאָך מער אַרויס די צערייצטקייט און פיינדשאַפט פון די ניט־אידישע בירגערלאַכע קלאַסן. ס'באַקומט זיך אַן איינדרוק, אַז דאָס אידנטום אַלס גאַנצעס איז בירגערלאַך, שטעקט מיט זיין גרעסטן און שווערסטן טייל אין דער בירגערלאַכער וועלט, ווען זיינע פעאיגע און באַגאַבטע יחידים זיינען די פייערינסטע און פאַנאַטישסטע קברנים פון דער דאָזיגער וועלט און נביאים פון אַ נייעם וועלט. אַ ל ס צ ב ו ר — ב י ר ג ע ר ל א ך ; אַ ל ס י ח י ד י ם — ס אָ צ י אַ ל י ס ט ן.

דער אייגנאַרטיגער סאָציאַלער בוי פון דער אידישער גרופּע, איר פאַרנעמען אומעטום אַן אָנזעעוודיגן פּלאַץ אין פּראָצענט פון די וויכטיגסטע לעבנס־צענטרען, איר וואַרפן זיך אין די אויגן און אויסטיילן זיך פון דער אַרומגער וועלט, אַ דאַנק דעם דערמאָנטן אייגנאַרטיגן סאָציאַלן בוי, דער ים סתירות, וואָס די דאָזיגע נאַציאָנאַלע גרופּע שטעלט מיט זיך פאָר פאַר דער אַרומיגער געזעלשאַפט מיט איר אויסהאָדעווען אין איר אויסגעשפּראָכנסטער טראַדיציאָנעל בירגערלאַכער סביבה די גרעסטע און געפערלאַכסטע שונאים פון דער בורזשואזער געזעלשאַפט, ווי אויך די ראַדיקאַלסטע רעפאָרמאַטאָרס און רעוואָלוציאָנערן אויף אַזעלכע אײדעלע און דעליקאַטע געביטן, ווי די געשלעכטס־פראַגע, די ערציאונג־פּראָבלעם, די צוקונפט פון דער פאַמיליע וכדומה — אָט די אַלע מאָמענטן פאַרוויקלען און קאָמפּליצירן שטאַרק די באַציאונג פון דער אַרומיגער וועלט צום אידנטום.

ווי מיר זעען, איז די לאַגע פון אידנטום אַלס גאַנצעס און דעריבער אויך פון זיינע איינצלנע גרופּעס און קלאַסן גאַנץ אייגנאַרטיג אין דער אָנפאַנגס־עפּאָכע פון'ם סאָציאַליזם. און אויך די אָרגאַניזירטע אידישע אַרבעטער־באַוועגונג אין מזרח־אייראָפּע, וואו ביי אידן איז אַזוי גרינג צו זען דעם אָפּגרונט צווישן אָרים און רייך און ס'איז גרינג צו פילן די וואָג פון קלאַסן־קאַמף אין אידישן לעבן, מוז זיך רעכענען מיט דער דאָזיגער אייגנאַרטיגער לאַגע, וועלכע מאַכט די אַלע

אויבן אויסגערעכנטע וועלט־קריזיסן שארפער און צוגעשפיצטער אין דער אידישער סביבה, שווימען ארויס פאר'ן אידנטום א גאנצע רייע א י י ג ע נ ע קריזיסן, עקאנאמישע, פאליטישע און קולטורעלע קריזיסן, פון וועלכע די אנדערע פעלקער זיינען פטור, א י י ג ע נ ע ספעציפישע אידישע קריזיסן, וואס שטאמען פון אונזער גאנצער היסטארישער אנטוויקלונג, וואס דעקן אויף מיט אמאל די גאנצע נאציאנאלע קאטאסטראפע, וועלכע מיר האבן גע'ירשנ'ט פון דער פריערדיגער עפאכע.

3

מח־רירעוודיגקייט, נשמה־באוועגלאכקייט, וואנדער־חשק, ריזיקע־גרייטקייט, ראציאנאליסטישע אויסגערעכנטקייט, אינדיווידועלע עלנבויגנס, קאמבינירער־טאלאנטן, צוקונפט־אויגן — אט די דאזיגע אלע מעלות, וואס דער איד האט אין משך פון מיטל־אלטער ביי זיינע ריזיקאלישע און פארהאסטע האנדל־און פינאנץ־געשעפטן אנגעזאמלט און אנטוויקלט אין זיך, האבן זיך ארויסגעוויזן פאר אים מיט'ן אנקומען פון דער קאפיטאליסטישער עפאכע פאר אן אוצר־קוואל, וואס איז גאר ניט אפצושאצן. דאס מערב־אידנטום, וואס איז אין צאל געווען וויניג און א קאפיטאליסטישע סעודה האט עס געהאט פאר זיך א רייכע און א פעטע, האט טאקע אפגעלעקט א פיין ביינדל פון דער דאזיגער סעודה. אידן מאכן אויס אין בערלין קוים פיר פראצענט און צווישן די מיליאנערן מיט מער פון צוויי מיליאן מארק א פארמעגן האבן זיי אויסגעמאכט (מיט משומדים) אין 1912, מער ווי א העלפט. די בערלינער אידן האבן פאר דער מלחמה אריינגעטראגן מער פון דרייסיג פראצענט פון אלע הכנסה־שטייערן פון דער שטאט בערלין, אכט מאל מער פון זייער פראצענט אין דער באפעלקערונג. אזעלכע פאקטן קאן מען ברענגען נאך א סך. פונ'ם מזרח־אייראפעאישן אידנטום האט נאר א גאנץ קליינער פראצענט געהאט א מעגלאכקייט ארויפדראפן זיך אויף די גאר הויכע טרעפ פון קאפיטאליסטישן לייטער — ראשית, איז דאס מזרח־אייראפעאישע אידנטום געווען א סך גרעסער אין צאל און, שנית, איז אין מזרח־אייראפע די סעודה געווען א סך מאגערער. דער וואוקס פון די אידישע מאסן אין מזרח־אייראפע איז געווען אזוי גרויס, אז שוין צוריק מיט הונדערט יאר האט זיך א גרויסער טייל פון אידנטום געמוזט אפקערעווען פונ'ם גרויסן אויסגעריבענעם היסטארישן שליאך פון האנדל און פארמיטלעריי און זיך פארנעמען גאר אויף נייע וועגן, אויף וועגן פון ארבעט און פראצע, פון לאנדווירטשאפט, פון האנטווערק און פון פאבריק־ארבעט. צוליב א גאנצע רייע אביעקטיווע און סוביעקטיווע סיבות, אויף וועלכע מיר קאנען זיך דא ניט אפשטעלן, האבן זיך די לאבאריזירטע אידישע מאסן אפגעשטעלט דער עיקר אינ'ם האנטווערק, וואס האט פון אלע דריי מינים פראצע געלאזט דעם מאקסימום פלאץ פאר זעלבסשטענדיג־מעגלאכקייטן, פאר עקאנאמישן אויפשטייג און פאר קאמבינירן מיט האנדל און האט אויך פארלאנגט קלענערע פיזישע אנשטרענגונגען.

אין רעזולטאט האט זיך באקומען א שטארק פארבירגערלאכט מערב־אייראפעאיש אידנטום מיט גאר א קליינעם פראצענט ארבעטנדיגע עלעמענטן, כאטש די

קלאַסן־דיפערענציאַציע האָט זיך אויך דאָ אויסגעווירקט און ס׳איז אויסגעוואַקסן אַ באַדייטנדיגער האַנדלס־פּראָלעטאַריאַט. אַ באַדייטנדיגער אָבער נאָר אין דער קלייַנער אידישער גרופּע — ער ווערט אָבער בטל בששים אין דער פרעמדער גרויסער האַנדלס - פּראָלעטאַרישער מאַסע, אַנטפּלעקט ניט זיין אידישן פּנים, ווערט פון דער אַרומיגער וועלט בכלל ניט געמערקט אָדער אין בעסטן פאַל ניט אויפגענומען אַלס אַן אויסגעשפּראָכן אידישע גרופּע. אין די אויגן וואַרפט זיך און אַלס איד ווערט אויפגענומען ניט דער אידישער משרת ביי טיצן (דאָס גרעסטע אוניווערסאַל־געשעפט אין דייטשלאַנד), וואָס אַרבעט ניט ווייניגער פון זיין ניט־אידישן קלאַסן־חבר, איז ניט ווייניגער פון אים בלייך און אויסגעמאַטערט און האָט שוין איצט ניט מער פון אים פינאַנציעלע און פסיכישע שאַנסן אויף ווערן אַמאָל זעלבסטשטענדיג, נאָר דער בעל־הבית טיץ, זיין אידישער דירעקטאָר — אָט זיי רעפּרעזענטירן, אַזוי צו זאָגן, פאַר דער דרויסנדיגער וועלט, און ניט נאָר פאַר דער אַנטיסעמיטישער וועלט, דאָס דייטשע אידנטום.

אין מזרח־אייראָפּע איז די לאַגע אַ סך אַנדערש — אַנטקעגן דער מזרח־וואַנט פון אידישער גרויס־ און מיטל־בורזשואַזיע שטייט אַ גרויסע מאַסע קבצנים און אָרימע לייט פונ׳ם אידישן קליינבירגערטום, וואָס שוואַכט שוין אין אַ גרויסער מאָס אָפּ דעם זאַטן פּנים פון אידנטום בכלל; אַ סך וויכטיגער איז אָבער די אָרגאַניזירטע אידישע אַרבעטער־באַוועגונג, וועלכע שטייט אין אַ פאַרביטערטן קאַמף מיט איר אייגענער אידישער בורזשואַזיע, וועלכע שטייט אין איין קאַמף־פראָנט מיט דער ניט־אידישער אַרבעטערשאַפט און שטרייכט שטאַרק אונטער אין אַלע אירע אַרויסטרעטונגען און קאַמפן דעם קלאַסן־אחדות איבער דער נאַציאָנאַלער אחדות. ווייל זי טרעט אַרויס אַלס אַ א י ד י ש ע אַרבעטער־באַוועגונג, ווייל זי פּרעטענדירט אויף איבערנעמען די ראָלע פון פירנדיגן קלאַס אין אידנטום, זי שטרעבט צו קאָנסטיטואירן זיך אַלס ד י אידישע נאַציע, ווייל זי רעדט שוין איצט אין נאָמען פון דער מערהייט עקספּלואַטירטע און באַנומענע אין אידנטום, פירט זי דאָ אויס אַ וויכטיגע נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע היסטאָרישע שליכות: מאַכן אַ סוף צו דער לעגענדע וועגן אידנטום, אַלס גאַנצעס, אַלס קלאַסן־גאַנצעס, אַלס אויסגעשפּראָכן בירגערלאַכע גרופּע.

אָבער אויך דאָ איז דער אידישער אַרבעטער איזאָלירט און פאַררוקט אין די האַנטווערק־וואַרשטאַטלאַך — דאָס שוואַכט אָפּ זיין פּאָליטישע וואָג אין לאַנד, זיין פּאָליטישע ראָלע אין דער אייגענער נאַציאָנאַלער גרופּע, שוואַכט אָפּ דעם עפעקט פון זיין קאַמף, מאַכט אָפט צו נישט די רעזולטאַטן פון גרויסע אָנשטרענגונגען, שאַפט יעדנפאַלס אַ שטענדיגע דיספּראָפּאָרץ צווישן די געבראַכטע קרבנות און די דערגרייכטע רעזולטאַטן. ניט געקוקט אויף דעם, וואָס אין כמות בילדעט דער אידישער אַרבעטער אין די מזרח־אייראָפּעאישע לענדער ביי זיין פאָלק אַ גרעסערן פּראָצענט, ווי דער ניט־אידישער פּראָלעטאַריאַט ביי דער ניט־אידישער באַפעלקערונג, קאָן מען נט פאַרגלייכן די פּאָליטישע וואָג פון די צוויי גרופּעס אַרבעטער־קלאַס — ניט נאָר ווייל אין אַבסאָלוטע צאָלן איז דער ניט־אידישער פּראָלעטאַריאַט דאָך אַ סך אַ גרעסערע קראַפט, ווי דער אידישער, נאָר דער עיקר, ווייל ער פאַרנעמט קוואַליטאַטיוו די וויכטיגסטע פּאָזיציעס פון לעבן אין לאַנד, ווייל ער פילט אויס

אזעלכע עקאָנאָמישע פונקציעס, וואָס אָן זיי מוז אָפּשטאַרבן און בלייבן שטיין דער פּאָליטישער אַפּאַראַט און ניט צום סוף אויך ווייל ער איז קאָנצענטרירט אין גרויסע קאָמפּאַקטע מאַסן און ניט צעשטויבט און צעוואָרפן, ווי דער אידישער האַנטווער־קערישער פּראָלעטאַריאַט.

דער אויספיר איז דער פאָלגנדיגער — אי פאַר׳ן מזרח־, אין פאַר׳ן מערב־אידנטום שטייט שאַרף די פראַגע וועגן שאַפן שוין אין דער עפּאָכע פון קאַמף פון פּראָלעטאַריאַט פאַר דער מאַכט די עקאָנאָמישע פּאָזיציעס, וועלכע זאָלן אים פאַר־זיכערן אַ פּאַסיגן פּלאַץ אין די רייען פון קעמפנדיגן קלאַס, וועלכע זאָלן אים מער אַריינגלידערן און אַריינפּאַסן אין דער צעגלידערטער און צעריסענער געזעלשאַפט, אין וועלכער מיר לעבן. אין ביידע פאַלן שטייט די פּראָבלעם פון פאַרגרעסערן די קאַדרען פון אידישן פּראָלעטאַריאַט און פון אַריינציען אים אין דער אינדוסטריע, אין דער גרויס־אינדוסטריע. פאַרשטייט זיך, אַז אין די לענדער מיט גרויסע אידי־שע מאַסן, ווי פּוילן און רומעניע, שטייען די דאָזיגע צוויי פּראָבלעמען גאַנץ אַנ־דערש, ווי אין אַזאַ לאַנד, ווי דייטשלאַנד, מיט אַ פאַרהעלטניסמעסיג קליינער צאָל אידן. אָבער פּ ר י נ צ י פּ י ע ל שטייט אומעטום אייגנטלאך איינע און די זעלבע היסטאָרישע אויפגאַבע: אַריינפלעכטן וואָס מער טיילן פון אידנטום אין די אַ ר ב ע ט נ ד י ק ע קלאַסן, פאַרברייטערן וואָס ווייטער די אַ ר ב ע ט ־ באַזע אין אידנטום, שאַפן פאַר אַלץ ברייטערע אידישע מאַסן פּאָזיציעס אין די קלאַסן, וואָס קומען פאַרבייטן די בירגערלאַכע וועלט, באַהעפטן וואָס גיכער אַלץ גרעסערע טיילן פון אידנטום צו יענע קלאַסן פון די אַרומיקע פעלקער, וועלכע שפּילן די הויפּט־ראָלע אין קאַמף פאַר אַ נייע געזעלשאַפטלאַכע אָרדענונג און וואָס דאַרפן אין דער נאָענטער צוקונפט ווערן בעלי־בתים פון דער געזעלשאַפט.

אָט אַזאַ מין אויפגאַבע רוף איך ספּעציעל אִ י ד י ש ע, ווייל ביי די איבע־ריקע פעלקער דאַרף מען קיינעם ניט צוציען צו אַרבעט (לאַבאָריזירן), מען דאַרף קיינעם ניט באַהעפטן צום אַרבעטער־קלאַס (פּראָלעטאַריזירן) און מען דאַרף קיינעם ניט שטופּן אין דער גרויס־אינדוסטריע אַריין (אינדוסטריאַליזירן) — ביי זיי דאַרף מען נאָר אָרגאַניזירן די עקזיסטירנדע אַרבעטער מאַסן, די נאַטירלאך־געשאַפענע אינ־דוסטריע פּראָלעטאַריער. דער גרויסער און איצט שוין ביז אַ געוויסער מאָס געלונגע־נער עקספּערימענט פון דער סאָוועט־רעגירונג צו פאַרוואַנדלען הונדערטער טויזנטער אידישע קליינבירגער — אַן ערב־רב פון תרי״ג פאַרמיטלערישע פּרנסות — אין אַרבעטנדיקע מענשן האָט באַוויזן, אַז די ברייטסטע מעגלאַכקייטן פון דער לאַבאָ־ריזירונג ליגן אין דער אינדוסטריע; דער זעלבער עקספּערימענט האָט אָבער דער־וויזן, אַז מיט אינדוסטריע שעפּט זיך ניט אויס די דאָזיקע גרויסע פאַרוואַנדלונגס־אַרבעט, און מען מוז אָנקומען ניט נאָר צום האַנטווערק, נאָר אַפילו צו דער לאַנדווירטשאַפט. און אויף אַזאַ אופן באַקומט זיך, אַז די לאַבאָריזירונג פון די אידישע מאַסן מוז גיין אויף אַלע דריי וועגן: אי לאַנדווירטשאַפט, אי האַנט־ווערק, אי אינדוסטריע. און אָפּהענגיק פון די באַדינגונגען אין דעם אָדער יענעם לאַנד דאַרף מען אָפּגעבן די בכורה דעם אָדער יענעם לאַבאָריזירונגס־צווייג.

אָבער דאָס מאָל אינטערעסירט אונז גאָר ניט, ווי די גרויסע היסטאָרישע אַרבעט דאַרף געמאַכט ווערן — מיר האָבן נאָר געוואָלט ווייזן, ווי טראַגיש אונזער

לאַגע איז, וואָס ווען אויפֿן פֿראָנט גייען שוין די קאַמפֿן פֿון דער מאַכט, ווען דער געראַנגל איז שוין אין פּוילן ברען, קומט אונז אויס אונטערצונעמען גרויסע שווערע אַרבעטן אום צו שאַפֿן די באַזע, פֿון וועלכער דער ערפֿאָלגרייכער קאַמף זאָל קאָנען געפֿירט ווערן, ריכטיגער די עקזיסטירנדע שמאָלע און שוואַכע באַזע קוואַנטיטאַטיוו פֿאַרגרעסערן און קוואַליטאַטיוו פֿאַרבעסערן.

ווען מיר רעדן וועגן דעם, אַז דער געראַנגל איז שוין אין פּוילן ברען, הייסט עס ניט, אַז מיר האַלטן, אַז אַט, אַט ווערט שוין פֿאַרווירקלאַכט דער סאָציאַליזם, אַז אַט, אַט נעמט דער פּראָלעטאַריאַט איבער די מאַכט אין די הענט. מיר טרעטן איצט געוויס אַריין אין אַן איבערגאַנגס־עפּאָכע, וואָס וועט פֿאַר אונז אידן האָבן אַלע חסרונות פֿון דער אַקפּיטאַליסטישער עפּאָכע און קיינע מעלות פֿונם סאָציאַ־ליזם. דער מלוכה־קאַפּיטאַליזם פּילט אויס נאָר איין פֿונקציע — ער נעמט דערוויל אָפּ ביי אידן פּרנסות; זאָרגן, אַז זיי זאָלן פֿון דער מלוכה אויסגענוצט ווערן אין די האַנדל־ אָדער אינדוסטריע־צווייגן, אין וועלכע זיי זיינען געוועזן ביזן איבערגיין פֿון די דאָזיקע צווייגן אין רשות פֿון דער מלוכה — דאָס לאָזט ער איבער דעם סאָציאַליזם. אויף אַזאַ אופֿן פֿאַרוואַנדלט זיך דער מלוכה־קאַפּיטאַ־ליזם אָדער מלוכה־קאָלעקטיוויזם, ווי מען רופֿט דאָס איצט אין דער פּובליציסטיק, אין אַ מין נאַציאָנאַלן באָלשעוויזם, וואָס עקספּראָפּריאירט ניט ס אָ צ י אַ ל ע קלאַסן, נאָר נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע גרופּן. אין אַ באַזונדער שאַרפֿער פֿאָרם טרעט דאָס אַרויס אין די האַלב אינדוסטריאַליזירטע לענדער, וואו דער האַנדל ליגט כמעט אינגאַנצן אין אידישע הענט. אין פּוילן האָבן די אַלע מאָנאָפּאָלן — שוועבעלאַך־, טאַבאַק־, זאַלץ־ און בראַנפֿן־מאָנאָפּאָל — געטראָפֿן אויסשליסלאַך אידן. דער קליינער פּראָצענט ניט־אידן, וואָס האָט געהאַנדלט מיט די דאָזיקע סחורות, איז דאָפּלט אָדער דרייפֿאַך קאָמפּענסירט דורך באַקומען שטעלעס אין די מלוכה־מאָנאָפּאָלן. דאָס זעלבע איז אויך מיט די אַלע מלוכה־סינדיקאַטן און מלוכה־געשעפֿטן אויף עקספּאָרטירן תבואה, קולטור־פּלאַנצן, עופֿות, פֿעדערן וכדומה — די מלוכה האָט איבערגענומען אַ שטיק פּריוואַט־האַנדל און האָט פֿאַרווירקלאַכט אַ שטיק סאָציאַליזם, אָבער אידן האָבן נאָר געליטן דערפֿון און גאָרניט געוואונען. דער אידישער אַרבעטער אויך ניט, ווייל ווען אפֿילו די פּוילישע רעגירונג זאָל זיין פֿעאיקער און ווירקלאַך מאַכן ביליקער און בעסער די דאָזיקע אַלע פֿון דער מלוכה מאָנאָפּאָליזירטע אַרטיקלען, וואָלט דאָס אויך ניט געדעקט דעם אידישן אַרבעטער־קלאַס דעם היזק, וואָס ער האָט דורך דער פֿאַר־אָרימונג פֿון אידישן האַנדלס־קלאַס, מיט וועלכן ער איז עקאָנאָמיש שטאַרק פֿאַר־בונדן. בפֿרט נאָך, אַז פֿאַקטיש לאָזט זיך דער דאָזיקער מלוכה־קאָלעקטיוויזם אויס צום אידישן אַרבעטערס קאָפּ ניט ווייניקער — די פּוילישע רעגירונג האָט איבערגענומען די טאַבאַק־פֿאַבריקאַציע און אַ פּאָר טויזנט אידישע טאַבאַק־אַרבעטער האָבן פֿאַרלאָרן זייער פּרנסה.

מיר האָבן געבראַכט משלים פֿון פּוילן — דאָס איז אָבער ניט קיין ריין־פּוילישע ערשיינונג. אויך אין דייטשלאַנד חזר'ט זיך איבער דאָס זעלבע. די רעגירונג קויפֿט איצט גרויסע פֿאַרטיעס ווייץ אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן, גרויסע פֿאַרטיעס קאַפֿע אין בראַזיליע — די אַלע אָפּעראַטן, וואָס וועלן פֿון דער

מלוכה באשאפן ווערן פאר די דאָזיקע טראַנסאַקציעס, וועלן קיין אידן ניט אַר־בעטן. דאָ קומט עס פאַר אַ סך נאַטירלאַכער — אידן זיינען ניט פאַראַן צווישן די קליינע און מיטעלע באַאַמטע און ס׳איז נאַטירלאַך, אַז ביים פאַרברייטערן דעם אַפּאַראַט ביים שפּייז־מיניסטעריום, דורך וועלכן די דערמאָנטע אָפּעראַציעס וועלן דורכגעפירט ווערן, זאָלן קומען די קרובים און נאָענטע פון די פאַראַנענע באַאַמטע. ס׳וועט זיך אַלזאָ באַקומען, אַז איידשע תבואה־הענדלער און קאָפּע־הענדלער וועלן ליידן פון דעם, וואָס די רעגירונג נעמט איבער אַזאַ מסחר־אָפּעראַציע — געווינען וועלן אָבער אידן גאָרנישט. ווייל ליידן וועט ניט נאָר דער אידישער בעל־הבית, נאָר אויך דער אידישער אָנגעשטעלטער, וועלכער קאָן אין בעסטן פאַל האָפן אויף אַ פּלאַץ נאָר ביי אַ אידישן הענדלער.

די פּאָר ביישפּילן זיינען גענוג צו אילוסטרירן אונזער געדאַנק — אין דער איבערגאַנגס־עפּאָכע, ווען די בורזשואַזע רעגירונגען זיינען געצוואונגען קאָלעק־טיווירן דעם אָדער יענעם אינדוסטריע־ אָדער האַנדלס־צווייג, ליידן דערפון אַלע קלאַסן פון אידנטום. און ס׳באַקומט זיך אַזאַ פּאַראַדאָקסאַלע לאַגע, אַז ניט נאָר דער אידישער בעל־הבית, דער אידישער אונטערנעמער און דער אידישער קרעמער מוזן זיין קעגן אַלע קאָלעקטיוויזירונגס־פּרואוון פון די בורזשואַזע רעגי־רונגען און בורזשואַזע קאָמונאַלע פאַרוואַלטונגען, נאָר אויך די אידישע פּראָלע־טאַריער, די אַרבעטער און אָנגעשטעלטע, קאָנען ניט באַגריסן אַזאַ קאָלעקטיווי־זאַציע. ס׳איז אַן אַנדער פראַגע, וועלכע מיר קאָנען דאָ ניט באַהאַנדלען, צי דאַרף דער אידישער אַרבעטער זיך שטעלן אַנטקעגן דעם היסטאָרישן פּראָצעס, וואָס טרייבט צו טיילווייזער קאָלעקטיווער ווירטשאַפט נאָך ביי דער בורזשואַזער ווירטשאַפט אָדער ער דאַרף בעסער קעמפן פאַר רעכט אויף אַרבעט, פאַר סאָציאַ־לע גלייכבאַרעכטיקונג.

דער צווייטער אויספיר איז — אויב ביים פּ אַ ר ו ו י ר ק ל אַ כ ן דעם סאָציאַליזם מוזן אידן, וועלכע האָבן אַ גרעסערן ירושה־האַרב פון מיטל־ און קליינבירגערלאַכע עלעמענטן, ליידן מער פון אַלע פעלקער, באַקומען אָבער דער־פאַר פרייע מעגלאַכקייטן זיך אריינגלידערן אין די אַרבעטנדיקע קלאַסן פון די אַרומיקע פעלקער און צוזאַמען מיט זיי בויען די נייע וועלט, ווערט אין דער איבערגאַנגס־תקופה, אין דער עפּאָכע פונם מלוכה־קאַפּיטאַליזם, די לאַגע פאַר אידן ממש ק אַ ט אַ ס ט ר אָ פ אַ ל : פון יעדן קאָלעקטיוו־פּרואוו ליידן זיי אין דער ערשטער רייע און אין דער גרעסטער מאָס און פון די פּאָזיטיווע זייטן באַ־קומען זיי וויניקער פון אַלע, נאָך אָפטער טאָקע גאָר ניט. אָט דער דאָזיקער היסטאָרישער איבערברוך אין אידישן לעבן האָט זיך שוין אָנגעהויבן — זיינע שריט הערן זיך שוין אין אַלע ווינקעלאַך פון אידישן לעבן. און די קרעכצן, וואָס טראָגן זיך איצט פון אַלע זייטן, די פאַרצווייפלונג, וואָס האָט ארומגעכאַפּט כמעט אַלע שיכטן פון אידישן פאָלק, זיינען ניט אַזוי אַ רעזולטאַט פונם אַלגע־מיינעם קריזיס, פון וועלכן אידן ליידן טאָקע שטאַרקער פון אַנדערע, נאָר פון דעם ספּעציפישן אידישן אייגענעם קריזיס, וועלכן מיר וואָלטן אַ נאָמען געגעבן: ארויסשטויס דורכן מלוכה־קאַפּיטאַליזם.

## .4

אונזער אַרטיקל האָט זיך שוין אַזוי אויך פאַרצויגן און מיר קאָנען זיך דאָס מאָל ניט אָפּשטעלן אויף אונזערע א י י ג ע נ ע פּאָליטישע און קולטורעלע קריזיסן. מיר ווילן נאָר אין קורצן מרמז זיין, וואָס מיר מיינען מיט די דאָזיקע ווערטער. מיטן וואוקס פון די פּאָזיטיווע כחות אין אידישן לעבן און מטן וואוקס פון דער נאַציאָנאַלער באפרייאונג ביי די פעלקער, צווישן וועלכע די גרויסע אידישע מאַסן לעבן, איז געוואָרן אַלץ דרינגענדער די אויפגאַבע צו שאַפן מלוכה־ראַמען פאַר׳ן אידישן פאָלקס־אָרגאַניזם. די מאקסימאַלע פּראָגראַם איז באַשטאַנען אין שאַפן אַ אייגענע מלוכה אין אַן אייגן לאַנד; די מנימאַלע פּראָגראַם איז באַשטאַנען אין שאַפן אידישע אָרגאַנען מיט מלוכה־רעכט און מלוכה־פונקציעס פאַר די קולטורעלע באַדערפענישן פון די אידישע מאַסן. איך פאַרשפּאָר זאָגן, אַז ביידע לעבן איבער אַ שווערן קריזיס, אַז ביידע האָבן זיך דערוויל ניט איינגעגעבן שאַפן אין אידישן לעבן אַזעלכע פּאָזיציעס, וואָס זאָלן אָרגאַניש פון זיך אַליין ווייטער וואַקסן און פירן קלאָר אָן ספקות צום באַשטימטן ציל.

מיר האָבן אַלזאָ אַ ן א י י ג ע נ ע ם פּ אָ ל י ט י ש ן ק ר י ז י ס : פאַרן אַרבעטער־קלאַס פון יעדער פאָלק שטייט נאָר די אויפגאַבע איבערנעמען די פּאָליטישע מאַכט און רעפאָרמירן און רעאָרגאַניזירן די פּאָליטישע אינסטיטוציעס, וועלכע ער באַקומט בירושה. פאַרן אידישן אַרבעטער־קלאַס שטייט נאָך אין איר גאַנצער גרויס און קאָלאָסאַלער שווערקייט די פּראָבלעם פון ש אַ פ ן כאָטש די מינימאַלע ראַמען פון מלוכהשקייט, אָן וועלכע דער נאַציאָנאַלער אָרגאַניזם מוז זיך גאָר אינגאַנצן צעשיטן און צעפאַלן, ש אַ פ ן וועלכע ס׳ניט איז, זאָל זיין גאָר שמאָלע פּאָליטישע רייפן, וועלכע זאָלן צוזאַמענהעפטן און צוזאַמענבינדן די יחידים אין איין נאַציאָנאַלן כלל.

און אויך אין דער קולטור־פראַגע האָבן מיר א ו נ ז ע ר ספּעציפישן קריזיס — ביי אונז גייט ניט נאָר אין שאַפן אַ נייעם תוכן, אַ נייעם קולטור־מהות, אַ נייעם גייסט־אינהאַלט, נאָר אויך אין שאַפן אַ קולטור־פאָרם, אַ כלי פאַר אונזער קולטור־אויסלעבן. אויך דאָ האָבן געקעמפט צוויי שטרעמונגען: אַ איבערנאַטירלאכע, אַ אַנטי־היסטאָרישע, געבויט אויף אַן אַלטער טראַדיציע, וואָס האָט געוואָלט פון אַ ליטעראַטור־שפּראַך מאַכן אַ רעד־שפּראַך, פון אַ בוך־שפּראַך אַ לעבנס־שפּראַך; און אַ נאַטירלאכע, אָרגאַניש־היסטאָרישע, וואָס האָט געוואָלט פון אַ פּרימיטיווער שפּראַך מאַכן אַ קולטור־שפּראַך, פון אַ לעבנס־שפּראַך אַ ליטעראַטור־שפּראַך, פון אַ פאָלקס־שפּראַך אַ נאַציאָנאַלע שפּראַך. ווידער פאַרשפּאָרט מען זאָגן, אַז ביידע לעבן איבער ממש אַ טראַגישן קריזיס. ניט אַ קריזיס, ווייל די אידישע באַפעלקערונג איז אָרימער און קאָן קיין ביכער ניט קויפן, נאָר אַן אָרגאַניש, אַן א י מ אַ נ ע נ ט ן קריזיס: ביידע האָט זיך דערוויל ניט איינגעגעבן שאַפן אַזעלכע פעסטע פונדאַמענטן אין דער נשמה פון פאָלק, אַז מען זאָל קאָנען ווייטער ניט ציטערן איבער דעם יסוד, איבער דער באַזע, נאָר טראָגן ציגל און בויען דעם ווייטערדיקן בנין.

און מען מוז זאָגן דעם אמת — איןביידע נאָר וואָס כאראקטעריזירטע קריזיסן, אין פּאָליטישן און קולטורעלן, איז מען אין אַלע לאַגערן צוגעקומען צו א טעמפּן ווינקל, פון וועלכן מען זעט דערווייל ניט קיין אויסוועג. ס'מוז קומען א איבערברוך, ס'מוז קומען א נייער ענערגיע־שטראָם, א נייער זאפּט־קוואל, וואָס זאָל ארויספירן פונם טעמפּן ווינקל. מיר ווייסן ניט, ווען דאָס וועט געשען, אָבער מיר גלויבן, אַז נאָר מיט א נייעם רעוואָלוציע־שטראָם וועט דער נייער זאפּט־קוואל אַנטפּלעקט ווערן און מיר זיינען ניט אין ספק, אַז ער וועט און מוז אַנטפּלעקט ווערן.

ד. שוב:

# פאַרוואָס איז אין סאָוועט־רוסלאַנד ניטאָ איצט קיין אַרבעטסלאָזיגקייט?

„אין אַלע לענדער פון דער וועלט הערשט איצט אַ שרעקלאַכער קריזיס און די צאָל אַרבעטסלאָזע פאַרגרעסערט זיך פון טאָג צו טאָג. נאָר אין סאָוועט־רוסלאַנד ווייסט מען ניט פון קיין קריזיס און פון קיין אַרבעטסלאָזיגקייט. דאָרט איז יעדער אַרבעטער באַזאָרגט מיט אַ פּלאַץ צו אַרבעטן. סאָוועט־רוסלאַנד ליידעט זאָגאַר פון אַ דוחק אין אַרבעטער".

אַזוינע און ענלאַכע באַמערקונגען הערט מען איצט ניט נאָר פון די פּראָפעסיאָנעלע קאָמוניסטישע פּראָפּאַגאַנדיסטן אין רוסלאַנד גופא און אין אויסלאַנד, נאָר זייער אָפט אויך אַפילו פון אַזוינע מענשן, וואָס האָבן מיט קאָמוניזם אָדער מיט סאָציאַליזם קיין שום שייכות ניט.

ניט לאַנג צוריק איז מיר אויסגעקומען צו הערן פון אַ גאַנץ אָנגעזעענעם אַמעריקאַנער סאָציאַליסט אַזאַ פראַזע: „וואָס מען זאָל ניט זאָגן וועגן דער באָלשעוויסטישער דיקטאַטור אין רוסלאַנד, אָבער איין זאַך מוזן אַלע צוגעבן, אַז די באָלשעוויקעס האָבן אָפּגעשאַפט אַרבעטסלאָזיגקייט, וואָס איז די גרעסטע קללה פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט."

ביי פילע אַמעריקאַנער „ליבעראַלן" און סאָציאַליסטן, וואָס באַקומען זייער גאַנצע אינפאָרמאַציע וועגן רוסלאַנד פון די פּאַרלאָר־באָלשעוויסטישע אַמעריקאַנער וואָכנבלעטער, די „ניישאָן" און די „ניו רעפּאָבליק" און פון מר. וואָלטער דיוראַנטי׳ס טעלעגראַמען אין דער „ניו יאָרק טיימס", האָבן זיך די לעצטע צייט אויף דעם גרונט פאַרשטאַרקט די סימפּאַטיעס ניט נאָר צו סאָוועט־רוסלאַנד, נאָר אויך צום קאָמוניזם און אויב די מייסטע פון זיי גייען ניט אַריין אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, איז עס נאָר דערפאַר, וואָס זיי גלויבן, אַז די פּאַרטיי, ווי זי ווערט איצט געפירט, קען ניט האָבן קיין איינפלוס אויפ׳ן אַמעריקאַנער עולם.

אָבער ניט נאָר די פּאַרלאָר־באָלשעוויקעס, נאָר אויך די מערסטע קאָנסערוואַטיווע צייטונגען פון אַמעריקע נעמען אָן אַלס אַ פאַקט, אַז אין סאָוועט־רוסלאַנד איז איצט ניטאָ אַזאַ זאַך ווי אַרבעטסלאָזיגקייט.

וואָס איז דער אמת? האָט סאָוועט־רוסלאַנד טאַקע געלייזט אָט די פאַרשאָלטענע פראַגע, וועלכע קיין אַנדער לאַנד האָט נאָך ביז איצט ניט געלייזט?

נו, איך וויל דאָ גלייך אויפ׳ן שטעל זאָגן, אַז אין סאָוועט־רוסלאַנד פילט זיך לעצטנס ווירקליך אַ גרויסער דוחק אין קוואַליפיצירטע, געלערנטע אַרבעטער, אָבער די פראַגע וועגן אַרבעטסלאָזיגקייט איז אין סאָוועט־רוסלאַנד, ווי מיר וועלן באַלד זען, נאָך זייער און זייער ווייט פון געלייזט צו ווערן.

דעם 1טן מאַי, 1929, זיינען, לויט די אָפיציעלע סאָוועטישע סטאַטיסטיקס, אויף די אַרבעטס־בירזשעס פון סאָוועט־רוסלאַנד געווען פאַררעגיסטרירט אַ מי־

ליאָן מיט 700 טויזנט אַרבעטסלאָזע. אין דער אמת'ן איז די צאָל ארבעטסלאָזע אין לאנד דעמאָלט געווען א סך גרעסער, ווארום עס איז אן אַלגעמיין באקאנטער פאקט, אז כדי צו פארקלענערן די שטיצע, וואס די רע־גירונג האָט געמוזט צאָלן די ארבעטסלאָזע, האָט מען אין די צעטלען פון אר־בעטסלאָזע אריינגעטראָגן נאָר אזוינע ארבעטער, וואס האָבן אָפּגעארבעט אין די פאבריקן אָדער אין די מאינס א געוויסע צאָל יאָר, די ארבעטער מיט א „לענגערן סטאזש", ווי זיי ווערן אָנגערופן אויפ'ן סאָוועטישן לשון, אדער ווי מיר וואָלטן עס גערופן אויף אונזער אמעריקאנער שפראך, די ארבעטער מיט א רעקאָרד פון עטלאכע יאר אַרבעט.

די יעניגע ארבעטער, וואס האָבן געארבעט נאָר א קורצע צייט אין די פאב־ריקן, ווי אויך די, וואָס האָבן צום ערשטן מאָל געזוכט ארבעט, און די קינדער פון די אזוי־גערופענע „לישענצעס" (געוועזענע קרעמער, הענדלער, כלי קודש א. אַ.) האָט מען ניט רעגיסטרירט אויף די ארבעטס־בירזשעס. און די צאָל פון אָט די ניט־רעגיסטרירטע ארבעטסלאָזע איז געווען מער ווי צוויי מאָל אזוי גרויס, ווי די רעגיסטרירטע. ארום און ארום האָבן די סאָוועטישע סטאַטיסטיקער גופא געשאַצט די צאָל ארבעטסלאָזע אין די שטעדט ארום 4—5 מיליאָן.

א חוץ די שטאָדטישע ארבעטסלאָזע זיינען אין יאר 1929 אין די דערפער פון סאָוועט־רוסלאנד געווען פון 8 ביז 10 מיליאָן „איבעריגע מיילער," ד. ה. פויערים, וואס האָבן זיך ניט געקענט ערנערן אין דאָרף. די ארבעטסלאָזע אר־מיי איז געווען אזא ריזיגע, אז קיינעם פון די באָלשעוויסטישע פירער איז דע־מאָלט ניט איינגעפאלן, אז אפילו צום סוף פון דעם פינף־יאר פלאַן זאָל די ארבעטסלאָזיגקייט אינגאנצן פארשווינדן. פארקערט, לויט דעם אָריגינעלן פינף־יאריגן פּלאַן האָט אין יאר 1930 די צאָל ארבעטסלאָזע זיך גאָר באדארפט פאר־גרעסערן אויף 10 פּראָצענט! (זע די „קאָנטראָל־ציפרן" פון גאָספּלאַן פאר די יארן 1929—1930, מאָסקווע, זייט 240). און מיט אמאָל האָט סטאָלין א מאך געטאָן מיט זיין כשוף־שטעקעלע און די מיליאָנען ארבעטסלאָזע זיינען פאר־שוואונדן פון דער סצענע. אנשטאָט א מאנגל אין דזשאבס, איז גאָר געווארן א מאנגל אין ארבעטער!...

„אין סאָוועטן־פארבאנד, האָט געשריבן די מאָסקוועער „איזוועסטיא" פון 25טן פעברואר, 1931, איז מער ניטאָ קיין ארבעטסלאָזיגקייט. דער ביישפּיל־לאָזער פארנעם פון סאָציאַליסטישער בויאונג האָט געבראכט צו דער פולשטענ־דיגער און ענדגילטיגער אָפּשאפונג פון דער ארבעטסלאָזיגקייט אין סאָוועטן־פארבאנד און צו דער ליקווידאציע פון יענער איבעריגער ארבעטס־קראפט אין דאָרף, וואס האָט זיך נאָך גאָר ניט לאנג צוריק געציילט אין מילאָנען און וואָס קען דאָרט ניט געפינען פאר זיך קיין ארבעט".

דאָס אייגענע האָט דעם זעלבן טאָג געשריבן די צייטונג „זאַ אינדוסטריא־ליזאציו", דער אָפיציעלער אָרגאַן פון דעם העכסטן עקאָנאָמישן ראַט פון דער סאָוועט־רעגירונג:

„אין יאר 1929 האָט מען נאָך גערעדט וועגן אַן אגרארער איבערבאפעל־קערונג, וועגן דעם, אז אין דאָרף איז פאראנען א ריזיגע צאָל איבריגע מענשן.

אין אָנפאַנג פון יאָר 1930 איז די צאָל ארבעטסלאָזע (פאַררעגיסטרירטע אויף די אַרבעטס-ביורזשעס) געווען אַ מיליאָן מיט 300 טויזנט. עס איז פאַריבער אַ יאָר און די בירזשעס האָט מען צוגעשלאָסן, ווייל מען דאַרף זיי מער ניט האָבן: אין לאַנד איז שוין מער ניט געווען קיין איין ארבעטסלאָזער".

אין פארלויף פון איין יאָר צייט, אַלזאָ, האָט מען ניט נאָר אָפּגעשאַפט די אַרבעטסלאָזיגקייט אין די שטעט, נאָר אויך באַפרייט זיך פון די 8—10 מיליאָן איבעריגע פויערים אין די דערפער. און דער מאַנגל אין ארבעטער איז געוואָרן אַזוי גרויס, אַז פילע פאַבריקן שטעלן זיך אָפּט אָפּ נאָר דערפאַר, וואָס זיי פעלט אויס אַ 10—15 אַרבעטער.

וואָס-זשע אַזוינס האָט פּאַסירט אין יאָר 1930, וואָס האָט אַזוי געענדערט די לאַגע? עס איז דורכגעפירט געוואָרן די באַרימטע „קאָלעקטיוויזאַציע" אין דאָרף. סטאַלין האָט אין זיין באַרימטער רעדע, וואָס ער האָט געהאַלטן דעם 23טן יוני, 1931, געזאָגט, אַז ביז גאָר ניט לאַנג האָט דער רוסישער דאָרף מיט זיך פאָרגע-שטעלט אַן אונערשעפּלאַכן מענשן-רעזערוואואַר, פון וואַנען די אינדוסטריע האָט כסדר געשעפּט פאַר זיך אַרבעטער. פון די מיליאָנען פויערים פאַרמס פלעגן יעדן יאָר קומען אין שטאָדט אריין הונדערטער טויזנטער „הענד", וואָס פלעגן דאָרט אָדער פאַרבלייבן אויף שטענדיג אָדער ארבעטן נאָר צייטווייליג. אָט דער שטענדיגער שטראָם פון פויערים פון דאָרף אין שטאָדט אריין, האָט זיך אין יאָר 1930, ווען די באָלשעוויקעס האָבן גענומען דורכפירן די קאָלעקטיוויזאַציע, איינגאַנצן אָפּגעשטעלט. נאָך מער, פילע פון די ארבעטער, וואָס האָבן געאַרבעט אין שטאָדט אויף די פאַבריקן, האָבן פאַרלאָזן די שטאָדט און זיינען אנטלאָפן אין די דערפער אַזוי שנעל, ווי סטאַלין האָט גענומען דורכפירן די „דורכאויסיגע קאָלעקטיוויזאַציע".

עס איז אין יאָר 1930 אויף די רוסישע פאַבריקן געשען דאָס זעלבע, וואָס איז אין יאָר 1917 פאָרגעקומען אין דער רוסישער ארמיי. פונקט ווי די צייט-ווייליגע רעגירונג האָט אין יאָר 1917 ניט געקענט איינהאַלטן די רוסישע סאָל-דאַטן, אַז זיי זאָלן זיך ניט צולויפן אין די דערפער אַזוי שנעל ווי עס איז באַ-קאַנט געוואָרן, אַז מ'האָט באַשלאָסן צו פאַרטיילן צווישן די פויערים די ערד פון די גרויסע גוטבאַזיצער, אַזוי איז אויך אין יאָר 1930 סטאַלין געווען מאַכטלאָז איינצוהאַלטן אַ גרויסן טייל פון די ארבעטער אויף די פאַבריקן, ווען מען האָט אָנגעפאַנגען צו „קאָלעקטיוויזירן" דעם דאָרף.

דער רוסישער אַרבעטער איז נאָך עד היום שטאַרק פאַרבונדן מיט'ן דאָרף. דער היינטיגער רוסישער ארבעטער איז אייגנטלאַך מער פויער, ווי ארבעטער, וואָרים זייער אַ גרויסער טייל פון די פריערדיגע קוואַליפיצירטע ארבעטער פון רוסלאַנד האָבן דורך די יאָרן פון באָלשעוויזם פאַרלאָזן די פאַבריקן און זיינען געוואָרן טשינאָווניקעס פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, פון די יוניאָנס און פון סאָוועטישן רעגירונגס-אַפּאַראַט.

אויף קאָלאָמענסקי זאַוואָד צ. ב. ש. האָבן נאָך אין יאָר 1925 די אַלטע קוואַ-ליפיצירטע ארבעטער פאָרגעשטעלט מיט זיך 55 פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער צאָל ארבעטער, וואָס האָבן דאָרט געאַרבעט. אין יאָר 1931 איז פון אָט די אַלטע ארבעטער

פאַרבליבן ווייניגער פון 15 פּראָצענט. די איבעריגע זיינען געוואָרן טשינאָווניקעס. דאָס אייגענע איז געשען אויך אויף אַלע אַנדערע פאַבריקן.

„נאָר אַ הייפעלע פון אַ 10—15 פּראָצענט, זעלטן וואו 20 פּראָצענט, פון די קוואַליפי־צירטע אַרבעטער איז פאַרבליבן אויף יעדן זאַוואָד", האָט זיך באַקלאָגט דער קאָרעספּאָנדענט פון דער מאָסקווער צייטונג „זאַ אינדוסטריאַליזאַציו" פון 19טן פעברואַר, 1931.

דאָס איז, אַגב, איינע פון די הויפּט אורזאַכן, וואָרום אין סאָוועט־רוסלאַנד פעלן איצט שטאַרק אויס קוואַליפיצירטע אַרבעטער. אָבער דאָס האָט אויך געפירט צו דעם, אַז די רוסישע פאַבריקן זאָלן אָנגעפילט ווערן מיט פויערים, וועלכע זיינען ערשט ניט לאַנג צוריק געקומען פון דאָרף און וועלכע זיינען מיט טויזנטער פעדים פאַרבונדן מיט'ן דאָרף.

אַן אונטערזוכונג, וואָס איז מיט אַ פּאָר יאָר צוריק דורכגעפירט געוואָרן אויף די סאָוועטישע פאַבריקן, האָט פעסטגעשטעלט, אַז כמעט אַ העלפט פון אַלע רוסישע מעטאַל־אַרבעטער האָט נאָך פאַרמאָגט אַ שטיק ערד אין דאָרף. זינט דאַן איז דער פּראָצענט פויערים אויף די רוסישע פאַבריקן געוואָרן נאָך אַ סך גרעסער. דער איצטיגער רוסישער אַרבעטער לעבט נאָך אינגאַנצן מיט'ן דאָרף, וואו עס געפינען זיך זיינע עלטערן, זיינע ברידער און שוועסטער און אָפט אויך זיין ווייב און קינדער. ווען מען האָט אָנגעפאַנגען „קאָלעקטיוויזירן" דעם דאָרף, איז דער אַרבעטער גאַנץ נאַטירלאַך, גלייך אַוועקגעלאָפן פון שטאָט אין זיין דאָרף אריין, כדי צו זיין דאָרט דערביי, ווייל דאָרט האָט זיך געהאַנדלט וועגן זיין שטיקל ערד, וועגן דער קו און וועגן דער הויז פון דער פאַמיליע.

דאָס איז איינע פון די אורזאַכן וואָרום עס איז אין יאָר 1931 מיט אַמאָל געוואָרן אַזאַ גרויסער מאַנגל אין אַרבעטער אויף די שטאָטישע פאַבריקן.

אַ צווייטע אורזאַכע איז, וואָס די „קאָלכאָזן", אָדער קאָלעקטיוון, האַלטן אָפּ מיט גוואַלד זייערע מיטגלידער, אַז זיי זאָלן ניט גיין אין שטאָט אויף אַרבעט.

סטאַלין האָט אין זיין דערמאָנטער רעדע געזוכט צו ערקלערן דעם פאַקט, וואָס די פויערים האָבן אויפגעהערט צו שטראָמען אין שטאָט אריין דערמיט, וואָס די לאַגע אין דאָרף האָט זיך פאַרבעסערט אַ דאַנק דער קאָלעקטיוויזאַציע און דער איינפירונג פון טראַקטאָרס און אַנדערע מאַשינען. „דער דאָרף האָט איצט אויפגעהערט צו זיין אַ שטיף־מאַמע פאַר'ן פויער", האָט סטאַלין געזאָגט. דאָס איז אָבער ניט ריכטיג. יעדער איינער ווייס, אַז מאַשינען שפּאָרן איין מענשלאַכע אַרבעט און ווען מען באַאַרבעט די ערד מיט מאַשינען, דאַרף מען האָבן ווייניגער אַרבעטער פאַר דעם. די צאָל „איבעריגע מיילער" אין רוסישן דאָרף איז אין דער אמת'ן קיינמאָל נאָך ניט געוועזן אַזוי גרויס, ווי זי איז איצט. אין שטאָט אָבער גייען זיי מער ניט.

„די קאָלכאָזן, שרייבט די מאָסקווער „איזוועסטיא" פון 11טן יולי, 1931, האַלטן צוריק זייערע מיטגלידער, וועלכע ווילן גיין אין שטאָט אריין אַרבעטן, אָדער זיי ערלויבן זיי צו גיין נאָר אונטער אַזוינע באַדינגונגען, וועלכע די מענשן קאָנען ניט אָננעמען".

די רוסישע פויערים, סיי די וואָס געהערן צו די קאָלכאָזן און סיי די וואָס

פירן נאָך א זעלבסטשטענדיגע פּריוואַטע באַלעבאַטישקייט, פאַרבלייבן אין דאָרף. אייניגע כדי צו ראַטעווען וואָס מער פון זייער האָב און גוטס פון דער קאָלעקטי־וויזאַציע, אַנדערע כדי צו פאַרכאַפּן פאַר זיך וואָס מער פון דעם פאַרמעגן פון די „קולאַקעס״, וועלכע מען האַלט בסדר אין „אויסקולאַקעווען״.

די סאָוועטישע פּרעסע איז פול מיט באַריכטן וועגן דעם „סאַבאָטאַזש״ פון די קאָלכאָזן, וואָס לאָזן ניט זייערע מיטגלידער גיין אויף אַרבעט אין שטאָט.

„שוין די ערשטע אויספאָרשונג פון די קאָלכאָזן, שרייבט די מאָסקוער „איז־וועסטיא״ פון 25טן פעברואַר, 1931, האָט געצייגט, אַז דאָרט געפינען זיך ריזיגע זאַפּאַסן פון ניט אויסגענוצטער אַרבעט״.

מיט אַ מאָנאַט פריער האָט דער פאָרזיצער פון דער צענטראַלער אָרגאַניזאַציע פון די קאָלכאָזן, יורקין, ערקלערט, אַז „אין די קאָלכאָזן זיינען נאָך פאַראַן מיליאָנען פרייע הענט״ („איזוועסטיא״ פון 18טן יאַנואַר, 1931).

די סאָוועט־רעגירונג האָט געהאָפט, אַז עס וועט זיך איר איינגעבן „אַריבער־צופּעקלען״ די דאָזיגע מיליאָנען „פרייע הענט״ פון די קאָלכאָזן אויף די שטאָטישע פאַבריקן און אין די מאַינס, אָבער די פאַרוואַלטונגען פון די קאָלכאָזן אַנטזאָגן זיך צו געבן די נויטיגע אַרבעטס־קראַפט פאַר די פאַבריקן.

„די קאָלכאָזניקעס, לעזן מיר אין דער מאָסקווער צייטונג „זאַ אינדוסטריאַלי־זאַציו״ פון 12טן אָקטאָבער, 1931, ווילן בשום אופן ניט אַוועקוואַרפן זייער דאָרף און גיין אויף אַרבעט אין שטאָט אַריין. אין די ראַיאָנען, וואו עס געפינען זיך אַזוינע, וואָס ווילן יע גיין, מאַכן די אָנפירער פון די קאָלכאָזן פאַרשיידענע שוועריגקייטן, ווייל זיי ווילן ניט אָפּלאָזן די אַרבעטס־קראַפט, וואָס זיי האָבן כלומרשט נויטיג אויף צו פירן די קאָלעקטיוועווירטשאַפט״.

די קאָלכאָזן פאַרווערן זייערע מיטגלידער צו גיין אין שטאָט אַרבעטן צוליב פאַרשיידענע אורזאַכן. ערשטנס, דערפאַר וואָס די קאָלכאָזניקעס, וואָס פאַרבלייבן אין דאָרף, מוזן טאָן די אַרבעט וואָס די אַזוי גערופענע „אָטכאָדניקי״ (די וואָס גייען אַוועק אין שטאָט אויף אַרבעט) האָבן ביז אַהער געטאָן. שפּעטער, ווען די „אָטכאָדניקי״ וועלן זיך צוריקקערן אין דאָרף, וועט מען זיי דאָך דאַרפן אויסהאַלטן צו גלייך מיט די פאַרבליבענע אין קאָלכאָז.

צווייטנס, קענען די קאָלכאָזניקעס איבערהויפּט ניט פאַרטראָגן, אַז איינער זאָל האָבן מער ווי דער צווייטער. אַנדערע ווילן אַליין ניט גיין אין שטאָט, דערפאַר ווייל זיי האָבן מורא, אַז מען זאָל דורך דער צייט פון זייער אַפּוועזנהייט ניט באַ־אַוולען זייער פאַמיליע. מיט אַ פּאָר מאָנאַט צוריק האָט דעריבער די רעגירונג אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז די מיטגלידער פון די פאַמיליעס פון די „אָטכאָדניקי״, וועלכע בלייבן אין קאָלכאָז, זאָלן באַקומען אַ גלייכן חלק פון אַלעס, אויב אפילו זייער אַרבעט איז ווייניגער ווערט, ווי די אַרבעט פון די אַנדערע מיטגלידער פון קאָלכאָז. דער „אָטכאָדניק״ קען, אַלזאָ, איצט גיין אין שטאָט אַריין אויף אַרבעט און ניט מורא האָבן, אַז זיין פאַמיליע, וואָס פאַרבלייבט אין קאָלכאָז, זאָל דאַרפן הונגערן. דערפאַר אָבער זיינען די איבעריגע פּויערים, וואָס בלייבן אין קאָלכאָז,

איצט נאָך מער ווי פריער געגן דעם, אַז מען זאָל ערלויבן איינצלנע קאָלכאָזניקעס גיין אין שטאָט אויף אַרבעט.

די סאָוועטישע צייטונגען גיבן אויך אָן אַלס איינע פון די אורזאַכן, וואָרום די פויערים ווילן ניט גיין אין שטאָט אויף אַרבעט דאָס, וואָס אין די דערפער איז שטאַרק פאַרשפּרייט די איבערצייגונג, אַז די אַרבעטס־באַדינגונגען אויף די פאַבריקן און באַזונדערס אין די קוילן־גרובן פון „דאָנבאַס" (דאָנעצקי באַסעין) זיינען אויסער־געוויינלאַך שווערע. און ווירקליך, די קאָלכאָזניקעס, וועלכע מען ברענגט אין די דאָנעצקער קוילן־קרובן צולויפן זיך פון דאָרט באַלד ווי זיי קומען נאָר אָן. אַזוי, צ. ב. האָט די פאַרוואַלטונג פון די מאַינס אויפ'ן נאָמען פון דער פאַריזער קאָמונע באַקומען פון דעם 1טן יאַנואַר 1931 ביז דעם 1טן אויגוסט 1931, 8 טויזנט מיט 227 נייע אַרבעטער. אין משך פון דער זעלבער צייט אָבער האָבן 7 טויזנט מיט 662 אַרבעטער פאַרלאָזן די דאָזיגע מאַינס.

דאָס זעלבע קומט פאָר ניט נאָר אין די מאַינס, נאָר אויך אין די פאַבריקן.

אויף דעם האָט ניט קיין אַנדערער, ווי סטאַלין אַליין, זיך שטאַרק באַקלאָגט אין זיין דערמאָנטער רעדע. „איך האָב נאָר וואָס גערעדט, האָט סטאַלין געזאָגט, וועגן דער נויטיוועדיגקייט אויף אַן אָרגאַניזירטן אופן צו רעקרוטירן אַרבעטער פון די קאָלכאָזן פאַר דער אינדוסטריע. אָבער רעקרוטירן אַרבעטער איז נאָך ניט אַלץ. כדי צו פאַרזיכערן אונזערע אונטערנעמונגען מיט אַרבעטעס־קראַפט איז נויטיג צוצופעסטיגן די אַרבעטער צו דער אינדוסטריע און מאַכן, אַז דער סטעף אַר־בעטער אויף דער אונטערנעמונג זאָל זיין מער אָדער ווייניגער אַ שטענדיגער. אָבער וואָס קומט ביי אונז איצט פאָר אין דער אמת'ן? קען מען זאָגן, אַז דער אַרבעטס־סטעף אויף אונזערע אונטערנעמונגען איז מער אָדער ווייניגער אַ שטענדיגער? ניין, צום באַדויערן קען מען עס ניט זאָגן. פאַרקערט, אויף אונזערע אונטערנעמונגען איז נאָך פאַראַנען אַן אַזוי גערופענע פליסיגקייט פון אַרבעט־קראַפט. נאָך מער, אויף אַ גאַנצער רייע אונטער־נעמונגען ווערט די דאָזיגע „פליסיגקייט" פון דער אַרבעטס־קראַפט ניט קלענער, נאָר גרעסער. יעדנפאַלס, וועט איר געפינען ווייניג אונטערנעמונגען, וואו דער אַרבעטס־סטעף זאָל אין פאַרלויף פון אַ האַלב יאָר אָדער זאָגאַר פון אַ קוואַרטל ניט אומבייטן זיך לכל הפחות אויף 30—40 פּראָצענט" (מאָסקווער „פּראַוודאַ" פון 5טן יולי, 1931).

זינט סטאַלין האָט געהאַלטן זיין רעדע האָט זיך די לאַגע אין דעם פּרט ניט געענדערט, ווי מען קען עס זען פון דעם אַרטיקל פון ס. קאָסיאָר, דעם פירער פון דעם קאָמוניסטישן יוגנט־פאַרבאַנד, וועלכער איז אָפּגעדרוקט אין דער מאָסקווער „פּראַוודאַ" פון 21טן אויגוסט, 1931.

„פילע קאָלכאָזן, שרייבט קאָסיאָר, וועלכע אַרבעטן אין דאָנבאַס, מאָטיווירן זייער אַוועקגיין צוריק אין דאָרף מיט דעם, וואָס זיי מוזן אַנטייל נעמען אין אַרונ־טערנעמען די תבואה פון די פעלדער. אין דער ווירקלאַכקייט אָבער גייען זיי אַוועק ניט אַזוי צוליב דעם, ווי כדי אַנטייל צו נעמען ביים צוטיילן די איינקאַמען פון קאָלכאָז. זיי האָבן מורא, אַז מען זאָל זייער פאַמיליע דאָרט אין זייער אָפּוועזנהייט ניט באַאוולען. צוגלייך מיט דעם זיינען פאַראַנען צענדליגע פאַקטן, וואו איינצלנע

קאַלכאָזן פון אוקראַינע, ווייס־רוסלאַנד און פון אַנדערע טיילן פון דער סאָוועטן־פעדעראַציע, וואָס שטעלן צו אַרבעטס־קראַפט פאַר'ן דאָנבאַס, רופן צוריק אונטער פאַרשיידענע אויסריידן זייערע קאָלכאָזניקעס. נאָך מער, די פאַרוואַלטונגען פון פילע קאָלכאָזן שטערן די קאָלכאָזניקעס צו גיין אויף אַרבעט אין דער אינדוסטריע".

קאָסיאָר דערציילט ווייטער, אַז „אין די דערפער פון דאָנעצקער באַסעין זיינען פאַראַן ריזיגע רעזערוון פון קוואַליפיצירטע מאַינערס, וואָס האָבן פריער געאַרבעט אין דער מאַין-אינדוסטריע" און איצט ווילן זיי דאָרט ניט אַרבעטן. פאַרוואָס? דערפאַר, זאָגט ער, וואָס די אַרבעטער לעבן דאָרט אונטער זייער שלעכטע באַדינגונגען. „פלייש, שרייבט קאָסיאָר, ברענגט מען אַהין ניט רעגולער און דער אַרבעטער באַקומט עטלאַכע טעג נאָכאַנאַנד גאָר קיין פלייש ניט. דערנאָך גיט מען אים מיט אַמאָל אַרויס אַ פּאָרציע אויף 5—6 טעג. ביי אַזאַ סאָרט באַלעבאַטישקייט קומט אָפט אויס אַרויסצוּוואַרפן אויפ'ן גאַס אַ טייל פון דעם פלייש"...

אויף גרינס (וועדזשעטייבלס) איז דעם יאָר אין אוקראַינע געווען אַ גרויסע גערעטעניש און דאָך באַקומען די מאַינערס פון דאָנבאַס ניט קיין גרינסן.

„די געזעלשאַפטלאַכע ערנערונג אין דאָנבאַס, שרייבט קאָסיאָר, איז אַוועקגעשטעלט זייער שלעכט. פּראָדוקטן שטעלט מען איצט צו אין די קיכן מער ווי לעצטן יאָר. אָבער וואָס קומט אַרויס דערפון? ערשטנס, קען מען די געריכטן, וואָס מען קאָכט דאָרט, אין מויל ניט נעמען. צווייטנס, די שמוץ. נאָר אַלס אַן אויסנאַם טרעפט מען דאָרט קיכן, וואו מען גיט אָפּצועסן צו זאַט, דאָס עסן אי זגעשמאַק און די קי דוועךט געהאַלטן ריין. אין די מערסטע איז דער עסן אַ שלעכטער. און אַלע טאָג דער זעלבער מאכל. אָפט קאָרמעט מען צענדליגע טעג נאָכאַנאַנד דעם עולם נאָר מיט מאַקאַראָנען, וועלכע מען קען אין מויל ניט נעמען. דער שמוץ איז אַ מורא'דיגער. די פליגן עסן בוכשטעבלאַך אויף די מענשן. אָבער וואָס עס רייסט נאָך מער די אויגן איז די פולשטענדיגע הילפלאָזיגקייט פון די מענשן, וואָס פאַרוואַלטן די געזעלשאַפטלאַכע קיכן. ווען מען באַקלאָגט זיך אויף די פליגן ענטפערן זיי: „נו, וואָס קען מען טאָן מיט די פליגן, זיי פליען דאָך אַרום".

„איך מוז זאָגן, פאַרענדיגט קאָסיאָר, אַז דער איצטיגער צושטאַנד פון די פאַבריק־קיכן איז אַ שאַנדע פאַר דעם פּאַרטיי קאָמיטעט און פאַר דעם גאַנצן ראַיאָן.

„מען קען ברענגען צענדליגע פאַקטן ווי אַזוי גראָב מען באַהאַנדלט די מענשן, וואָס קומען קויפן אין די קראָמען, אין די רעסטאָראַנען, ווי אַזוי מען צווינגט מענשן צו וואַרטן אויפ'ן מיטאָג אַ שטונדע נאָכאַנאַנד און נאָך מער און אַמאָל אַנטזאָגט מען גאָר איינגאַנצן צו געבן איינעם אַ מיטאָג".

אָט וואָס עס דערציילט דער קאָרעספּאָנדענט פון דער מאָסקווער צייטונג „זאַ אינדוסטריאַליזאַציו" פון 2טן אָקטאָבער, 1931, וועגן די באַדינגונגען, וועלכע

הערשן אין דעם בארימטן „קוזבאס", וואו עס ארבעטן איצט עטלאכע און זעכציג טויזנט ארבעטער.

„זייער ווייניג אויפמערקזאמקייט", שרייבט דער קארעספאנדענט, „ווערט אין קוזנעצק געשאנקען דעם ארבעטער אלס מענשן, וועלכער וויל, ווי סטאלין האט ערקלערט, אז אלע זיינע מאטעריעלע און קולטורעלע באדערפנישן זאלן באפרידיגט ווערן. אין קוזבאס קאן מען גאר ניט רעדן וועגן דער באפרידיגונג פון „אלע" באדערפנישן פון די ארבעטער. ביי דעם האלט עס נאך זייער ווייט. עס איז אבער אויך זייער ווייניג געטאן געווארן דאס, וואס עס האט געקאנט און געמוזט געטאן ווערן.

„מיט דעם בויען הייזער פאר די ארבעטער האלט עס זייער שלעכט דא. דעם ערשטן אקטאבער האבן געזאלט אויפגעבויט ווערן 112 נייע הייזער פאר 300 פערזאן איטלאכע. דאס וואלט געגעבן א מעגלאכקייט צו שאפן וואוינונגען פאר דרייסיג טויזנט מענשן. ביז ענדע סעפטעמבער, אבער, זיינען פארטיג געווארן בלויז 10 הייזער און פון די צען הייזער האט מען נאר דריי אנגעפאנגען בויען דעם יאר. די איבעריגע זיבן האט מען נאך לעצטן יאר אנגעפאנגען בויען. נאך 25 הייזער האלט מען איצט אין בויען. ווארשיינלאך, פארטיג ווערן אין נאוועמבער. אין בעסטן פאל וועלן ביז דעם ערשטן יאנואר 1932 פארענדיגט ווערן העכסטנס 50 הייזער".

„די צען הייזער, וועלכע זיינען פארטיג ,זיינען שטיינערנע קאסטנס, וועלכע מאכן דעם שווערן איינדרוק פון קאזארמעס. קיין וואסער־לייטונג און קיין קאנאליזאציע (פלאמבינג) איז אין די הייזער ניטא. ניט ווייט פון די הייזער האט מען צונויפגעקלאפט פון האלץ, אויף דעם דארפישן שטייגער, טאילעטס. אין די הייזער איז ניטא קיין פלאץ ניט פאר געמיינשאפטלאכע קיכן, ניט פאר קינדער־אנשטאלטן און ניט פאר אנדערע קולטורעלע צוועקן. די הייזער זיינען, ווי מען פלעגט זאגן, געבויט „אויפ'ן ערן ווארט". אייניגע פון זיי מוז מען שוין איצט, צוויי מאנאטן נאכדעם ווי זיי זיינען אויפגעבויט געווארן, פאררירכטן. פאר דער צייט וואס איך בין דארטן געווען, האט דער ווינט איין נאכט ארונטערגעריסן אן אייזערנעם דאך פון איינער פון די הייזער. אויף מארגן איז דער דאך פרידלאך געלעגן אויף דער ערד, צווישן צוויי הייזער. אט אזוי זעט אויס די „סאציאליסטישע שטאט".

„די מערסטע בוי־ארבעטער וואוינען אין באראקן. אבער באראקן זיינען אויך ניטא קיין סך. אין מאנאט אויגוסט האט מען געזאלט אויפבויען נאך 699 באראקן, אבער אין דער ווירקלאכקייט האט מען קיין איינעם ניט אויפגעבויט. דערווייל זיינען די ארבעטער צוזאמענגעפאקט אין די באראקן ווי הערינג אין א פאס, צו 150 פערזאן אין יעדן באראק. מען וואלט געקאנט און געמוזט אויפבויען מער באראקן, ווען מען וואלט געשענקט דער זאך די נויטיגע אויפמערקזאמקייט. אבער אויך דא האנדלט זיך עס ניט אום דער צאל, נאר אום דער „קוואליטעט". די באראקן זיינען אזוי געבויט, אז זיי האלטן זיך קוים. פון די דעכער רעגנט אריין און דער עולם פרירט אין זיי. די ווענט זינקען איין. נאכאנאנד דארף מען זיי פאררירכטן. ניט אלע מאל טוט מען דאס. פון ריינקייט איז גאר קיין רעד ניטא. אבער דאס

אליין איז נאָך ווייניג. אין די באַראַקן האַלטן זיך אויף מענער און פרויען, פאַר־הייראַטע און ניט פאַרהייראַטע אַלע צוזאַמען".

„אָבער ניט אַלע אַרבעטער פון קוזנעצקער באַסעין וואוינען אין באַראַקן. אַ טייל אַרבעטער וואוינט אין טענטס. אַנדערע האַלטן זיך אויף אין די אַרומיגע דערפער, וועלכע ליגן פאַרהעלטניסמעסיג ווייט פון באַסעין. אַ קלענערע טייל פון די אַרבעטער האַלט זיך אויף אין אונטערערדישע היילן. אין די אונטערערדישע היילן איז ריין און וואַרים און מען דאַרף ניט זיין צו 150 מאַן צוזאַמען. אַט די ערדישע „שטאָט" וואַקסט זייער שנעל. דעם ערשטן אויגוסט האָבן דאָרטן געוואוינט אַכט טויזנט אַרבעטער, דעם 15טן סעפּטעמבער — 32 טויזנט. פון אָנפאַנג איז געווען פאַרבאָטן צו בויען אַט די „שטעט", דערנאָך אָבער האָט מען עס ער־לויבט, און אין דער לעצטער צייט פאָדערט זאָגאַר די רעגירונג פון די אַרבעטער, אַז זיי זאָלן בויען די דאָזיגע „וואוינונגען".

דאָס זיינען די באַדינגונגען, אונטער וועלכע עס לעבן די אַרבעטער אין קוזבאַס. קיין וואונדער ניט, וואָס לויט דעם באַריכט אין זעלבן נומער פון דער צייטונג, זיינען אין פאַרלויף פון איין מאָנאַט צייט 36 און אַ האַלב פּראָצענט פון די אַרבעטער זיך צולאָפן פון קוזבאַס.

איך וואָלט געקאָנט ברענגען נאָך פילע אַזוינע אויסצוגן פון סאָוועטישע צייטונגען, וואָס צייגן קלאָר, וואַרום די אַרבעטער צולויפן זיך פון די סאָוועטישע פאַבריקן און פון די מאַינס.

דער מאַנגל אין אַרבעטער נעמט זיך, אַלזאָ, אין סאָוועט־רוסלאַנד ערשטנס, פון דעם, וואָס אַ גרויסער טייל פון די קוואַליפיצירטע אַרבעטער זיינען אַוועק פון פאַבריק און זיינען געוואָרן טשינאָווניקעס; צווייטנס, פון דעם, וואָס אַ גרויסע צאָל אַרבעטער זיינען אין יאָר 1930, בעת סטאַלין האָט דורכגעפירט די קאָלעקטיוויזאַציע אין דאָרף, זיך צולאָפן פון די פאַבריקן אַהיים, אין זייערע דערפער; דריטנס, פון דעם, וואָס די קאָלכאָזן שטערן זייערע מיטגלידער צו גיין אין שטאָט אַרבעטן; פערטנס, פון דעם, וואָס אויף די סאָוועטישע אונטערנעמונגען, אין די מאַינס און אויף די פאַבריקן הערשן אַזעלכע שלעכטע צושטאַנדן, אַז די פויערים, וועלכע עס געלינגט די סאָוועטישע אַגענטן צו ברענגען אַהין, צולויפן זיך באַלד פון דאָרט.

דער איצטיגער מאַנגל אין אַרבעטער אין רוסלאַנד איז אַ רעזולטאַט פון דער רעוואָלוציע, אָדער ריכטיגער געזאָגט, קאָנטער־רעוואָלוציע, וואָס סטאַלין האָט אין יאָר 1930 דורכגעפירט אין דאָרף, אַוועקנעמענדיג ביי די פויערים די ערד, וואָס זיי האָבן באַקומען אין יאָר 1917 און פאַרטרייבנדיק זיי אין די קאָלכאָזן. מיט דעם וואוקס פון דער אינדוסטריע האָט עס אָבער זייער ווייניג צו טאָן.

יעדער פאַרגלייך פון רוסלאַנד מיט די אַנדערע לענדער אין דער פראַגע פון אַרבעטסלאָזיגקייט איז דעריבער לעכערלאָך. אין אַמעריקע אָדער אין ענגלאַנד אָדער אין דייטשלאַנד קענען ניט די אַרבעטסלאָזע אַרבעטער אַנטלויפן אין דאָרף, ווי דאָס איז דער פאַל אין רוסלאַנד. אין ענגלאַנד אָדער אין דייטשלאַנד קענען די רעגירונגען אויך ניט צווינגען די פויערים, אַז זיי זאָלן שפּייזן די אַרבעטסלאָזע, אַנשטאָט זיי זאָלן געשטיצט ווערן פון דער מלוכה. די רעגירונגען פון די פאַראייניגטע שטאַטן,

פון ענגלאַנד אָדער פון דייטשלאַנד קענען אויך ניט נעמען די מיליאָנען אַרבעטס־לאָזע אַרבעטער און פאַרשיקן זיי אין די ווייטע מקומות צו האַקן וועלדער און טאָן אַנדערע עבודת פּרך אָן שום געצאָלט, ווי דאָס האָט געטאָן סטאַלין מיט די פּאָר מיליאָן „קולאַקעס", „נעפּליט" און אַנדערע „אומגעווינשטע עלעמענטן", וואָס „בויען איצט סאָציאַליזם" אין די טיפע וועלדער פון מורמאַנסק, פון אַרכאַנגעסק, פון די סאָלאָוועצקי אינזלען אָדער אין די מאַינס פון סיביר.

אַזוי לייזן די פראַגע פון אַרבעטסלאָזיגקייט קען ווירקלאַך נאָר דער באָלשעוויזם!

די אַרבעטסלאָזע אין אַמעריקע, אין ענגלאַנד אָדער אין דייטשלאַנד מוזן פאַרבלייבן אין שטאָדט. אין רוסלאַנד ווערן די 10 מיליאָן „איבעריגע מיילער", וואָס זיינען נאָך פאַרבליבן אין דאָרף, דערטרונקען אין דעם גרויסן פּויערישן ים. אָבער זיי לעבן ערגער, ווי דער אַרבעטסלאָזער אַרבעטער אין די קאַפּיטאַליס־טישע לענדער. אַזוי שנעל ווי די קאָלכאָזן וועלן אָנפאַנגען פירן זיך אויף אַ מער באַלעבאַטישן אופן, וועלן די מיליאָנען „איבעריגע מיילער" ווידער זיך שטאַרק נעמען אָנזען.

די עקאָנאָמישע לאַגע אין אַמעריקע און אין די אייראָפּעאישע לענדער איז געוויס זייער אַן ערנסטע. אָבער זי איז דאָך אין ערגעץ ניט אַזוי טראַגיש, ווי זי איז געווען אין רוסלאַנד אין די יאָרן 1919—1921, בעת דאָרט זיינען אומ־געקומען פון קאָמוניסטישן עקספּערימענט מער מענשן, ווי פון דער מלחמה. אויך איצט איז די לאַגע פון דער באַפעלקערונג אין רוסלאַנד פיל ערגער, ווי אין אַלע אַנדערע לענדער. אין רוסלאַנד הערשט אויך אַ קריזיס, פּונקט ווי אין די אַנ־דערע לענדער. דער קריזיס דאָרט טראָגט בלויז אַן אַנדער כאַראַקטער. דער קריזיס אין אַמעריקע, אין ענגלאַנד און אין דייטשלאַנד נעמט זיך פון דעם, וואָס אין די דאָזיגע לענדער זיינען פּראָדוצירט געוואָרן צופיל פּראָדוקטן און סחורות, וועלכע עס איז ניטאָ וואו אהינצוטאָן. סאָוועט־רוסלאַנד אָבער האָט פאָרלויפיג נאָך ניט געלייזט די סאַמע ערשטע פּראָבלעם פון קענען פּראָדוצירן אפילו נאָר אַ קליינעם טייל פון די פּראָדוקטן און סחורות, וואָס זיינען נויטיג פאַר איר באַ־פעלקערונג. אין אַמעריקע איז דער קריזיס אַ רעזולטאַט פון גרויסן טעכנישן פּראָגרעס. אין סאָוועט־רוסלאַנד איז דער קריזיס אַ רעזולטאַט פון גרויסער אָפּ־געשטאַנענקייט. ווי שלעכט אָרגאַניזירט עס איז ניט געווען דער רוסישער קאַ־פּיטאַליזם פאַר דער רעוואָלוציע, האָט ער דאָך בעסער באַזאָרגט די באַפעלקע־רונג מיט דאָס נויטיגסטע, ווי דאָס טוט דער סאָוועטישער קאָמוניזם. עס איז אַ טעות צו דענקען, אַז מיט דער פאַרווירקליכונג פון דער „פּיאַטילעטקאַ" וועט די לאַגע זיך פאַרבעסערן. דערוויילע זעען מיר, פאַרקערט, אַז וואָס מער די „פּיאַטי־לעטקאַ" ווערט פאַרווירקליכט, ווערט ניט נאָר דער הונגער און די נויט אין לאַנד גרעסער, נאָר די באַפעלקערונג ווערט אויך וואָס ווייטער אַלץ מער און מער פאַר־שקלאַפט. דאָס לאַנד ווערט אָרימער מיט יעדן טאָג. די פּיאַטילעטקאַ זויגט אויס דעם מאַרך פון די ביינער ביים גאַנצן רוסישן פאָלק. און אויב מען וועט ווירק־לאַך פאַרענדיגן בויען די אַלע גרויסע פאַבריקן, וואָס מען האָט אָנגעפאַנגען בויען, וועט ניט זיין פאַר וועמען צו אַרבעטן. אַ גרויסע אינדוסטריע פאָדערט פאַר זיך קודם כל אַ גרויסן אינערלאַכן מאַרק. די פּויערים אָבער און די אַרבעטער, ביי

וועלכע מען רייסט איצט ארויס דעם לעצטן ביסן פון מויל, וועלן ניט זיין בכח צו קויפן די פּראָדוקטן, וואָס וועלן אויסגעאַרבעט ווערן אויף די סאָוועטישע פאַב־ריקן. וואָס וועט אַרויסקומען פון דעם, אַז די סאָוועטישע פאַבריקן וועלן זיין אימשטאַנד אַרויסצולאָזן הונדערטער טויזנטער אויטאָמאָבילן אַ יאָר, אַז עס וועט ניט זיין ווער עס זאָל קויפן די דאָזיגע אויטאָמאָבילן?

ווען די פּיאַטילעטקע וועט דורכגעפירט ווערן, וועט זיך ערשט אָנפאַנגען אַ שרעקלאַכע אַרבעטסלאָזיגקייט אין לאַנד, ווייל אַזוי שנעל ווי מען וועט אויפ־הערן בויען די נייע גרויסע פאַבריקן, וועלן פילע פון זיי ניט קענען לאַנג אַר־בעטן, ווייל זיי וועלן ניט האָבן פאַר וועמען צו אַרבעטן. אויב די פּויערים זיי־נען איצט אויפ׳ן דריטן יאָר פון דער פּיאַטילעטקע אַזוי רואינירט עקאָנאָמיש, אַז זיי נויטיגן זיך אין דער שטיצע פון דער רעגירונג, וועט אין אַ יאָר־צוויי אַרום זייער לאַגע ווערן נאָך ערגער.

דער קאַפּיטאַליזם האָט טאַקע די פראַגע פון אַרבעטסלאָזיגקייט ניט גע־לייזט, אָבער נאָך וויינינער האָט די דאָזיגע פראַגע געלייזט דער רוסישער באָל־שעוויזם. ווי שלעכט עס איז ניט די לאַגע פון די אַרבעטער אין די קאַפּיטאַליס־טישע לענדער, איז זי דאָך בעסער און זיכערער ווי די לאַגע פון די אַרבעטער און איבערהויפּט פון די הונדערט און פערציג מיליאָן ניט־אַרבעטער אין סאָוועט־רוסלאַנד.

נאָר מענשן, וואָס זיינען לחלוטין ניט באַקאַנט מיט דעם, וואָס עס טוט זיך אין רוסלאַנד אָדער אַזוינע וואָס ווילן באַוואוסטזיניג ניט קוקן דעם אמת גלייך אין די אויגן אַריין, קענען רעקאָמענדירן אַמעריקע, ענגלאַנד אָדער דייטשלאַנד, אַראָפּצונעמען זיך אַ ביישפּיל פון סאָוועט־רוסלאַנד.

קאַפּיטאַליזם איז שלעכט, אָבער באָלשעוויזם איז נאָך ערגער. נאָר דער דעמאָקראַטישער סאָציאַליזם קען אויף אַ צופרידנשטעלנדן אופן לייזן די פראַגע וועגן אַרבעטסלאָזיגקייט. סאָוועט־רוסלאַנד איז אָבער היינט צו טאָג פיל ווייטער פון אמת׳ן סאָציאַליזם, ווי זי איז געווען מיט 14 יאָר צוריק.

צביון:

# וואָס איז סאָציאַליזם?

איך בין זיכער, אז מען וועט זאָגן, אז איך בין זייער א לאַנגווייליגער און אלטמאָדישער מענש, ווען איך שרייב וועגן אזא לאַנגווייליגער און אלטמאָדישער זאך ווי סאָציאַליזם. נאָר איך האָב באַשלאָסן, אז איך זאָל זיך ניט קימערן וואס מען וועט זאָגן. מיינער א פריינד פון די גאַנץ מאָדערנע האָט מיר אמאָל געזאָגט, אז עס איז איצט זייער מאָדערן צו זיין פאַרליבט אין דער אייגענער ווייב, ווייל דאָס איז אָריגינעל.

און איך זאָג פאַראויס, אז איך האָב דאָ ניט בדעה צו זאָגן עטוואָס נייעס וועגן סאָציאַליזם. אין געגנטייל. איך וויל דאָ זאָגן זאכן, וואָס איך האָב שוין מערערע מאָל געזאָגט, ווייל איך גלויב, אז מ'דאַרף שטענדיג איבערזאָגן און איבערזאָגן וואָס סאָציאַליזם איז. עס דאַרף פאַר קיינעם קיין סוד ניט זיין, אז אונזערע אייגענע מענשן ווייסן וועגן סאָציאַליזם א סך ווייניגער, ווי זיי דאַרפן וויסן און זיי ווייסן ניט, ווייל זיי לייענען וועגן סאָציאַליזם א סך ווייניגער ווי זיי דאַרפן לייענען.

איך וועל עס אָבער מאכן קורץ. איך וויים, אז דער עולם ליבט ניט צו לייענען לאַנגע ארטיקלען וועגן סאָציאַליזם. מאַנכע ליבן אפילו ניט קיין קורצע.

דער עיקר פון סאָציאַליזם איז ביי מיר די אָפּשאַפונג פון פּריוואט־אייגנטום און די איינפירונג פון עקאָנאָמישער גלייכהייט. און כדי צו זיין זיכער פון א טעות, וועל איך שוין אויך זאָגן, די אָפּשאַפונג פון עקספּלואַטאַציע, הגם דאָס איז שוין זעלבסטפאַרשטענדלאך ווען פּריוואט אייגנטום וועט אָפּגעשאַפט ווערן און עקאָנאָמישע גלייכהייט וועט איינגעפירט ווערן.

און וואָס איז מיט פרייהייט? איז דען פרייהייט ניט איינער פון די עיקרים פון סאָציאַליזם?

איך בין זייער א גרויסער אָנהענגער און ליבהאָבער פון פרייהייט. איך בין גרייט צו יעדער צייט זיך שלאָגן פאַר פרייהייט און פאַר וואס מער פרייהייט. אָבער ווען דער הויפּט ציל פון סאָציאַליזם וואָלט געווען פרייהייט, וואָלט געווען גענוג פאַר מיר צו זיין א ראַדיקאַלער ליבעראַל, אדער א פּראָגרעסיווער דעמאָקראַט. פאַר מיר פּערזענלאך, ווייניגסטנס, וואָלט דאָס געווען א סך באַקוועמער. וואָרים ביי אונז אין אמעריקע איז א סך באַקוועמער צו זיין א ליבעראַל אדער א דעמאָקראַט איידער צו זיין א סאָציאַליסט.

יעדער אויפריכטיגער ליבעראַל אדער דעמאָקראַט איז פאַר פולער און אונבאַשרענקטער פרייהייט. יעדער אויפריכטיגער לימעראַל איז געגן אונטערדריקונג. און ווען מיר נעמען אויף זיך די אונבאַקוועמלאַכקייט צו זיין סאָציא־

ליסטן איז עס דערפאר, וואס דער סאָציאַלייסטישער הויפּט־ציל איז אַן אנדערער ווי דער דעמאָקראַטישער אָדער ליבעראַלער. דער סאָציאַליסטישער הויפּטציל איז דאָס אָפּשאַפן פון פּריוואַט־אייגנטום, וואס דאָס מיינט די איינפירונג פון עקאָנאָמישער גלייכהייט, און די אָפּשאַפונג פון עקספּלואַטאַציע.

די אמת'ע ליבעראַלן און דעמאָקראַטן האָבן גאָרנישט אויסצוזעצן געגן אונזער פאַרלאַנג פון פולער, אונבאַשרענקטער פרייהייט. אין גענצטייל, זיי זיינען גרייט אונז אין דעם צו העלפן. זיי זיינען אָבער גאַנץ שטאַרק געגן אונזער פאַרלאַנג אָפּצושאַפן פּריוואַט אייגנטום און עקספּלואַטאַציע.

איך גלויב באמונה שלימה, אַז אין אַ סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט וועט זיין אַ פיל גרעסערע, אַ פיל ברייטערע און אַ פיל טיפערע מאָס פרייהייט, ווי אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט, ווייל אין אַן אמת'ער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט, אין אַ געזעלשאַפט וואו עס עקזיסטירט ניט קיין פּריוואַט אייגנטום און עס איז ניטאָ קיין עקספּלואַטאַציע און ממילא קיין קלאַסן אינטערעסן, וועלן ניט זיין קיין שום אורזאַכן וואס זאָלן שטערן אָדער באַשרענקען די פרייהייט. אָבער עס איז דורכאויס ניט ריכטיג, אַז די מאַסן שטייען צו צו דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג צוליב דער אונבאַשרענקטער פרייהייט. די מאַסן שטייען צו צו דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, ווייל זי פאַרשפּרעכט זיי אַ געזעלשאַפטלאַכע אָרדנונג וואו עס וועט עקזיסטירן עקאָנאָמישע גלייכהייט און איינער וועט ניט עקספּלואַטירן דעם צווייטן.

און זאָל עס דעריבער טאַקע פעסטגעשטעלט ווערן, אַז פרייהייט איז ניט דאָס הויפּטציל פון סאָציאַליזם, נאָר אַ רעזולטאַט פון דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפטלאַכער אָרדנונג.

נאָר וואס איז אייגנטלאך די מאָס פרייהייט אויף וועלכער מיר האָפן אין דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט? ווי גרויס, ווי ברייט און ווי טיף וועט זי זיין?

איך האָב דאָ אייניגע מאָל גערעדט וועגן פולער און אונבאַשרענקטער פרייהייט. אין דער אמת'ן אָבער האָב איך דאָך קיין רעכט ניט געהאַט צו באַנוצן די ווערטער „פולע" און „אונבאַשרענקטע", פולע און אונבאַשרענקטע פרייהייט קען מען האָבן בלויז, ווען מען לעבט אַליין אין אַ וואַלד, ווען מען לעבט אָבער אין דער געזעלשאַפט פון אנדערע מענשן מוזן די פערזענלאַכע פרייהייטן אין אַ געוויסער מאָס באַשרענקט זיין. מ'קען ניט האָבן קיין פולע, אונבאַשרענקטע פרייהייט אפילו אין אַ סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט. איך גלויב ניט, אַז אין אַ סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט וועל איך האָבן די פרייהייט זיך אוועקצושטעלן צוועלף אזייגער ביינאַכט ביי געגנאָסע נאָרמאַן טהאָמאַס, למשל, אנטקעגן פענסטער און אָנפאַנגען זינגען כל־נדרי אויף די אויבערשטע טענער.

מיר ריידן אזוי פיל וועגן פרייהייט אין דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט, וועגן דער גרויסער, ברייטער און טיפער מאָס פרייהייט, לאָמיר אָבער איין מאָל פּראָבירן זיך דורכריידן ווי גרויס די מאָס קען זיין.

און גוט איז איינעם, וואס ביי אים וועט איינגעפירט ווערן דער סאָציאַליזם אָן רעוואָלוציעס, אדער „מעכאַנישע איבערקערעניש‟, ווי מען רופט עס, נאָר עס וועט גיין אַלץ גלאַט אויף דעם וועג פון עוואָלוציע און דעמאָקראַטיע און מען וועט זיך אויף אַזא אופן ביסלאַכווייז אריינלעבן אין א סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט. ווי איז עס, אָבער אַז איינער איז ניט אַזוי זיכער מיט אַזא פרידלאַכער, רואיגער אַנטוויקלונג? ווי איז עס, ווען איינער גלויבט, אַז עס קענען יא פאָרקומען אַמאָל פלוצלונגע שפּרונגען און אַז אין מיטן דער פרידלאַכער עוואָלוציע קען אויסברעכן נאָר ניט קיין פרידלאַכע רעוואָלוציע? און דאַן מוז מען שווין, ווילנדיג אָדער ניט ווילנדיג, פאַרקנייטשן אביסל מאַנכע פרייהייטן.

נאָר איך זאָג נאָך אַמאָל, אַז איך האַלט אין אַלגעמיין ניט פאַר נויטיג פאָראויסצוזאָגן מיט אַלע איינצלהייטן ווי אַזוי די סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט וועט אויסזעהן און ווי גרויס עס וועט זיין די מאָס פרייהייט, וואס מיר וועלן אין איר האָבן פון ערשטן טאָג אָן. איך גלויב, אַז מיר קענען עס ניט וויסן.

איך וועל אויסזאָגן דעם אמת, אַז איך צווייפל גאַנץ שטאַרק, אויב איך וועל אין א סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט קענען ארויסגעבן א צייטונג, בפרט נאָך, ווען איך וועל אין דער צייטונג אָנפירן א קאַמף געגן דער רעגירונג, כדי איר אראָפּצואוואַרפן. פּריוואַט אייגנטום וועט דאָך זיין אָפּגעשאַפט אין א סאָציאַליסטישער רעגירונג, טאָ וואו וועל איך נעמען זעץ־מאַשינען, דרוק־מאַשינען און פּאַפּיר ארויסצוגעבן אַזא צייטונג?

נאָר עס אַרט מיך ניט, איך בין צופרידן, אַז די סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט זאָל איינגעפירט ווערן, הגם איך בין ווייט ניט זיכער אויב איך וועל אין איר קענען ארויסגעבן א צייטונג. איך ווייס אין אַלגעמיין ניט, אויב עס וועלן נאָר זיין צייטונגען אין א סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט. עס קען גאָר זיין, אַז די ראַדיאָס וועלן פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון צייטונגען. און ניט בלויז ווייס איך ניט וואס עס וועט זיין מיט צייטונגען, נאָר איך ווייס א סך אַנדערע זאַכן ניט. איך קען בלויז פּראָבירן טרעפן און מאַכן פּלענער. איך ווייס בלויז איין זאַך, און דאָס איז פאַר מיר דער עיקר פון אַלע עיקרים, אַז אין א סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט וועט ניט זיין קיין פּריוואַט אייגנטום און איינער וועט דעם צווייטן ניט עקספּלואַטירן. דאָס איז דער עיקר פון סאָציאַליזם. די אַלע אַנדערע זאַכן, וואס מיר ווילן, וועלן שווין ממילא קומען, ווייל זיי זיינען דער רעזולטאַט פון סאָציאַליזם.

ווי איר זעט, האָב איך געהאַלטן וואָרט און האָב קיין נייעס ניט געזאָגט, אָבער איך האָב אויך געהאַלטן וואָרט און עס געמאַכט קורץ. און טאָמער איז ווער עס איז ניט איינשטימיג מיט מיין מיינונג וועגן סאָציאַליזם, וועט ער קענען מיר ענטפערן אין דעם נעקסטן זאַמלבוך פון דעם אידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד.

וויקטאָר אַלטער:

# רעכט און רעכטלאָזיגקייט פון אידן אין פוילן

איר ווילט פון מיר אַזאַ אַרטיקל פאַר אייער זאַמלבוך צוליב אייער פייערונג פון צען־יאָריגן יובל? די טעמע איז אַפילו אַן אומעטיגע, אָבער אויב איר ווילט אַזוי, בין איך מסכים.

איך וואָלט געקאָנט אָנהויבען מיט אַ פּאַראַדאָקס:

„ס'איז רעכט, אַז די וואָס זיינען רעכטלאָז האָבען אַם מייסטן רעכט".

אָבער לאָמיר לאָזען די פּאַראַדאָקסען צום סוף און גיין כסדר.

רעכט קאָן איינגעטיילט ווערן אין צוויי גרופּן: ס'איז פאַראַן רעכט, מיט וועלכע איך קאָן זיך באַנוצן בנוגע מיר.

מיר דאָ, די אידן אין פּוילן, האָבן אָן אַ שיעור רעכט פוןביידע מינים.

לויט דער קאָנסטיטוציע האָבן מיר כמעט אַזוי פיל רעכט פון דעם ערשטן מין, ווי די נישט אידן. מיר קאָנען שפּאַצירען וואו מיר ווילן, וואַנדלען פראַנק און פריי, אַפילו אָן אַ פּאַס, זוכן פּרנסה, וואו ס'געפעלט אונז, און מיר זיינען פולשטענדיג פריי צו . . . שטאַרבן פון הונגער. מיר קענען שאַפן געזעלשאַפטן, בויען אַן אייגענע קולטור, גרינדן אונזערע שולן, אויסלעבן זיך אין אַן אייגענער סביבה.

לויט דער קאָנסטיטוציע האָבן מיר אויך פיל רעכט פון אַ צווייטן מין. מען הייסט אונז צאָלן שטייערן, מען נעמט אונז אין מיליטער, מען צווינגט אונז אָפּהיטען די געזעצן, מען פאָדערט פון אונז ליב צו האָבן, שטאַרק ליב צו האָבן אונזערע פּרעזידענטן. אמת, די קאָנסטיטוציע זעט פאָרויס, אַז אין געוויסע פאַלן, ווערן די נאַציאָנאַלע אָדער רעליגיעזע מינדערהייטן באַ'עולה'ט לטובת דער רע־גירענדער פּוילישער מערהייט, אָבער וואו האָט איר געזען אַ קאָנסטיטוציע, וואָס זאָל קיינעם נישט באַ'עולה'ן?

הייסט עס, אַז בכלל גענומען זיינען מיר דאָ גלייכבארעכטיגטע בירגער. אַזוי זאָגט די קאָנסטיטוציע, און אַזוי זאָגט דער פּוילישער אַמבאַסאַדאָר אין וואַשינגטאָן.

אָבער . . . ס'זיינען פאַראַן צוויי „אָבערס". דער ערשטער האָט אַ שייכות צו דיפּלאָמאַטיע. אַז דיפּלאָמאַטן זיינען צעקריגט מיט'ן אמת, איז אַ באַוואוסטער כלל. און פּוילישע דיפּלאָמאַטען זיינען נישט קיין יוצא מן הכלל. און דער פּוילי־שער דיפּלאָמאַט אין וואַשינגטאָן איז גאָר אַ מייסטער אין הלכות דיפּלאָמאַטיע. ער האָט זיך שיער נישט צעוויינט, רייידענדיג וועגן דעם גן־עדן, וואָס פּוילן איז פאַר אידן.

דער צווייטער „אָבער" האָט אַ שייכות צו דער קאָנסטיטוציע. אַמאָל איז די קאָנסטיטוציע ביי אונז געווען אַ הויך געשעצטע דאַמע, פאַר וועלכער אַלע האָבן גע־האַט דעם גרעסטן דרך־ארץ. היינט זיינען מיר פיל רייכער אין ערפאַרונג אויף דעם

געביט. מיר ווייסן שוין, אז ס'קען קומען אזא איינער, וואס גיט א שיט מיט גאלד, אדער א שאס פון א ביקס, א מאנקיר אדער א מיליטער־מאן, און די „גנעדיגע דאמע” פארוואנדלט זיך תיכף אין זיינס א געהארכזאמע דינסטמיידל. א קליין קינד אפילו ווייסט שוין אז אונזער קאנסטיטוציע געהערט צו יענע באשעפעניש, וואס לאזן זיך אמלייכטסטן פארגוואלטיגן און האבן אפשר גאר דערפון הנאה.

אונזער קאנסטיטוציע האט געהאט אזא בייזן מזל, אז מ'האט זי אנגע־הויבן פארגוואלטיגן אין אירע גאר, גאר יונגנעטשקע יארן. נאך איין פאל איז גע־קומען דער צווייטער, דער דריטער, דער פערטער. און דער פאל, דער צופאל איז סוף כל סוף געווארען א געוואוינהייט, א געזעץ. איז טאקע אונזער קאנסטיטוציע אין אזא לאגע, אז מען וואלט זי געדארפט אייגענטלאך אפפירן אין א שפיטאל.

און מיר, די איינוואוינער פון פוילן, לעבן פאקטיש אן יענער קאנסטיטוציע. מיר האבן אויף איר ארט אן אנדערע, וואס איז געשריבן נישט אויף פאפיר, נאר אויף אונזערע פלייצעס, נישט מיט טינט, נאר מיט מענשלאך בלוט. און אין דער דאזיגער קאנסטיטוציע זיינען אידישע רעכט אויך באזונדערס באווארענט. די רייכע אידן שניידן נאך אפ גאר נישקשה. אבער די פאלקס־מאסן?

ס'וואלט געווען צו טרויעריג צו דערציילן געגנוי וועגן אונזערע פאקטישע רעכט אין היינטיגן פוילן. ס'איז גענוג צו זיין איין מאל אויף א מיטינג פון אידישע ארבעטער אין פוילן. הערט מען דארט, ווי מען פאדערט:

רעכט פאר אונזער שפראך!

רעכט פאר אונזער קולטור!

רעכט אויף ארבעט!

רעכט אויף פרייהייט!
רעכט אויף לעבן!

קורץ — רעכט צו זיין מענשן. און מען פאדערט דאך דאס, וואס מען פאר־מאגט נישט. אזוי זעען מיר טאקי אויס מיט אונזערע רעכט.

צי הייסט דאס, אז מיר, די אידן אין פוילן, זיינען נישט גלייכבארעכטיגט? אודאי, הייסט עס אזוי. אבער מיר קענען זיך טרייסטן. מיט יעדן טאג ווערן די אידישע מאסן אלץ מער און מער גלייכבארעכטיגט. נישט דערפאר, וואס זייערע רעכט ווערן גרעסער, נאר ווייל די רעכט פון די נישט־אידישע מאסן ווערן אלץ קלענער. מיר ווערן אלע גלייכבארעכטיגט אין דער רעכטלאזיגקייט.

מיר — מיין איך דא טאקע די מאסן. די רייכע, אידן צי נישט אידן, האבן פארט א גרינגערן לעבן.

רעכט קען איינגעטיילט ווערן אויף די, וואס מען באקומט, און די, וואס מען נעמט זיך.

נישט אלע רעכט גיט זיך איין צו באקומען און נישט אלע רעכט קען מען זיך נעמען. אבער ס'איז פאראן איין רעכט, וואס שטעקט אין אונז אליין, וואס איז אפהענגיג בלויז פון אונז אליין. און דאס איז דוקא דאס וויכטיגסטע פון אלע רעכט. דאס איז — דאס רעכט פון נישט וועלען זיין רעכטלאז.

וואו ליגט דער הויפט־אונטערשיד צווישן א פריען מענשען און א קנעכט? נישט אין די אויסערליכע באדינגונגען, וואס קאנען אין איין טאג געענדערט ווערן, נאר אין זייער אינערלאכן בא־ואוסטזיין. א פרייער קאן אמאל טראגן קייטן אויף זיינע הענט און פיס און פארט פילן זיך ווייטער, אלס פרייער מענש. א קנעכט קאן צופעליג טראגן א קרוין אויף זיין קאפ און פארט פילן זיך, ווי א קנעכט.

דער מענש, וואס וואגט צו זאגן: איך בין נישט מסכים, איך וויל נישט, איך גיב זיך נישט אונטער — איז א פרייער מענש. בתנאי, אז ער זאל האנדלען אזוי, ווי ער זאגט. דער קאמף שאפט ממילא אפ די רעכטלאזיגקייט נאך איידער ס'קומט דער נצחון. דער קאמף באפרייט דעם מענשן אינעווייניק א סך פריער, איידער ס'פאלן די אויסערלאכע מאמענטן, וואס פענטן אים. אויב מען זאל לייגן אויף דער וואגשאל פון איין זייט בלויז דאס הייליגע רעכט, פון בונט, פון רעוואלט און פון דער צווייטער — א גאנצן בארג רעכטלאזיגקייט, וואלט דאס ערשטע איבער־געוואויגן.

איצטער קענען מיר שוין ענטפערן אויף דער פראגע: צי זיינען די אידן אין פוילן רעכטלאז, צי נישט?

דער ענטפער איז נישט קיין גלייכער פאר אלע אידן. נעמט איר געגוי בא־טראכטן די אידישע בירגערלאכע און קליינבירגערלאכע וועלט, מוזט איר קומען צום אויספיר: דאס זיינען געבוירענע, פולקאמענע קנעכט. ווייזט מיר, אדרבא, אויף דער גאנצער וועלט נאך אזא מין מענשן, ווי די אידישע ארטאדאקסן, די אגודה'ניקעס. זיי זיינען קריכעריש, אונטערטעניק און שטענדיג גרייט צו קושן דעם שטיוול, וואס גיט זיי א קאפע. זיי פאדערן בלויז איין איינציג רעכט: מען זאל זיי לאזן צו רו אין דער בלאטע פון זייער מיטלאלטערלאכן געטא. די רעכטלא־זיגקייט פון די אידישע מאסן איז פאר זיי דער וויכטיגסטער באדינג, כדי איינצו־האלטן די מאכט פון זייער פינסטערניש. און ווייל די יעצטיגע רעגירונג אין פוילן מאכט א תל פון אלע רעכט פון די ארבעטענדיגע — סיי פון די אידישע, סיי פון די נישט אידישע — דינען איר די אגודה'ניקעס מיט התלהבות, מיט ברען, מיט אי־בערגעבנהייט.

און אונזערע ציוניסטן? א טייל פון זיי האבן געפרופט שטאמלען וועגן רעכט, וועגן ווירדע, וועגן קאמף. אבער זייערע אייגענע פארטיי־חברים האבן זיי פאר־שריען, שיער נישט פארשטיינערט. די שקלאפישע נשמה פון אונזער בירגערטום קען נישט פארטראגן אפילו קיין שיין פון אפאזיציע. היינט זיינען די פוילישע ציוניסטן געטרייע קנעכט פון דער דיקטאטור. זיי ליציטירן זיך אין געטריישאפט צו

איר מיט די אגודה'ניקעס.ביידע קריכן פון דער הויט ארויס צו באווייזן דער איי־דישער באַפעלקערונג, אז די היינטיגע רעגירונג איז די בעסטע פון אַלע רעגירונגען.

אזוי ארום קען מען נישט זאָגן, אז דאָס אידישע בירגערטום אין פוילן פילט זיך רעכטלאָז. די אָפיציעלע אידישע בירגערלאַכע פּאָליטיקער זיינען צופרידן מיט זיך און מיט דער רעגירונג. עס זיינען פאראן באַשעפעניש, וואס זיינען צופרידן, ווען זיי זיצן ביז'ן האלז אין בלאָטע.

בלייבט די אידישע ארבעטערשאפט, און עס בלייבן יענע שיכטן פון קליינביר־גערטום, וואס גייען נאָך נאָך איר. דאָ איז שוין פאראן א לאַנגיאָריגע טראַדיציע. פונקט ווי אַמאָל אין די צארישע צייטן, אזוי אויך היינט. דווקא די אידישע אר־בעטערשאפט, וואס איז מער רעכטלאָז איידער וועלכע נישט איז אנדערע גרופּע פון דער באַפעלקערונג אין פוילן, האָט שטענדיג איינגעהאלטן דאָס וויכטיגסטע רעכט פון נישט מסכים זיין, פון פּראָטעסט, פון בונט, פון קאמף. דאָס איז די אַלטע בונדישע טראַדיציע, און אַ דאנק איר איז די ארבעטערשאפט די איינציגע סביבה אויף דער אידישער גאַס, וואו מען קען נאָך אָטעמען.

* * *

רעכט פון קאמף געגן רעכטלאָזיגקייט: אָבער ווי אזוי פירן דעם קאמף? כמעט אַלע בונדיסטן אין פוילן וועלן אייך געבן דערויף איין און דעמזעלבן ענטפער:

אַלס אידישע ארבעטער, זעען מיר נאָר איין מיטל צו באַזייטיגן אונזער אָביעקטיווע רעכטלאָזיגקייט אין פוילן — דעם זיג פון סאָציאַליזם. אַלס אידן קענען מיר נאָר אויף איין אופן פארניכטן די סוביעקטיווע רעכטלאָזיגקייט — ברעכן די הער־שאפט פון דער אידישער בורזשואזיע אין אידישן לעבן. און די צוויי וועגן זיינען — איין און דערזעלבער וועג.

* * *

לאָמיר איצטער פארענדיגן אונזער פּאַראַדאָקס:

ס'איז רעכט, אז די וואָס זיינען רעכטלאָז, האָבן אממייסטן רעכט — אויב זיי האָבן זיך גענומען דאָס רעכט צו קעמפן געגן זייער רעכטלאָזיגקייט און קעמפן מיט טאָטן, און נישט בלויז מיט ווערטער.

דוד איינהאָרן:

# די אידן פון דער אַלטער היים און די אַמעריקאַנער אידן

ווען מען זאָל גיין ציילן די מעלות פון די אידן לויט דער צאָל קלעפּ, וואָס זיי כאַפּן אריין, דאַן זיינען אָן ספק די אידן פון דער אַלטער היים די בעסטע און די אַמעריקאַנער אידן די ערגסטע.

ווען מ'זאָל אָבער גיין וועגן דאָס אידישע הארץ מיט'ן גאָלד, וואָס ווערט אויסגעגעבן אויף הילף, דאַן זיינען די אידן פון איירָאָפּא די ערגסטע און די אַמע־ריקאַנער די בעסטע.

קלעפּ און גאָלד זיינען אָבער צו „מאַטעריאַליסטישע" זאכן. דאָס, וואָס מיר גייען איצט וועגן און מעסטן איז פאַקטיש שטאַרקער פון קלעפּ און טייערער פון גאָלד.

און איך מוז זיך מודה זיין: גלייך ווי איך האָב באַקומען פון געגאָסע כאַנין דעם בריוו מיט דער באַשטעלונג וועגן פירן אַ פארגלייך צווישן די אמעריקאנער אידן און די אידן פון דער אַלטער היים, איז דאָס ערשטע, וואָס מיר איז אריינגע־פאַלן אין קאָפּ געוועזן:

נאַטירלאַך, קלאָר ווי דער טאָג, אָל־רייטניקעס, מוישעס, דזשאָב־האָלדערס, דאָ־לער־יעגערס, פּאָליטישענס, — מיט איין וואָרט, דער גאַנצער צעטל „גוטע ווערטער", מיט וועלכע אונזערע אַמעריקאַנער אידעאַליסטן האָבן ליב זיך צו שמייסן, און מיט וועלכע די איירָאָפּעאישע אידן ווילן פאַרדעקן די שאַנד פון כסדר'דיגן גיין מיט דער צדקה־פושקע אין אַמעריקע. און אין דעם זין האָב איך טאַקע געוואָלט אוועקלייגן אַ לייענען די אַמעריקאנער אידן אויף'ן באַוואוסטן סקאַרבאָוון נוסח: מיר, די אָרי־מע יחסנים; איר, די אויפגעקומענע גראָבע יונגען. מיר, די מאַרטירער; איר, די פרעסער פון מאַנישעוויטש'עס מצה מיט די קרעקערס, געפילט מיט אלי־אלי; מיר, די היטער פון דער אידישער נאַציאָן און קולטור; איר, די אסימילאַטאָרן, און אַזוי ווייטער, און אַזוי ווייטער.

נאָר, אַז איך האָב גענומען די פעדער אין האַנט און אויפגעהאַנגען פאַר זיך די שטרענגע וואָג פון אמת און גערעכטיגקייט, און אין איין וואָגשאָל אַנידערגעלייגט די אַלע גוטע, פיינע זאַכן, און אין דער צווייטער גענומען אריינלייגן פריער אַ ניו־יאָרקער איד, דערנאָך אַ פּוילישן איד, האָב איך, צו מיין גרויסער פאַרוואונדערונג געזען, אַז, אוי ווי! אומעטום וועגט איבער דער אַמעריקאַנער.

נאַטירלאַך, האָב איך אַפּריער ארויסגענומען ביים אַמעריקאַנער פון קעשענע אַלע דאָלאַרן ביז אַ סענט, און ביים פּוילישן איד האָב איך צוגענומען זיין יחוס־בריוו פון קלעפּ, דאָס הייסט, עס קומט ניט אין חשבון. און איצט, לאָמיר זען, וואָס עס איז ארויסגעקומען.

איידער אָבער איך וועל גיין אויסלייגן יעדע מעלה באַזונדער, ווי זי זעט אויס

ביים אמעריקאנער און ביים פוילישן אידן, ווייל איך א פריער אנטוויקלען א שטיקל טעאָריע.

ווי זאָגט מען, זייט עס איז אויפגעשטאַנען דער אידישער וויסנשאַפטלאַכער אינ־סטיטוט אין ווילנע, קאָן מען היינט צו טאָג אָן א וויסנשאַפטלאַכער טעאָריע ניט אויסקומען.

אלזאָ, נאָך דער מלחמה האָט מען אָנגעהויבן דענקען, אז מיט'ן אָפּשטעלן די אימיגראַציע, וועט זיך דאס אַמעריקאנער אידנטום אלץ מער אַמעריקאניזירן און דאָס אידנטום פון דער אַלטער היים וועט זיך אַלץ מער אידישן, אזוי ווייט און אזוי ברייט, אַז אין איין שיינעם פרימאָרגן וועט מען זיך אויפהערן פארשטיין און אַלע ישיבות, און שולן, און אינסטיטוטן, און גמילת חסדים, און גבאים, און כלל טוער, געבע־טענע און ניט־געבעטענע, גערופענע און ניט־גערופענע, וועלן דארפן גיין זוכן אַן אַנדער פרנסה אָדער אויפהערן צו לעבן פונ'ם אַמעריקאנער גוט הארץ.

אַזוי האָט מען געטראַכט און מ'האָט פארגעסן דערביי איין זאַך, אז עס קאָן געשען גאָר אַן אַנדער קונץ. עס קאָן געשען, אַז די אייראָפּעאישע אידן זאָלן זיך גאָר אמעריקאניזירן און ניט נאָר דעריאָגן דעם אַמעריקאנער, נאָר איבעריאָגן אים, אין די אַלע מעלות טוב, מיט וועלכע מיר זיינען געוואוינט געווען צו קריטיקירן די אַמעריקאנער.

און איצט לאָמיר עס טאקע זען. איך הענג אויף די וואָג פון אמת און גע־רעכטיגקייט און נעם וועגן:

פריער פון אַלץ לאָמיר כאַפּן אַן אַמעריקאַנער גענאָסע. קיין דאָלאַרן האָט ער שוין ניט. דאָס האָט דער קריזיס אויסגעליידיגט פריער פאר מיר; — און א פוילישן גענאָסע, און לאָמיר נעמען וועגן.

פאַר דעם צוועק נעם איך עקסטרא ניט קיין גענאָסע דירעקט פון פוילן, נאָר איינעם, וואָס איז די לעצטע צוויי־דריי־פיר־יאָר שוין אין אַמעריקע אָדער פראַנק־רייך. וואָרים, צווישן אונז גערעדט, זיין א הייסער סאָציאַליסט בשעת דער הונגער און נויט פייפן אין שטוב, איז קיין קונץ ניט. איך וויל בעסער נעמען אַזא בונ־דיסט פון פוילן, וואָס האָט זיך שוין אביסל אָנגעגעסן אין אַמעריקע אָדער פאַריז, טראָגט א גוטן מלבוש און איז בכלל גוט־אָפּ. און איצט, וואָס זעען מיר?

מיר זעען, אַז דער דאָזיגער פייערדיגער רעוואָלוציאָנער און טרייער בונדיסט אין פוילן, ווייל דאָס רוב אין דער נייעם היים ניט וויסן ניט פון „בונד" און ניט פון סאָציאַליזם. ער האָט אזוי אַריינגעגעסן אין וויסן ברויט, אזוי אריינגעזעסן ביי א קערטל, אַזוי אַריינגעקראָכן אין א מואווינג פיקטשור, אַז ער וויל גאָר ניט וויסן פון זיין אַלטן אידעאַליזם. טאָמער גיט אים אמאָל א קוועטש דער האָבער, לויפט ער צו די קאָמוניסטן, מער פון כעס, פאַר וואָס ער קאָן אַזוי ניט לעבן ווי ראַקעפעלער, ווי פון א פארלאַנג אויסצולייזן די וועלט. און איבעריגנס גייט ער צו די קאָמוניסטן אויך מער צוליב פלעזשור, ווי קאַמפּסלוסטיקייט. דאָרט האָט ער דעם ריכטיגן טאַנץ־זאַל און דעם ריכטיגן טעאַטער.

און אין דערזעלבער צייט האָב איך געזען, און דאָס זעען אַלע עלטערע בונ־דיסטן, וואָס כאַפּן זיך אַראָפּ אין אַמעריקע, אַז גראָד די אַלטע אַמעריקאַנער גע־נאָסן, וואָס זיינען שוין 25 און 30 יאָר פון דער אַלטער היים און האָבן זיך שוין

ניט שלעכט אַרויסגעאַרבעט, לעבט דאָך ביי זיי נאָך שטאַרק די צוגעבונדנקייט צום סאָציאַליזם.

איצט לאָמיר אַ כאַפּ טאָן דעם טעאַטער. אין ענין פון טעאַטער האָט וואַרשע איבערגעיאָגט אַמעריקע. „משה דער גרינער", און „סיידי וואו קריכסטו" האָבן דאָרט מער ערפאָלג, ווי אין ניו יאָרק. עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז דער וואָר־שעווער טעאַטער־באַזוכער שטייט קולטורעל אַ סך נידעריגער, ווי דער אַמעריקאַנער. אויב וואַרשע וועט זיך אַזוי ווייטער אַמעריקאַניזירן, וועלן מיר אין פּוילן באַלד האָבן יענעם טעאַטער, וואָס האָט געשפּילט אין אַמעריקע מיט 35 יאָר צוריק, און דאָס וועט זיין אַ גרויסער קולטור־אויפטו.

וועגן דער פּרעסע אין דער אַלטער היים איז שוין גיטאָ וואָס צו ריידן. אונ־זער אייראָפּעאישע אידישיסטיש־ראַדיקאַלע אינטעליגענץ, וואָס קוויקט זיך מיט חלשות און פּראָלעטאַרישע גראַפאָמאַניע, און דרייט כסדר דעם נאָז אויף דער אַמע־ריקאַנער אידישער פּרעסע, די דאָזיגע אינטעליגענץ מאַכט, ערשטענס, אַ שוויג און רעדט ניט וועגן דער אייגענער אידישער פּרעסע. דאָרט, אין פּוילן, האָט זיך שוין די בירגערלאַכע פּרעסע אַזוי אַמעריקאַניזירט, אַז אַן אַמעריקאַנער לעזער וואָלט זיך פאַר'ן קאָפּ געכאַפּט. דאָרט איז שוין די פּרעסע אַריבערגעוואַקסן דעם לייכטן שונד. דאָרט שטאָפּט מען דעם לעזער מיט שאַנטאַזש און פּאָרנאָגראַ־פיע. די ראָמאַנען, וואָס דרוקן זיך דאָרט טאָג־טעגלאַך, זיינען פול מיט דער עקל־האַפטסטער און מיאוס'טער זנות, בילדער און שילדערונגען. אין דעם ערגסטן גאַסן־זשורנאַל אין פּאַריז, ערלויבט מען זיך ניט אַזעלכעס צו דרוקן. די רעפּאָר־טערן קריכן אַריין אין די פינצטערסטע ווינקלאַך פון פּריוואַטן לעבן און שאַנ־טאַזירן איינפאַך אומשולדיגע מענשן. דאָרט שטעלט מען זיך ניט אָפּ מודיע צו זיין מיט גרויסע אותיות, אַז דער אינזשענער האָט אָנגעשטעקט זיין ווייב מיט אַ מיאוס'ער קרענק, און נאָך אַזעלכע זאַכן. פאַרקערט, די ראַדיקאַלע ציטונגען, — און זיי זשיפּן קוים, — שפּרינגען פון הויט נאָכצומאַכן די אַמעריקאַנער ציטונגען.

טאָמער האָט מען אין די אַמעריקאַנער ציטונגען איינגעפירט אַן ענגלישע פיידזש, האָט אונזער אידישיסטישע אינטעליגענץ דאָ געקריצט מיט די ציין. אין פּוילן גייען איצט אַרויס צוויי פּויליש־אידישע ציטונגען און עטלאַכע זשורנאַלן, מיאוס'ע, מהיפית'דיגע, און זיי מאַכן גלענצנדע געשעפטן, און די לעזער זייערע זיינען גראַד אידן, וואָס קאָנען לייענען און שרייבן און ריידן אידיש.

ערגער זעט דאָס אויס אויפ'ן געביט פון מאַטעריאַל. דער אַמעריקאַנער אי־דישער לעזער האַלט אויס זיינע ציטונגען און זיינע שרייבער און גיט נאָך פּלאַץ פאַר אייראָפּעאישע אידישע שרייבער. די אייראָפּעאישע אידישע פּרעסע לעבט פון דעם, וואָס זי דרוקט איבער און גנב'עט פון די אַמעריקאַנער אידישע ציטונגען. אין פּאַריז, צום ביישפּיל, גייט אַרויס אַ טעגלאַכע ציטונג, וואָס פילט אָן אירע פיידזשעס טאָג־טעגלאַך מיט אַמעריקאַנער מאַטעריאַל. זאָל מאָרגן זיך אָפּשטעלן די אַמעריקאַנער אידישע פּרעסע, אָדער זאָל מען געפינען אַ מיטל צו פאַרבאָטן די דאָזיגע רעדאַקטאָרן איבערצודרוקן די אַרטיקלען פון די אַמעריקאַנער ציטונ־גען, וועט זיך ניין־צענטל פון דער אייראָפּעאישער אידישער פּרעסע מוזן פאַרמאַכן.

אויך דאָ האָט דער אַמעריקאַנער איד איבערגעוואויגן.

און איצט, וועגן אַסימילאַציע:

די אַמעריקאַנער אידן מיינען, אַז די עכטע אידישקייט ווערט געקאָכט און געבראָטן אין דער אַלטער היים. דאָרט זיצן נאָך די ל"ו צדיקים, די זעקס־און־דרייסיג האַלץ־העקער און וואַסער־טרעגער, וואָס האַלטן די וועלט אויף זייערע פּלייצעס; דאָרט וויגן זיך נאָך די ווייסע בערד, און אין די שולן און בתי־מדרשים קלינגען די לערנער, ווי גלאָקן; דאָרט איז נאָך תורה די בעסטע סחורה; אידן שטייען שטאָל און אייזן דוקא פאַר אידיש, מ'היט דאָס מאַמע לשון ווי אַן אויג אין קאָפּ, יעדער אידישיסט איז אַ מין שמשון הגיבור און יעדער העבראַאיסט אַ בר־כוכבא; דאָרט פאַרוויגט מען נאָך די קינדער מיט דער ווייסער ציגעלע, — די גאַנצע אידישע ראָמאַנטיק לעבט און בליט ווי אַ וואונדער־גאָרטן.

אַ טעות, מיינע ליבע אַמעריקאַנער, אַ גרויסער טעות. דער נייער דור גאָלט זיך באָרד און וואָנצעס און אונטערשיידט זיך מיט גאָרנישט ניט פון אַן אַמעריקאַנער באָי. יאָ, אויב אַן אַמעריקאַנער באָי האָט נאָך עפּעס אידישע סענטימענטן, זיינען די פּוילישע בירגערלאַכע יונגע לייט אָן שום סענטימענטן. פּויליש רעדט מען דאָרט אויף טיש און אויף בענק. יעדער איד, וואָס טראָגט שוין אַ קורצע קאַפּאָטע און אַ קאַפּעליוש און פאַרדינט אַביסל מער, רעדט מיט די קינדער פּויליש. ביים מיטלשטאַנד שטאַרבט אָפּ דאָס אידיש אַ סך שנעלער, ווי אין אַמעריקע און די אָרימקייט שטייט ניט אָפּ לויט אירע כחות. און דאַרפן די אַמעריקאַנער אידן געדענקען, אַז די פּוילישע אידן זיינען ניט קיין אויסגעוואָרצלטע, ניט קיין אויסגעוואַנדערטע, וואָס האָבן זיך פון דער טראַדיציע ניט אָפּגעריסן, און אַז זיי וואוינען ניט אין אַ לאַנד, וואו זיי האָבן אַלע רעכט, נאָר אין אַ לאַנד, וואו זיי זיינען אונטערדריקט, דערשטיקט, פאַראַכטעט, אָפּגעשיידט און אָפּגעזונדערט מיט הונדערט ווענט. אַז דאָס אייניקל, וואָס רעדט מיט'ן טאַטן פּויליש, האָט נאָך ביים זיידן מיט אַ באָבן, וואָס ברעכן נעבאַך אויף דער עלטער די צונג.

איצט שטעלט זיך פאַר, ווען פּוילן ווערט פאַר אידן אַ מין אַמעריקע! איך שווער, אַז זיי וואָלטן דאַן העט־העט ווייט אַריבערגעלאָפן די אַמעריקאַנער, און אויסער זייער אידישער נאָז מיט דער אידישער קישקע, וואָלט ביי זיי שוין גאָרנישט געבליבן.

און דאָ וועלן קומען אונזערע אידישיסטן און מאַכן אַ געוואַלד: סטייטש, און די אידישע שולן אין פּוילן?

איז, ערשטנס, אין די אידישע שולן לערנען אפשר צוואַנציג טויזנט קינדער און אין די פּוילישע שולן לערנען 90 טויזנט; די אידישע שולן זשיפּן קוים; ווען ניט אַמעריקע, וואָלטן האַלב פון זיי די פיס אויסגעצויגן; אין דערזעלבער צייט עקזיסטירן אין פּוילן צענדליגער אידישע גימנאַזיעס אויף פּויליש; די דאָזיגע ציוניסטישע פּוילישע גימנאַזיעס האָבן אַ געמיינזאַמען בודזשעט פון צענדליגער מיליאָנען, און די מיליאָנען גייט מען ניט זאַמלען אין אַמעריקע. די דאָזיגע מיליאָנען צאָלן אויס די פּוילישע אידן פון זייער קעשענע. אמת, פאַר ארץ ישראל, פאַר העברעאישע שולן, פאַר די אָרימע לייט, פאַר ישיבות און חדרים פאָרט מען בעטלען אין אַמעריקע, פאַר פּוילישע גימנאַזיעס איז תמיד דאָ געלד. וועט מען

מיר זאָגן, אַז דאָס זיינען די אידישע בעלי־בתים, ניט דער אַרבעטער. איז דאָס אויך ניט קיין באַוויז. זיינען די אידישע בירגער ניט קיין אידן? און, צווישן אונז גערעדט, שטעלט מיט זיך פאָר דער אידישער בירגער 85 פּראָצענט פון אידישן פאָלק, און דער אַרבעטער — 15 פּראָצענט. און אַז די 85 פּראָצענט וועלן זיך אַסימילירן, דאַן וועלן די 15 פּראָצענט קיין נאַציאָן פאַר זיך ניט שאַפן.

איר ווילט וויסן דעם אמת? יאָ, דאַן קאָן איך אייך דערציילן: אין דער האַנדוועַרקער שול פון „אָרט" אין וואַרשע, רעדט מען ניט קיין אידיש. אפילו אין אָפּיס ניט. און ווען טאַטע־מאַמע קומען פאַרשרייבן אַ קינד, מוזן זיי ברעכן די צונג. דאָס איז נומער איינס. די גרעסטע טייל פון די אידישיסטישע אינטעליגענטןריידן מיט די קינדער פּויליש. יאָ, אַ טייל לערער פון די אידישיסטישע שולן ריידן צווישן זיך פּויליש. פאַראַן אַזאַ אידישיסטישע געזעלשאַפט, וואָס הייסט „קולטור ליגע". זומער שיקן זיי אַרויס עקסקורסיעס קיין פּאַריז. כמעט יעדע צוויי חדשים קומען גרופּעס פון פערציג יונגעלייט און מיידלאַך. צום אומגליק האָבן זיי אויסגעקליבן אַלס זייער פּאַריזער אַכסניה אַ האָטעל נעבן מיין וואוינונג. שטיי איך אַזוי אָן אַ זייט און הער און הער, און קיינער פון זיי רעדט ניט קיין אידיש. איך האָב דאָרט געזען טוער פון אונזערע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, טוער פון אונזער קולטור אינסטיטוציעס. אפילו צו מיר, צו דעם געבראָטענעם ליטוואַק, האָבן זיי זיך געכאַפּט ריידן פּויליש.

איז וואָס איז דאָ ווייטער צו ריידן? די אידן פון דער אַלטער היים יאָגן איבער מיט ריזיגע טריט די אַמעריקאַנער.

און איצט, וואָס הערט זיך מכּוח קולטור אין דער אַלטער היים?

לויט די פריערדיגע שילדערונג קאָן מען זיך שוין עפּעס פאָרשטעלן. נאָר דאָס, וואָס מען וועט זיך פאָרשטעלן, איז אַ הונט קעגן דער ווירקלאַכקייט.

מיר איז אויסגעקומען צו ריידן מיט צענדליגער בעל־הבית'ישע יונגע לייטלאַך, וואָס האָבן געענדיגט די אַזוי גערופענע פּויליש־אידישע גימנאַזיעס און פּויליש־אידישע שולן. מילא, די שילער פון די ציוניסטישע גימנאַזיעס קאָנען העברעאיש געניי ווי אַן אַמעריקאַנער חזן. ער, יעדנפאַלס, קאָן האַקן עברי. זיי קאָנען דאָס אויך ניט. די הייליגע ביבעל? פרעגט זיי בחרם. אַן אַמאָליגער חדר־איינגל פון 8 יאָר וועט זיי פון אַרבל אויסטרייסלען. ביי איינעם אַזאַ „געענדיגטן" פון אַ ציוניסטיש־פּוילישער גימנאַזיע, איז געווען רעכט, אַז המן איז געווען פרעה'ס אַ מיניסטער, אַז אברהם אָבינו איז געווען שלמה המלך'ס אַ שווער. ווען איך האָב דעם דאָזיגן יונגנמאַן (און ער איז ניט איינער. אַלע זיינען זיי אַזוי) מיט פאַרוואונדערונג געפרעגט: ווי הייסט?... האָט ער מיר מיט אַ ביטול־שמייכעלע געענטפערט (דער אידישער ביטול איז אים יאָ געבליבן):

— ווער האָט זיך עס אינטערעסירט מיט'ן העברעאישן לערער? אויף זיינע לעקציעס האָבן מיר געשפּילט אין קאָרטן. ער וועט דאָך אויף די עקזאַמענס אונז ניט טאָן קיין שלעכטס.

מיינט איר, אפשר, אַז זיי קאָנען די פּוילישע קולטור? איז דאָס אויך פאַלש. די פּוילישע קולטור איז דורך און דורך אַ ענג־נאַציאָנאַלע, וואו די הייליגע מוטער שפּילט נאָך די ערשטע פידל, און דער אידישער יונגערמאַן האָסט די קול-

טור. ער באטראכט איר אויס דעם שטאנדפונקט פון נומערוס קלאאוזוס, פון דעם שטאנדפונקט וואס מען לאזט אים אלס איד ניט אריין אין אוניווערזיטעט. ער באטראכט זי אלס די, וואס לאזט אים ניט צו צו קיין שום ארבעט, אלס די, וואס פאראכטעט אים, וואס האסט אים. מיט אזא באציאונג צו א קולטור קען מען ניט ווערן קולטורעל, און ער איז א קולטורלאזער מענש. מוישע איז קעגן אים א למדן.

ביי די ארימע מאסן שטייגט די קולטורלאזיגקייט מיט א ווילדער שנעליגקייט. און אויב עס וועט אזוי ווייטער גיין, וועלן אין ענין פון קולטורלאזיגקייט די אידן פון דער אלטער היים איבערשטייגן ווייט די אמעריקאנער. צווישן דער דאזיגער קולטורלאזער מאסע שטייט די קליינע גרופע אינטעליגענטע אידישע ארבעטער, ווי א ווערדל אין א מדבר. נאר אויך זיי פארדרייט מען די קעפ מיט פראלע־טארישע קולטור און מיט גראפאמאניע.

איצט ווייטער און ווייטער. דאס בילד איז נאך ניט פארענדיגט. איצט קומען מיר צו דער אידישער געזעלשאפטלאכקייט, און דאס איז א שווידערלאכער קאפיטל. איך טייל דא אויס די אידישע ארבעטערשאפט, און איבערהויפט דעם „בונד", וועלכער שטייט ווי עפעס א ריינער, קלארער אויסנאם אין דער דאזיגער ריזיגער אידישער בירגערלאכער בלאטע. ווען איך זאל דאס גיין שילדערן, וואלט איך בעדארפט צען לאנגע ארטיקלען אנשרייבן, א בוך א גאנצן. עס איז גענוג צו לעזן די ציוניסטישע בירגערלאכע פרעסע, וואס זי שרייבט, וועגן די ארטאָ־דאקסן און די ארטאדאקסישע פרעסע, וואס זי שרייבט, וועגן די ציוניסטן. און ביידע זאגן אמת. ביידע שיטן מיט לעבעדיגע פאקטן. איך זאג אייך, אז א אידישער טעמעני האלניק פון ניו יארק דארף גיין פעטשערעס הייצן, דארף גיין די פיס וואשן ביי די פוילישע אידישע בירגערלאכע כלל טוער. ערשט דארט וועט ער זיך דערוויסן, וואס פאר אן עם הארץ ער איז אין ענין פון גרעפט, פון צביעות, פון קאריעריזם, פון דזשאב האלדעריי, פון שווינדל און נידערטרעכטיגקייט, פון פארקויפן פאר דרייסיג זילבער־שטיק די בלוטיגסטע אינטערעסן פון די אידישע מאסן. ווארים אויב דער טעמעני האלניק האט ביז איצט גע'גנב'עט פון א פולע שיסל, רייסן די דאזיגע ציוניסטישע און ארטאדאקסישע קהל־פירער ארויס דעם לעצטן ביסן ברויט פון די הונגעריגע מאסן. זיי פארקויפן די פוילישע אנטי־סעמיטן איינפאך די טרוקענע אידישע ביינער. אין דעם האבן די אידן פון דער אלטער היים שוין לאנג איבערגעיאגט די אמעריקאנער.

נו, איצט איז דאס בילד פארטיג. פארטיג און נאטור־געטריי. איצט לאמיר זען, ווער פון די צוויי אידנטומס איז שענער, בעסער, ערלאכער און קולטורעלער.

מיינט ניט, אז איך האלט די אמעריקאנער אידן פאר הייליגע און פון גאט־אויסדערוויילטע. א, זיכער ניין! נאר אין די אלע שלעכטע זייטן, וואס מען איז געוואוינט געווען צו פארשווארצן די אמעריקאנער אידן און ריין־וואשן די אידן פון דער אלטער היים, האבן שוין לאנג די אידן פון דער אלטער היים ווייט־ווייט איבערגעשטיגן די אמעריקאנער.

יעקב פאַט:

# איינדרוקן פון אַמעריקע

דער אידישער סאָציאַליסטישער פאַרבאַנד פייערט זיין צען־יאָריגן יובילעאום, און איר בעט מיך, איך זאָל זיך באַטייליגן אין אייער זאַמלבוך, וועלכן איר גייט אַרויסגעבן לכבוד דעם יובל. איר לייגט מיר אפילו פאָר וועגן וואָס איך זאָל שרייבן — וועגן מיינע „איינדרוקן פון אַמעריקע."

איך בין זיך מודה, אַז איך טו עס גערן. איך בין שוין באַלד צוויי יאָר ווייט פון מיינע „איינדרוקן פון אַמעריקע", און זען זעט מיר אויס די וויטקייט ניט פון צוויי יאָר, נאָר פון פיל מער. אַזוי אָנגעלאָדן און שווער און לאַנג זיינען דאָך אונזערע לעצטע יאָרן. אַ יאָר — ווי אַן אייביגקייט.

פונדעסטוועגן, אַז איך פאַרמאַך די אויגן, שווימט אַרויס אַ בילד פון אייער אַמעריקע, אַ צווייטס; אַ מענש, אַ צווייטער, אַ שטאָט, אַ פאַרזאַמלונג, אַ מיטינג, אַביסל אויפגעלויכטענע אויגן, אַביסל פרייד, אַביסל זאָרג, אַביסל האַרציגקייט... איך בין זיך מודה, אַז עס פאַרבענקט זיך אַמאָל.

נאָר מיר האָבן דאָך ניט קיין צייט אויף בענקשאַפטן, אויף זכרונות. אָט די פּאָר שעה, וואָס וועלן ביי מיר פאַרנעמען די „איינדרוקן פון אַמעריקע", וועלן געוויס זיין אַן אָפּפרישונג, אַ צוריקקומען פון פאַרשוואונדענע שעה'ן טעג. און, ווי געזאָגט, איך טו עס גערן, פון גאַנצן האַרצן.

* * *

חברים־פאַרזאַמלונגען, סאָציאַליסטישע פאַרזאַמלונגען, אַרבייטער רינג פאַרזאַמלונגען אין אַמעריקע. מאָדנע געדענק איך זיי און זיי שטייען לעבעדיג פאַר מיינע אויגן.

אויף איין פאַרזאַמלונג, למשל, האָב איך געזען דעם סאַמע בראשית פון דער באַגייסטערטער אידישער אַרבעטער באַוועגונג. אין איין צימער זיינען געזעסן די לעגענדן פון מינסק און פון לאָדז, פון סמאָרגאָן און קרינקי, פון פינסק און פון לובלין. אין פאַרלויף פון אַ דריי־צענדליג יאָר איז עס פאַרדעקט געוואָרן מיט שטויב פון דער געשיכטע, פאַרטרונקען געוואָרן אין תהום פון אַ דרייסיג יאָר לעבן צווישן סיביר און סאַן־פראַנציסקאָ. נאָר אָט דאָ, אויף דער סאָציאַליסטישער פאַרזאַמלונג, שפּעט אין דער נאַכט, אין ניו יאָרק אָדער שיקאַגאָ, איז עס אַרויסגעשוואומען, אַרויסגעקומען מיט אַ פּאָר יונגע, אָנגעצונדענע אויגן, מיט אַ שוואַרצן קאָפּ:

— „ווען איך בין קיין סיביר געגאַנגען..."

— „ווען מיר האָבן אים אָפּגעשלאָגן פון פינסקער טורמע..."

— „ווען איך האָב אַליין געשאָסן אויף די זשאַנדאַרן אין וואַלד..."

אָט געדענק איך, למשל, אַ פאַרזאַמלונג פון לאָדזער. אין האָל איז שטיל. די הונדערט מענשן פון דער פאַרזאַמלונג האָבן דאָ פּלוצלונג דערהערט די פערד־טריט פון די קאָזאַקן אויף פּעטריקאָווער גאַס, ווי זיי וואָלטן ווידער געשטאַנען

אויף די באַריקאַדן אויף גייער'ס מאַרק. אָט איז ווידער אויסגעוואַקסן דער קאָנ־סטאַנטינער וואַלד. אַ ווינט האָט אַ בלאָז געטאָן און די בוימער, די צווייגן האָבן זיך אַ טרייסל געטאָן. פון זיך אַליין ווערן אָנגעגאָסן די הענט מיט שטײפֿקייט. די אויגן רייסן זיך אויף. און אָט הייבט זיך אויף אַ מאַן מיט אַ גרויען קאָפּ און זאָגט מיט אַ גרויסער פרייד:

— „גענאָסען . . . סאָציאַליסטן . . . איך בין אינגער געוואָרן מיט פינף־און־צוואַנציק יאָר..."

און איך טראַכט מיר צווישן אַזוי: ווען זיי וואָלטן פאַרבליבן אין לאָדז, אָדער פינסק, וואָלטן זיי שוין געווען עלטערע אידן, אַרימע, דערשלאָגענע, טאַרבע־דיגע. ווער ווייס, אפשר וואָלטן זיי שוין איצט מנחה געדאַוונט, תהלים געזאָגט... „ווייס איך וואָס, מאַלע, וואָס אַמאָל איז געווען!"...

אונזער באַוועגונג אין פוילן באַשטייט דאָך מערסטנס פון יוגנט. יוגנט און יוגנט. די עלטערע ווערן אָוועקגעריסן דורכ'ן שווערן, פאַרמאַטערנדיגן, אָרימען לעבן. ווער צעשטויסן, דערשלאָגן פון דער נויט, פון דער שווערער גרויקייט פון טאָג: „ווייס איך דאָרט, חלומות, פאַנטאַזיעס..."

צווישן ניו יאָרק און סאַן־פראַנציסקאָ, צווישן די ריזיגע שעפער און פאַב־ריקן, צווישן עלעקטריע, מאַשינען און ראַדיאָ, איז געבליבן דער וואַלד פון הינטער פינסק, די לעגענדע פון מינסק, די באַריקאַדן פון לאָדז. איך וועל ניט פאַרגעסן אָט די אויסטערלישע פאַרזאַמלונגען.

* * *

— „ביי אונז אין אַמעריקע..."

איך האָב אין דער גאַנצער וועלט ניט געהערט, אַז מ'זאָל עס אַרויסזאָגן אַזוי, ווי איך האָב עס געהערט אַרויסזאָגן אין אַמעריקע. איך געדענק אַ גרויסע, אַ ריזיגע שניידער פאַרזאַמלונג אין ניו יאָרק, אַ פאַרזאַמלונג פון פּראָלעטאַריער פון אַ צענדליג פעלקער און אַ דריי ראַסעס, און אין מיטן אָט דעם ריזיגן שניידער־המון איז געזעסן מיט מיר אַ אידישער סאָציאַליסט און געזאָגט:

— „ביי אונז אין אַמעריקע..."

איך האָב געקוקט אויף אַמעריקע פון אָט דעם האָל, אויף דער אַמעריקע פון פּאַרטער, פון טריבונע, פון די באַלקאָנען, אויף די אידן, איטאַליענער און — שוואַרצע, און ביז היינט, אָט דאָ אין וואַרשע, קלינגט עס מיר נאָך:

— „ביי אונז אין אַמעריקע..."

איך דערמאָן זיך אויב מען קען אַזוי זיך אויסדריקן, דעם „סאָציאַליסטישן באַרג" הינטער לאָס אַנדזשעלעס. דאָרטן, וואו דער אידישער סאָציאַליסטישער פאַרבאַנד מיט דעם אַרבייטער רינג האָבן אויפגעבויט אָט די אָריגינעלע זומער־שטאָט. דעם קעמפּ, די עוועניו פון דעבס, און דעם פּלאַץ פון מעדעם, די סטריט פון קראַפּאָטקין און דעם בולוואַר פון פּרץ, די געביידע פון סינקלער און דאָס ווינקעלע פון יהואש, די זומער־ביידלעך און קינדער־געצעלטן. אָט דאָ אין סאַמע מיטן פון דער וואונדערבאַרער קאַליפאָרניע.

שטייט מיט מיר אַ ביאַליסטאָקער פּראָלעטאַריער, וואָס דרייסיג יאָר האָט ביי אים געדויערט דער וועג פון דער גרענעץ־ליניע גראַיעווע ביז דעם באַרג, וואָס

הינטער לאַס אנדזשעלעס — שטייט ער מיט מיר אויפ'ן קאָפּ פון אַט דעם באַרג, און רעדט מיט מיר אזוי:

— ביי אונז אין אמעריקע וועט דער סאָציאַליזם קומען, ער וועט זיכער קומען, ער וועט אפילו קומען האַרי־אַפּ...

איך בין געגאַנגען מיט אַ גוטן סאָציאַליסט איבער שיקאַגאָ. ער האָט מיר געוויזן די ריזיגע קווארטאַלן פון זיין שיקאַגאָ, זיין שיקאַגאָ, וועלכע ער האָט ליב, מיט וועלכער ער איז פאַרבונדן און דורכגעדרונגען, און ער זאָגט צו מיר אזוי:

— פאַר דער מלחמה איז דאָס געווען אונזער קווארטאַל...

— וואָס הייסט?

— דאָ האָט מען געשטימט סאָציאַליסטיש...

און דער שיקאַגאָ'ר פריינט זאגט עס מיר מיט אַ געפיל געמישט פון שטאָלץ און טרויער. שטאָלץ, וואס דער דיסטריקט האָט געשטימט סאָציאַליסטיש. טרויער, וואס היינט איז ניט אזוי.

און ער לערנט מיט מיר אזוי:

— אונזער אמעריקע איז אזא לאַנד, וואס אז זי נעמט זיך צו עפּעס, מאַכט זי עס אויף זיכער, און מאַכט עס שנעל...

— וואָס מיינט איר, גענאָסע?

— איך מיין, אז מיר וועלן נאָך דעם דיסטריקט צוריק געווינען...

— נו, און שיקאַגאָ וועט זיין אייערע?

— נו, יאָ, אונזערע, געוויס... ביי אונז אין אמעריקע...

אין קיין לאַנד האָב איך ניט געהערט, אז אידישע אַרבעטער זאָלן עס זאָגן אזוי זיכער, אזוי געזונט, ווי עס ווערט געזאָגט אין אמעריקע:

— נו, יאָ, ביי אונז אין אמעריקע...

* * *

צי ווילט זיך עס מיר, צי דוכט זיך עס מיר נאָר, אָבער, אַלץ איינס, אַזאַ איינדרוק האָב איך: אין אמעריקע גייט אַרום אַ דערוואַרטונג, אַ גרויסער ערב שבת...

איך האָב זיך געטראָפן מיט יוגנט, וואס שווער איז מיר געווען צו פאַר־שטיין זייער שפּראַך, און געוויס איז זיי גלייך שווער געווען מיך צו פאַרשטיין. איך האָב עס זייער באַדויערט, ווייל דער שליסל צו אַלע רעטענישן און דער סוף פון אַלע וועגן ליגט דאָך ביי זיי. אָבער דאָס וואס איך האָב פאַרשטאַנען אויף די יוגנט־פאַרזאַמלונגען אין ניו יאָרק און אַטלאַנטאַ, אין נעשוויל און אין דאַלאַס איז געווען:

— מיר וואַרטן אויף עפּעס גרויסעס...

איך געדענק אַ יוגנט־פאַרזאַמלונג, אויף וועלכער איך האָב דערציילט וועגן דער סאָציאַליסטישער יוגנט־באַוועגונג אין אייראָפּע. עס איז געווען גלייך נאָכ'ן אינטערנאַציאָנאַלן יוגנט־צוזאַמענפאַל אין ווין. האָב איך געבראַכט אַ גרוס פון דאָרטן.

אַ שטאָט, וואס איז רויט; אַ שטאָט, איבער וועלכער עס פלאַטערן הונדערט

טויזנט רויטע פענער און פּלאַטענדיגע פאַקלען. אַ שטאָט, איבער וועלכער עס מאַרשירט די יוגנט פון גאָר דער וועלט און שטורעמט מיט איר ליד.

איך האָב דערציילט וועגן נייעם מוט און נייעם גייסט, וועגן נייעם זין און ציל פון דער סאָציאַליסטישער יוגנט. צי דוכט זיך עס מיר נאָר?... — איך פיל איינס, אז די יוגנט־פאַרזאַמלונג האָט געפּלאַטערט, אַז האַרץ און מאַרך איז געווען אָפן, און אַלע האָבן געקוקט אויף זיך און אַרום זיך:

— נו, ווען מיר?...

אַ חבר'טע האָט מיך געפירט איבער קוואַרטאַלן פון שוואַרצע אין דער סאַוט. איבער ווייסע פּראָלעטאַריער־קוואַרטאַלן. זי האָט מיר דערציילט וועגן נויט פון אַמעריקע. זי האָט מיר דערציילט וועגן ברוטאַלע, בלוטיגע שלאַכטן אין די מיינער־ראַיאָנען.

אַ חבר האָט מיך געפירט איבער די בערג, פון וועלכע ראָקעפעלער'ס אויטאָמאַטישע פּאָמפּן שעפּן אויס אויל, און ער האָט מיר דערציילט וועגן ראָקעפעלער'ס לוין־שקלאַפן.

ווען איך בין געווען אין אַמעריקע האָט שוין אייער לאַנד אָנגעהויבן פיבערן מיט דער אַרבעטלאָזיגקייט־קדחת, און עס איז אין מיר אַלץ מער געוואַקסן דאָס געפיל:

— עס איז ערב אין אַמעריקע, עס איז בין־השמשות. עפּעס גרויסער דאַרף דאָ קומען אויף אָט דער ערד...

* * *

איך וואָלט אַזוי געצייכנט און פאַרצייכנט אָן אַ סוף די איינדרוקן פון אייער אַמעריקע. זיי שווימען אַרויס, ווי זעגל־שיפלעך אויף אַ פיש־פאַנג. נאָר לאָמיר זיי איבעררייסן. אפשר אַמאָל וועל איך זיך נאָך צו דעם אומקערן.

שוין באַלד צוויי יאָר, ווי עס ציט זיך די לויה פון אייער פּראָספּעריטי. די ברעד־ליינס, דאָס זיינען דאָך נאָר די טיילן פון דעם לויה־צוג. עס ווערט באַגלייט צו אייביגע רו דער חלום פון „אַרויפאַרבעטן זיך". דער אָפּגאָט פון אַמעריקע, — „איך וועל ווערן ראָקעפעלער" — איז דאָך שוין אונז צו לאַנגע יאָר.

אַזוי מעכטיג, אַזוי ריזיג, אַזוי רייך און געבענטשט איז אייער אַמעריקע. און אַזוי פיל ליגט אין אייערע הענט — אין די הענט פון אַמעריקאַ'ס אַרבעטער פאָלק. אין די קעלערן פון „אייער" וואָל סטריט ליגט דער גאַנצער שגעון און רויב פון דער וועלט. אין אייערע הערצער און הענט ליגט דער גאַנצער זין און דער גאַנצער תכלית — ליגט דער אָנקומענדיגער סאָציאַליסטישער מאָרגן.

און אָט אַ סאָציאַליסט, איינער פון מיליאָנען, האַלט געשפּאַנט זיין האַרץ און געהער און קוקט אַריבער צו אייך, צו יענער זייט אוקינוס, און פרעגט:

— שומר מה מלילה — ברידער, וואָס הערט זיך?.. ווי לאַנג נאָך?...